## אַ דאַנק — און ווען ער קומט...

מיר דרוקען דאָ ווייטער אַ בריוו, איינעם פון אַ גאַר גרויסער צאָל, פון אַ ליינער צום מחבר. דער בריוו איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם דורכשניט בריוו, וועלכע האַלטען אין איין אָנקומען, צווישען זיי פון רבנים, לומדים, געלערנטע, וועגען ערשטען טייל פונ׳ם בוך, אויף חומש בראשית.

דאָס בוך איז, פאַרשטייט זיך, אַנדערש פון די סדרה־אויסטייטשונגען, וואָס איך דרוק זייט 1951 אין „טאָג־מאָרגען זשורנאַל״. וואָרים זיי זיינען דאָ איבער־רעדאַגירט געוואָרען און נייע אויסטייטשונגען זענען צוגעגעבען.

דער דאַנק פון די ליינער, און מיינער, קומט דעם מענשען, וועלכער האָט מיך ממש געטריבען צוצוגרייטען דאָס בוך, און עס אַרויסגעגעבען און פאַרשפרייט. דאָס איז דער באַקאַנטער אויפריכטיגער טוער פאַר תורה, פאַר ישראל און פאַר יעדער אידישער זאַך מר. משה (מאָריס) בראַפמאַן, וועלכער האָט פיל מי און צייט געווידמעט דעם דערמוטיגען און אַרויסגעבען דאָס ספר.

דער מחבר

---

## אַ בריוו פון אַ לייענער וואָס איז אַ מוסטער פון אַ סך

„זייט איר האָט אָנגעהויבען צו שרייבען יעדען פרייטאָג „די סדרה פון דער וואָך״, פריער אין „טאָג״, און דאַן אין „טאָג־מאָרגען זשורנאַל״, האָב איך נאָך נישט פאַרפעלט עס צו ליינען. אייערע אויסטייטשונגען פאַרשאַפען מיר אַ באמת גייסטיג פאַרגעניגען, אַ ביישטייער צום עונג שבת. און דאָס נישט בלויז צוליב אייער קלאָרע באַלייכטונג וועגען אינהאַלט און מיין פון דער סדרה, נאָר אויך ווייל איר פלעגט צוזאַמען די סדרה מיט די היינטיגע געשעענישען, און איר ווענדעט אָן די אייביגע אמת׳ן פון דער תורה אויף דעם היינט, ווייל איר מאַכט די למודים צייטליך, אַקטועל. און ווייל איר זאָגט שטענדיג עפּיס נייעס, און איר באַלייכט טיפע ענינים לייכט און צוגענגליך פאַר יעדען״.

פנחס דאָמבראָווסקי

טאָראָנטאָ, קענעדע

דר. הלל זיידמאן

# די סדרה פון דער וואָך

מיט צייט־בליק אויסטייטשונגען

צווייטער באַנד: אויף חומש שמות

בעל הארבאָר פּאָבלישינג קאָ.

ניו יורק, תשכ״ו

אַנשטאָט אַ הקדמה, צי הסכמה, פאַרעפענטליך איך דאָ דריי פון די בריוו, געשריבען צו מיר, פון דריי גדולי התורה, פון די גרעסטע אין דור, וועגען מיינע כלל־טעטיגקייטען און וועגען מיין שרייבען. די דאָזיגע בריוו זענען אויך היסטאָרישע דאָקומענטען פאַר זיך.

דער בריוו פונ׳ם „חפץ חיים״ זצ״ל דריקט אויס אַנערקענונג פאַר מיין אויספירען זיינס אַ שליחות. דער בריוו איז צו מיר געבראַכט געוואָרען פערזענליך, אַלס פאָליטישען סעקרעטאַר פון די דעפוטאַטען אין פוילישען פאַרלאַמענט, דורך אַ תלמיד מובהק פונ׳ם „חפץ חיים״, הרה״ג ר׳ יצחק פופקא, שליט״א, איצט רב אין בראָנזוויל, ברוקלין, אין צוזאַמענהאַנג מיט מיינע השתדלות׳ן אויפ׳ן פאַרלאַנג פונ׳ם צדיק, פאַר אַ וויזע פאַר׳ן רב פון פתח תקווה, אַ סאָוויעטישער בירגער.

דער בריוו פון הגאון רבי חיים עוזר גראָדזענסקי, זצ״ל, איז געשריבען געוואָרען צו מיר אַלס אַנערקענונג, ווי ער שרייבט, „פאַר אייער שרייבערישער אַרבעט בכלל און וועגען דער כשר׳ער שחיטה בפרט, — און איר האָט מקדש השם געווען ברבים״, ווי אויך אַלס דערמוטיגונג פאַר אָפּשלאָגן אַנדערע אַנטיסעמיטישע אַטאַקעס דורך מיינע ביכער.

דער דאָזיגער בריוו פון 1937 איז געווענדעט צו מיר אַלס דירעקטאָר פונ׳ם פאַראייניגטען קאָמיטעט (וועלכער האָט אַרומגענומען אַלע אידישע פּאַרטייען, פון דער אגודת ישראל ביז דעם „בונד״, מיט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אינדערמיטן) צו פאַרטיידיגען די כשר׳ע שחיטה און געגען אַנטיסעמיטישע אַטאַקעס בכלל.

דער בריוו פונ׳ם גערער רבי׳ן, מרן האדמו״ר ר׳ אברהם מרדכי אַלטער, זצ״ל, איז געשריבען געוואָרען צו מיר ערב יום כפור, תש״ו, 1946, נאָך דעם חורבן, קיין פאַריז, וואו איך בין געווען טעטיג פאַר הילף פאַר׳ן שארית הפליטה און פאַר אומלעגאַלער עליה קיין ארץ ישראל.

בנוגע די ערשטע צוויי בריוו, וועט מען זיך אוודאי וואונדערן ווי אַזוי האָב איך באַוויזען אין דייטשען לאַגער, — וואו כ׳בין געווען און פון וואַנען כ׳בין אַנטרינען, — זיי אָפּצוראַטעווען. איז דער ענטפער: זיי, די ברכות אין זיי, האָבען מ י ך געראַטעוועט. איך האָב, נעמליך, זיי געהיט אין די געפערליכסטע אומשטענדען אונטערן דייטש, ימ״ש, אַלס שמירה.

זאָלען די ברכות פון די צדיקי הדור באַגלייטען מיין משפחה, מיינע ליבע פרוי שרה, (בת הרה״ג ר׳ צבי יעקב אבראהאם, שליט״א), אונזערע קינדער רחל־רחמה, חיה־מרים, אברהם־משה און שיינדעלע־נעמי, און מיך, ווי אויך, — אין הייליגען לשון פון גערער רבי׳ן, „זאָלען געשטאַרקט ווערען אייערע הענט — און פון די אַלע וואָס העלפען דיר״.

**הלל זיידמאַן**

# בריוו פונ'ם גערער רבי'ן
# האדמו"ר ר' אברהם מרדכי אַלטער, זצ"ל

[illegible] ר' הלל זיידמאן [illegible]
[illegible]
[illegible]
[illegible] אברהם [illegible]

[illegible]
[illegible]

(איבערזעצונג)

ערב יום הכפור תש"ז (1946)

אויך איך באַגריס מיין פריינט ר' הלל זיידמאַן שליט"א און איך זאָג צו אייך אַלע: זאָלען געשטאַרקט ווערען אייערע הענט. אייער פריינט וואָס גריסט דיך און אַלע וואָס העלפען דיר.

**אברהם מרדכי אַלטער**

# בריוו פונ'ם „חפץ חיים" זצ"ל

RABIN
ISRAEL MEIER KAGAN
RADUŃ, z. Wileńska
(Poland).

ב"ה. יום כה לחדש סיון תרצ"ב

ישראל מאיר הכהן
מח"ס
„חפץ חיים" ו„משנה ברורה"
ראדין, פלך ווילנא.




(איבערזעצונג)

ב"ה, כ"ה סיון, תרצ"ב (1932)

צום טייערן רבני און אויסגעצייכענטען מאן
פון ענערגיע און פון פיל טעטיגקייטען פאר
תורה און פאר'ן כלל ר' הלל זיידמאן, נ"י.

איך דריק אוים צו אייך מיין טיפען דאנק פאר אייער השתדלות'ן און פילע באמיאונגען פאר מיין מחותן דעם רב פון פתח תקוה, שליט"א, וואס איר האט זיך נישט צוריקגעהאלטען פון קיין שום באמיאונגען ביי די מיניסטארען, אז זיי זאלען אים געבען אן ערלויבעניש אריינצוקומען אין אונזער לאנד. זאל ג־ט אייך דאס געדענקען צו גוטען, און דער זכות פון דעם גרויסען חסד זאל אייך ביישטייען אין אלע אייערע ענינים, און איר זאלט זוכה זיין צו פארגרעסערען דעם זייל פון חסד אין דער וועלט און טאן גוטס פאר אלע אונזערע ברידער ובפרט מיט די תורה־לערנער, —

ווי ס'איז דער פארלאנג פון אייער הארץ און פון מיר וואס איך פארער אייך און ווינש אייך אלעס גוטס.

(גע'חתמ'עט): ישראל מאיר הכהן

(סטעמפעל): ישראל מאיר הכהן פון ראדין,
מחבר פון ספר „חפץ חיים"
און „משנה ברורה".

# בריוו פון הגאון רבי חיים עוזר גראָדזענסקי, זצ"ל פון ווילנע

חיים עוזר גראָדזענסקי
ווילנא

RABIN
CH.O. GRODZIEŃSKI
WILNO

[illegible]

[illegible]

(איבערזעצונג)

בעז"ה, בין המצרים, ח"י תמוז תרצ"ז (1937)

זאָל זען אין נחמה, אין ג-ט'ס שטאָט, לכבוד
מיין געערטען און געהויבענעם פריינט, דער
אויסגעצייכענטער שרייבער, מו"ה הלל
זיידמאַן הי"ו, זאָל זיין געבענטשט פון ג-ט.

אייער חשוב'ען בריוו האָב איך באַקומען, און וועלכער איר האָט מיך געלאָזט וויסען, אַז איר האָט פאַרטיג געמאַכט אַן ארבעט נעגען די אָנגריפען און בלבולים פון די אנטיסעמיטען, וועלכע זענען איצט באַנייט געוואָרען נעגען אונזער הייליגען דת און תלמוד וועגען דער שבועה, וועלכע זענען ארויסגענומען געוואָרען פון די פּאַשקווילען פון אונזערע בלוטיגע שונאים פון די פריערדיגע דורות. זייערע אַלע כוונות צילען צו דערנידריגען און מבזה זיין דאָס אידישע פאָלק און זיין תורה. געוויס איז זייער נויטיג צו פאַרעפענטליכען אַ פּאַסיגען ענטפער און קלאָרמאַכען זייערע שקרים און פעלשונגען. און איר זענט דאָך אַנערקענט אַלס מומחה מיט אייער שרייבערישער ארבעט בכלל און וועגען דער שחיטה בפרט, וואָס איר האָט אויפגעוויזען זייער עם הארצות און פעלשונגען, און אַז זיי צילען בלויז אונטערצוגראָבען די עקאָנאָמישע פונדאַמענטען פון אידען און אויסהונגערן צענער טויזענטער פון אונזערע ברידער, ווי זיי האָבען אַליין עפענטליך צוגעגעבען. אויך איצט וועט איר געוויס ארויסגעבען אַ פּאַסיגע זאַך כדי צו פאַרטיידיגען מיט קלאָרע און אָפענע רייד דעם כבוד פון דער תורה און פון די אידען ווי איר האָט מקדש השם געווען ברבים. און זאָל ג-ט זיין מיט אייך און איר זאָלט מצליח זיין ארויסצוגעבען אייער ווערק, און זאָל ג-ט פאַרשטערן די מחשבות פון אונזערע פיינט און זאָל אונז ארויסברענגען פון פינסטערניש צו ליכט, און פון ענגשאַפט צו הרחבה, און זאָל ג-ט אונז איינגיכען דערהויבען און העלפען ווי ס'בעטען די וואָס זענען באַזאָרגט מיט האָפענונג.

אייער פאַרערער וואָס באַגריסט אייך און בענטשט אייך מיט ברכת התורה,

**חיים עוזר**




וואָס ליגט אין אַ נאָמען ?

**ואלה** שמות — „און דאָס זענען די נעמען".

אויב דאָס צווייטע ספר פון חומש, דאָס ספר פון פאַרקנעכטונג און באַ־פרייאונג, הייסט נישט „גלות" אָדער „גאולה", נאָר „נעמען", שמות — מוז דאָך עפּעס ליגען אין נעמען, בפרט אין ד י נעמען („וואָט איז אין עי נעים", הייסט עס אויף ענגליש).

האָבען דאָך די חז"ל אויך אָנגעוויזען אויף נעמען אַלס איינער פון די פאַקטאָרען פון גאולה. „צוליב דריי זאַכען זענען זיי אויסגעלייזט געוואָרען... ווייל זיי האָבען נישט געענדערט זייערע נעמען". שלא שינו את שמם (מכילתא ק"ח, פרשת בא).

אויב אַזוי, וואָס ליגט אין די נעמען ?

אַ נאָמען איז אַ טייל פון דער מענשליכער פּערזענליכקייט. אַ נאָמען קען אויך זיין פאַר אַ פאָלק אַ סיגנאַל, אַ לאָזונג, אַ רוף. און דאָס זענען געווען, דאָס זענען ג ע װ ו אָ ר ע ן, די נעמען פון די שבטים ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען דער גלות.

וואָרים אַ מערקווירדיגע דערשיינונג זעען מיר דאָ. די תורה גיט דאָך אָן געגנוי די טעמים פון יעדען פון די נעמען פון די שבטים בעת זייער ג ע ב ו י ר ע ן ווערען. מיר לייענען דאָך אין פרשת ויצא: „און זי (לאה) האָט גערופען זיין נאָמען ראובן, ווייל זי האָט געזאָגט: ווייל ג־ט האָט געזען מיין פיין"... כי ראה ה' בעניי... (בראשית כ"ט, כ"ב). און אַזוי ביי אַלע שבטים.

דאָ אָבער, אין שמות, גיט דער מדרש ווידער טעמים צו די נעמען, אָבער גאַנץ אַ נ ד ע ר ע טעמים. דער מדרש זאָגט דאָ: „אויפ'ן נאָמען פון דער

אויסלייזונג פון די אידען זענען די נעמען דאָ דערמאָנט געוואָרען". על שם גאולת ישראל נזכרו כאן.

„יוסף — אויף דעם, וואָס ג־ט וועט ווידער אויסלייזען די אידען פון מלכות הרשעה, ווי ער האָט זיי אויסגעלייזט פון מצרים. שעתיד הקדוש ברוך הוא להוסיף ולגאול את ישראל מן מלכות הרשעה, כשם שגאל אותם ממצרים, ככתוב: והיה ביום ההוא יוסיף ה׳ שנית ידו וגו׳ (ישעיה י״א)".

וואָס זעען מיר דאָ? די זעלבע נעמען, וואָס פריער, אין נאָרמאַלע צייטען, האָבען זיי געהאָט אַ פּריוואַטען זין, באַקומען איצט, אין גלות, אַ כלל־מיין.

ניט מער קיין נאָמען נאָך אַ יחידישער געשעעניש, נאָר אַן אויס־דרוק פון פּאַסירונגען מיט׳ן פאָלק. ניט מער כי ראה ה׳ בעניי, „ווייל געזען האָט ג־ט מיין פּיין", ווי לאה האָט אָנגעגעבען דעם טעם פון רופען איר בכור ראו־בן, נאָר — ראה ראיתי את עני עמי, „געזען האָב איך די פּיין פון מיין פאָלק".

יוסף איז ניט מער אַ נאָמען, ווי רחל האָט אים גערופען, „יוסף לי ה׳ בן אחר, „זאָל ג־ט מיר צוגעבען נאָך אַ זון" (בראשית ל׳, כ״ד), נאָר — יוסיף ה׳ שנית את ידו... „ג־ט וועט צום צווייטען מאָל ווידער אויסלייזען"...

דער נאָמען איז דאָ מער ווי אַ נאָמען, דאָס איז אַ געשריי אין דער נאַכט! דאָס איז אַן אַלאַרם!

דאָס איז אויך אַן אָפּגערעדטער צייכען, אַ מין געהיימער „קאָוד", וואָס בלויז די אידען קענען אַנטפּלעקען איר געהיימע שפּראַך. ווען אידען אין מצרים הערן „ראובן", זעען זיי אין אָט דעם נאָמען אַ סיגנאַל פון גאולה: ראה ראיתי... ג־ט זעט אייער פּיין... דעריבער — קומען וועט די ישועה!

ווען אידען הערן „שמעון" — הערן זיי, אַז ג־ט הערט זייער געשריי: וישמע ה׳ את נאקתם... „געהערט האָט ג־ט זייער געשריי".

זיי זעען אויך אַן אָנווייזונג, אַז מען דאַרף שרייען! אַז מען טאָר נישט שלום מאַכען, דורך שווייגען און פאַרשווייגען, מיט רדיפות. וואו און ווען אידען ווערען גע׳רודפ׳ט, ווי היינט אין רוסלאַנד, שרייט, פּראָ־טעסטירט, דעמאָנסטרירט!

דער מדרש דערהערט אין די נעמען די דערמוטיגונג: זייט זיך ניט מיאש! די לאָזונג: איבערהאַלטען, אויסדויערן — די ישועה קומט!

אַזוי איז „יוסף" אַ געטליכע הבטחה אויף גאולה, ניט בלויז פון גלות מצרים, נאָר פון יעדען גלות, יוסיף ה׳ שנית... ווי דער מדרש זאָגט, ג־ט וועט אויסלייזען אויך פון אַנדערע גלות׳ן.

אבער די ענדערונג איז פארגעקומען ניט בלויז אין די נ ע מ ע ן, נאר אויך אין די מ ע נ ט ש ע ן, וואס האבן געטראגן די נעמען.

פריער, אין נארמאלע צייטן, זענען זיי געווען, אזוי צו זאגן, „פריי־וואטע״, י ח י ד י ם. ווען עס האט זיך אבער אנגעהויבן דער גלות, האבן זיי געטראגן, און באווירקט, דעם גורל פונ׳ם פ א ל ק. אין אזעלכע צייטן פאלן אוועק יחיד׳ישע אינטערעסן — דער יחיד גייט־אויף אין פאלק.

### אויך דער מהות ווערט אנדערש

די נעמען פון די שבטים, וואס ווערן אויסגערעכנט ווידער אמאל אין אנהויב פון שמות, שפיגלען אפ נישט בלויז דעם מ ה ו ת פון יעדן פון די שבטים, נאר אויך דעם מ צ ב, אין וועלכן זיי געפינען זיך אין דער געגעבענער צייט, און וואס ענדערט זיך, און ענדערט אויך דעם מהות. דאס שפיגעלט זיך אפ אין דעם סימבאליזם פון זייערע נעמען.

אנדערש זענען געווען די שבטים אין ארץ ישראל און אנדערש אין גלות.

ראובן — וואס, לכתחילה, בעת לאה האט אים דעם נאמען געגעבן, האט עס געמיינט כי ראה ה׳ בעניי — האט איצט, אין גלות מצרים, געמיינט, ווי דער מדרש רבה זאגט אין שמות, ראה ראיתי את עני עמי.

שמעון, וואס האט פריער געמיינט פאר לאה׳ן: כי שמע ה׳ כי שנואה אני, האט איצט געמיינט כי שמע ה׳ את נאקתם.

לוי, וואס האט פריער אנגעדייט: הפעם ילוה אישי אלי, האט איצט געמיינט: על שם שנתחבר הקב״ה לצרתם א. אז. וו.

וואס לערנט עס? אז ווען דער מצב ווערט אנדערש, קומען־אויף אין די ז ע ל ב ע מענשען א נ ד ע ר ע כוחות. די געענדערטע סיטואציע מאכט אויפוואכן דרימלענדיגע כוחות, פאטענציעלע אייגענשאפטן, וואס ווירקן בפרט אין שווערע באדינגונגען. די נעמען פון די שבטים אין גלות אנטהאלטן אין זיך אנדערע מיינען, אנדערע מעגליכקייטן און אנדערע פאקטארן, ווי זיי האבן אנטהאלטן אין ארץ ישראל. שווערע באדינגונגען, צייטן פון קריזיס, ברענגען ארויס נייע אנשטרענגונגען ביי די זעלבע יחידים.

לערנען די נעמען צוויי לימודים: ערשטענס, אז כלל ישראל איז נישט קיין פארבלאזער קאלעקטיוו, נישט קיין מאנאטאנישע איינהייטליכע מאסע, נאר דער צוזאמענעם פון א י נ ד י ו ו י ד ו ע ל ע אייגנטימליכקייטן, פון

יחיד׳ישע אייגנשאַפטען, מיט אייגענע נעמען, וואָס סומירען זיך צו אַ גרויסען צ י ב ו ר, און צו גרויסע ציבור׳דיגע ט אַ ט ע ן. דאָס סימבאַליזירען די נעמען מיט באַזונדערע באַדייטונגען.

צוווייטענס, די זעלבע יחידים, און זייערע נעמען, וואָס שפיגלען אָפּ זייער מהות, באַקומען אַן אַנדערן אינהאַלט אין געענדערטע באַדינגונגען. ראובן אין גלות איז נישט מער דער „פּריוואַטער" בכור לאה׳ס, נאָר ער אַנטהאַלט אין זיך די געטליכע זעאונג פון די אידען׳ס פּיין, ראה ראיתי את עני עמי. יוסף איז דער אַנזאָג פון אויסלייזונג אין דער צוקונפט.

וועגען דעם באַטייט פון נאָמען לערנען מיר אויך ווייטער אין דער זעלבער פרשה. פרעה גיט אַרויס אַ גזירה צו הרג׳ענען יעדעס ניי־געבוירען אידיש אינגעל. אם בן הוא והמיתן אותו (שמות א׳, ט״ז). אָבער איידער ער האָט אַרויסגעגעבען די דאָזיגע גרויזאַמע גזירה האָט ער צוערשט געענדערט די נעמען פון די הייבאַמס, וואָס האָבען די גזירה געדאַרפט אויספירען, ווי רש״י זאָגט: שפרה האָט, אייגענטליך געהייסען פריער יוכבד, און פּועה האָט גאָר געהייסען מרים.

וואָס איז געווען דער צוועק פון דעם ענדערן די נעמען? פרעה האָט געוואוסט: ווי קען אַ אידישע פרוי מיט׳ן נאָמען יוכבד, צי מרים, באַגיין אַזאַ מורא׳דיג פאַרברעכען, צו הרג׳ענען אַ הילפלאָזן, שוואַך, נאָר־וואָס געבוירען קינד! (דאָס האָבען געקענט בלויז די „קולטורעלע" דייטשען!). האָט ער קודם כל געענדערט זייער נאָמען. ענדערענדיג זייער נאָמען, האָט ער געמיינט, ענדערט ער זייער כ אַ ר אַ ק ט ע ר.

אָבער ער האָט געהאַט אַ טעות. די אידישע פרוי האָט איר וועזען ניט געענדערט — אפילו ניט אונטער אַ געענדערטען, מצרישען, נאָמען. פאַרקערט, איר נייער נאָמען, „פּועה", איז געוואָרען אַ וויי־געשריי, אַ וואָרענונג! ווי רש״י זאָגט: לשון צעקה, שטיצענדיג זיך אויפ׳ן פסוק אין ישעיה (מ״ב): כיולדה אֶ פ ע ה — „ווי אַ געווינערין וועל איך שרייען!" מיר זעען דאָס אויך פריער, ווען פרעה האָט זיך באַגעגענט מיט יוסף׳ן, איז די ערשטע זאַך, וואָס ער האָט געטאָן — געענדערט זיין נאָמען:

ויקרא פרעה שם יוסף צפנת פענח — „און פרעה האָט גערופען דעם נאָמען פון יוסף׳ן צפנת פענח (בראשית מ״א, מ״ה). אָבער דאָס איז דאָס א י י נ צ י ג ע מאָל, וואָס מיר געפינען אָט דעם נאָמען. פרעה׳ס נאָמען האָט זיך נישט אָנגענומען. יוסף בלייבט יוסף.

זעען מיר פון פרעה׳ס ענדערונגען פון די נעמען, צי פון יוסף׳ן, צי שפעטער פון די הייבאַמס, שפרה און פועה, וואָסער ווערט־פולער מיין און זין עס ליגט אין נאָמען. (שרה זיידמאַן, אין „די אידישע היים״ פון נשי ובנות חב״ד, אדר, תשכ״ד).

וועגען נאָך אַ טיפערן מיין פון נאָמען, אין גאַר הויכען באַגריף, לערנען מיר אין דער היינטיגער סדרה פון דער ערשטער אַנטפּלעקונג פון ג־ט צו משה רבנו. משה האָט דעמאָלט געפרעגט: ואמרו לי: מה שמו? מה אומר אליהם? — „און זיי (די אידען) וועלען זאָגען צו מיר: וואָס איז זיין נאָמען? וואָס זאָל איך זאָגען צו זיי?״ (שמות ג׳, י״ג).

אויך אין דער צווייטער פראַגע משה׳ס, וועגען געטליכען וועזען, אין כי תשא, ווען משה רבנו בעט „לאָמיך דיך וויסען״, ואדעך, לערנען מיר: ואתה אמרת, ידעתיך ב ש ם — „און דו האָסט געזאָגט: איך האָב דיך דער־קענט מיט׳ן נאָמען״. און ווייטער: ואדעך בשם (שמות ל״ג, י״ב, י״ז).

צוריקקומענדיג צו מענשליכע באַגריפען, דאַרף דאָ דערמאָנט ווערען דער פסוק: טוב שם משמן טוב — „עס איז בעסער אַ נאָמען איידער גוטער בוימעל״ (קהלת ז׳, א׳).

דער פאַרגלייך דאָ פון „שם״ מיט „שמן״ איז מער ווי די שפּראַכליכע ענליכקייט פון די צוויי ווערטער. מען קען דאָ אויך זען פאָלגענדען מיין:

„שם״, דער גוטער נאָמען פון אַ מענשען, זיין רעפּוטאַציע, איז אַ באַזיץ, וואָס ער אַליין האָט זיך דערוואָרבען, מיט אייגענער פלייס און מי, מיט גוט־אויסגענוצטער פעאיגקייט און טאַלאַנט, מיט מעשים טובים און מידות טובות.

„שמן״ איז דאָס, וואָס אַנדערע „שמירען״ אים, זאַלבען אים, הייבען אים, אָפט מיט ניט־פאַרדינטע שבחים און איבערגעטריבענער חניפה. וויפיל מאָל זעען מיר ווי מען „זאַלבט״ איינעם מיט „גרויסקייט״ אַזוי פיל און אַזוי וויט, אַז ער באַקומט אַ גרויסקייט־מאַניע, אַז ער גלויבט אַליין אין דעם „שמן טוב״, און — מאַכט צרות...

קהלת וואָרענט דעריבער, ניט צו פאַרוואַנדלען אַ שם טוב אין אַ שמן טוב.

סומירענדיג — עס ליגט אַ טיפער מיין און אַ גרויסער כוח אין אַ נאָמען.

וי אַזוי צו לעבען אין דער פרעמד?

אין סאַמע אָנהויב פון דער סדרה, און פונ'ם גאַנצן ספר שמות, ווערן מיר געשטעלט פאַר'ן פּראָבלעם „דער איד אין אַ פרעמדער וועלט".

נאָך איידער מצרים איז געוואָרען אַ גלות פאַר אידען, נאָך איידער ס'האָט זיך אָנגעהויבען דער שעבוד, די פאַרשקלאַפונג, איז אויפגעקומען די פראַגע: ווי אַזוי צו לעבען אין אַ פרעמד לאַנד? זיך איינגלידערן אָדער אָפּזונדערן?

„און דאָס זיינען די נעמען פון די קינדער פון ישראל, וואָס קומען קיין מצרים"... הויבט זיך אָן די סדרה. ואלה שמות בני ישראל הבאים מצרימה... טייל מדרשים שטעלען זיך אָפּ אויף דעם וואָרט „הבאים", אין לשון הווה, געגענוואַרט: ס'האָט דאָך געדאַרפט שטיין „אשר באו מצרימה", וואָס זיינען געקומען קיין מצרים, און נישט וואָס קומען?

איז דער ענטפער: זיי זיינען שטענדיג געווען ווי אָקאָרשט געקו־מענע. אַפילו נאָך לאַנגע יאָרען האָבען זיי נישט אויפגעהערט צו זיין ערשט־געקומענע, פרעמדע, „גרינע". ווייל זיי האָבען זיך נישט צוגעפּאַסט צום נייעם לאַנד, האָבען נישט שלום געמאַכט מיט דער פרעמדקייט — זיינען זיי געבליבען פרעמדע.

קומט אויס, אַז שוין אין ערשטען פסוק ווערט אָנגעצייכענט דער קערן פון גאולה, פון צוריקקום קיין ארץ ישראל.

וואָרים דאָס שטענדיגע ווענדען דעם בליק אויף צוריק, אויף דעם אויסגאַנג־פונקט, צו דער אייגענער היים, אָט דאָס איז אַ יסוד פון גאולה.

ווי ס'האָט געזאָגט דער לאָמאַזער רבי, הי"ד, אַן אייניקעל פונ'ם קאָצקער רבי'ן זצ"ל, אין אָנהויב פון דער הפטרה קענען מיר געפינען אַן אָנדייטונג דאַרויף. די הפטרה אין ישעי' כ"ז, הויבט זיך אָן „הבאים ישרש יעקב"; קען מען זאָגען „הבאים", צוליב דעם וואָס זיי זיינען געווען „באים" ערשט־געקומענע, ווייל זיי האָבען זיך געהאַלטען ווי זיי וואָלטען נאָר וואָס אָנגעקומען, איז ישרש יעקב, האָבען זיי זיך איינגעוואָרצעלט אין יעקב'ן, אין מקור מחצבתם.

אָבער נישט אַלע זיינען געווען „באים". ס'שטייט ווייטער טאַקע אין זעלבען ערשטען פסוק: איש וביתו באו, יעדער מאַן און זיין הויז־געזינד זיינען געקומען. דאָס הייסט, אַז דאָס הויז־געזינד, די קינדער, די צווייטע גענעראַציע, זיינען שוין געווען געקומענע, פון לאַנג געקומענע;

זיי זיינען שוין געווען „געסטעלטע", איינגעזעסענע, „היגע". (הרב שמואל יעקב רובינשטיין ז"ל, אין „שארית מנחם", פאַריז, תשי"ד. הרב רובינשטיין, ז"ל, גופא, זייענדיג אין פאַריז יאָרען איז געבליבען שטענדיג אַ ביאַלער למדן און לאַמאַזער חסיד; און זיינע קינדער זיינען אויך געבליבען טרייע אידען).

ווי מיר האָבען עס אַרויסגעבראַכט אין דער פריערדיגער סדרה, ויחי, „ויאחזו בה", וואָס לויט מדרשים מיינט עס, אַז דאָס לאַנד האָט שוין זיי געהאַלטען, און דעריבער האָט זיך אָנגעהויבען דאָס גלות, און די פרשה סתומה.

דאָס איז דער פּראָבלעם אויך פונ'ם אַמעריקאַנער אידענטום, אין וועלכען די צווייטע גענעראַציע וויל נישט מער וויסען פון פרעמדקייט און — פונ'ם אויסגאַנג־פּונקט, און אויך פון די אַלע יהדות־פראַגען מיט וועלכע ס'איז באַלאַדען די ערשטע גענעראַציע. די פּראָבלעמען וואָס מאַ־טערן די אָרטאָדאָקסישע אידען, אַרען זיי נישט...

דאָס איז דער אונטערשייד צווישען „הבאים", צווישען די וואָס לעבען אין אידישקייט, אין אַן אייגענער גייסטיגער היים, אין אַ מין עקסטעריטאָריאַלען שטח, און צווישען די וואָס האָבען זיך „אינטעגרירט", — פריער האָט מען עס אָנגערופען אַסימילירט, — אָדער שטרעבען דערצו. די וואָס האָבען זיך באַפרייט פון „געטאָ" — וואָס ס'איז פאַר זיי דער מקור און סימבאָל פונ'ם אַלעם בייזען.

אָט די דורכאויס נעגאַטיווע אָפּשאַצונג פון „געטאָ", וועלכע האָט נאָך צובאַקומען אַ גוטע באַגרינדונג אין אונזער צייט צוליב די געטאָס אונטער די דייטשען, ימ"ש, (וואָס זיינען געווען ענליך צו די פריערדיגע געטאָס בלויז אין נאָמען; די „געטאָס" אונטער'ן דייטש זיינען באמת געווען ברענענדיגע תפיסות מיט'ן צוועק צונויפצונעמען אַלע אידען כדי אויס־צו'הרג'ענען!). די דאָזיגע אָפּשאַצונג איז אָבער נישט קיין גענויע און היסטאָריש־באַגרינדעטע. אידען האָבען אויך געבויט דאָס געטאָ פון אינעווייניג אין פריערדיגע יאָרען אַלס שוץ־וואַנט.

פרעה, ווען ער האָט פאַרבעטען יעקב'ן און די קינדער קיין מצרים, האָט ער זיי פאַרגעשלאָגען זיי זאָלען זיך צעשפּרייטען: קחו את אביכם ובתיכם ובואו אלי, ואתנה לכם את טוב ארץ מצרים, „נעמט אייער פאָטער און אייער הויז־געזינד, און קומט צו מיר, און איך וועל

איך געבען דאָס גוטע פונ׳ם לאַנד מצרים״. ער האָט זיי פאַרגעשלאָגען זיי זאָלען וואוינען איבער׳ן גאַנצען לאַנד, אין די בעסטע ערטער.

אָבער יוסף האָט אַנדערש געהאַלטען. ער האָט געוואָלט, אַז די משפחות פון יעקב׳ן און די שבטים, זאָלען זיך האַלטען צוזאַמען און — באַזונדער. ער האָט געלאָזט וויסען יעקב׳ן: שמני אלוקים לאדון לכל מצרים, „ג־ט האָט מיך געמאַכט פאַר אַ האַר איבער׳ן גאַנצען לאַנד מצרים״, ד. ה. איך בין בכוח אייך צו באַזעצען אין פאַרשיידענע שטעט פונ׳ם לאַנד, אָבער — וישבת בארץ גושן וגו׳, אתה ובניך ובני בניך וגו׳, יוסף האָט געוואָלט זיי זאָלען וואוינען אַלע צוזאַמען אין אַ באַשטימטען טייל פונ׳ם לאַנד, אין אידישע „סעקשאַנס״.

און ער האָט דאָס באַגרינדעט מיט׳ן קאָנפליקט, מיט׳ן אייביגען קאָנפליקט מיט געצענדינעריי:

„און עס וועט זיין, אַז פּרעה וועט אייך רופען און וועט אייך פרעגען: וואָס איז אייער טאָן? זאָלט איר זאָגען: מענשען פון פי זיינען דיינע קנעכט פון אונזער יוגענד ביז אַצינד... כדי איר זאָלט זיצען אין לאַנד גושן, וואָרים אַן אומווירדיגקייט ביי די מצריים איז יעדער פּאַסטוך פון שאָף״. ואמרתם אַנשי מקנה היו עבדיך, וגו׳ בעבור תשבו בארץ גושן, כי תועבת מצרים כל רעה צאן. (ויגש, מ״ו, ל״ג־ל״ד).

זעט מען ווי יוסף האָט נישט נאָר נישט געראַטען זיינע ברידער זיי זאָלען זיך צופּאַסען צו דער מצרי׳שער קולטור; נישט נאָר האָט ער זיי נישט געהייסען זיך אויסבאַהאַלטען מיט זייער אייגענאַרט, און זוכען צו געפעלען די מצריים, נאָר ער האָט זיי געזאָגט, אַז באַלד ביים אָנקומען זאָלען זיי גאָרנישט פּרוּווען זיך אויספּיינען פאַר די מצריים, פאַר׳ן הערשער, וואָס סוף־כל־סוף זיינען זיי דאָך געווען אָפּהענגיג פון אים, נאָר גאָר פאַרקערט, ער האָט זיי געהייסען באַלד אַרויס מיט אַ זאַך וואָס האָט גאָר געדאַרפט אַרויסרופען עקעל ביי די מצריים, כי תועבת מצרים... פאַרוואָס?

ווען די ערשטע אידען זיינען געקומען אין באַרירונג מיט דער פרעמד, איז דער באַשלוס געווען לכתחילה נישט צו געפעלען יענע, נישט צו זוכען נושא חן צו זיין, נאָר גאָר פאַרקערט, בפירוש נישט צו געפעלען. כדי וואָס? כדי יענע זאָלען מסכים זיין, אַז זיי, די אידען זאָלען וואוינען באַזונדער, אין די אייגענע ד׳ אַמות, אין אַ אידישען „סעקשאַן״, אָדער אין אַ „געטאָ״ — אויב איר ווילט.

ווען אידען זיינען אנגעקומען קיין אמעריקע האבען זיי זיך אפגע־זאגט פון א לייכט לעבען אדער גליקען ערגיץ־וואו איבערן לאנד, אבי צו בלייבען אין ניו יארק, צו זיין צווישען אידען.

אזוי האט געוואלט יוסף. און אזוי האבען זיך פארהאלטען די שבטים. ווען זיי זיינען אבער אוועק, ווען וימת יוסף וכל אחיו וכל הדור ההוא, און ס'איז געקומען נישט נאר א נייער קעניג, ויקם מלך חדש, נאר אויך א נייער דור אידען, פון דער צווייטער און ווייטערע גענעראַ־ציעס, האבען זיי, אזוי צו זאגען, אויפגעבראכען די מויערן פון „געטא" — וועלכע זיינען אויך געווען, ווי שפעטער אין אונזער געשיכטע, שוץ־מויערן — ובני ישראל פרו וישרצו ותמלא הארץ אותם; דאס גאנצע לאנד, נישט גושן, איז געווארען פול מיט זיי.

ווי דער מדרש זאגט: ס'זיינען פול געווארען די טעאטערס און צירקען מיט זיי. און ווי דער ספורנו טייטשט: וישרצו — נטו לדרכי שרצים, שרצים לבאר שחת, זיי האבען אוועקגענויגט צו די וועגען פון שרצים, וואס לויפען אין אפגרונט.

און גראד דאס וועלען געפעלען דורך נאכטאן, דורך נאכגיין, דורך „איינגלידערן" זיך אין דער פרעמדער קולטור, „אינטעגראציע", האט ארויס־גערופען האס און אונטערדריקונג און פארשקלאפונג, — ווי מיר האבען עס אויך בלוטיג געלערענט שפעטער אין „אייראפעאישער קולטור"...

אזוי לערנען מיר אין אנהויב פון דער סדרה, אין הבאים מצרימה, דעם למוד פון דערהאלטען דעם אייגענעם מהות אין דער פרעמדקייט, צו זיין טריי תורה און אמונה און היטען די מחיצה, וואס דאס מיינט צו זיין זיך, צו זיין וואס מ'איז, — אידען.

### צווי געגענגעזעצטע וועלטען

ספר „בראשית" איז די אור־געשיכטע פון דער מענשהייט, „זה ספר תולדות אדם"; „שמות" פון — אידען.

בראשית — די פאסירונגען פון אינדיווידועלע פערזענלעכקייטען, פון די אבות, שבטים; שמות — די היסטאריע פונ'ם כלל.

שמות הויבט אויך אן דאס „ספר הדמעות", דאס „טרערען־בוך".

אזוי ווערט געפארעמט די אידישע אומה: אין פייער פון גלות, פאר־שקלאפונג, און אין קאמף פאר פרייהייט, פאר גאולה. שמות — דאס ספר צווישען גולה און גאולה.

מיר לייענען, לערנען, ל ע ב ע ן איבער די סדרות פון חומש, וועלכע וועבען זיך אין אונזער טאג־טעגליכקייט, ווערען א דאטע, מיר באצייכענען נאך זיי די וואכען און טעג, מיר ווערען באלויכטען און באזועלט דורך זיי. („די קריאה איז מעורר דעם זמן״.)

...הבאים מצרימה. דא האבען מיר פאר זיך דעם ערשטען צוזאמענשטויס צווישען אידענטום און גוי׳אישטום. בני ישראל און מצרים — צוויי פעלקער, צוויי קולטורען, צוויי וועלטען! נישטא קיין בריק צווישען זיי! פון איין זייט דער גלויבען אין ג—ט, אין א י י ן ג—ט, פון דער אנדערער — אפ־געטעריי, היידענטום, אנימאליזם; פארגעטערען פון חיות, בהמות. פון איין זייט דאס פארהייליגען מענטשליך לעבען, פון דער אנדערער — דאס האלטען מענשליך לעבען פאר ווערטלאז, מקריב זיין צענדליגער טויזענטער לעבענס אין שקלאף־ארבייט פאר דעם הערשער׳ס קאפריז, פאר פארהערליכען דעם דעספאט.

(דער גריכישער היסטאריקער העראדאטעס דערציילט ווי 120 טויזענט ארבייטער זיינען געפאלען ביי איינער אזא אומנויטיגער ארבייט — בויען פיראמידען, קאנאלען, פאלאצען.)

די עגיפטער האבען געדינט צום טויטען־קולט — אידען האבען געהאלטען תורת חיים.

די מצריים האבען נישט געהאט קיין וויזיע, נישט פון ג־ט און נישט פון מענש.

אידען זיינען געקומען אין אן אומוויסענדער וועלט מיט אמונה אלוקית און מאראל.

נישטא קיין פלאץ פאר צוויי אזעלכע קעגענגעזעצטע וועלטען אין איין וועלט — האבען אפגע׳פסק׳ענט מצרים׳ס הערשער, אזוי איז אנטשטאנען דער ערשטער פלאן צו פארניכטען אידען.

### דער געראטעוועטער דארף ראטעווען

אין חומש בראשית האבען מיר זיך געפונען אין משפחה־קרייז. די סביבה איז געווען אן ענגע, א היימישע. יעדער האט יעדען געקענט. יעדער איינער איז אונז באקאנט. וואס עס פאסירט, פאסירט אלץ אין דער פאמיליע. אין שמות גייען מיר ארויס אויפ׳ן ברייטען שליאך פון פ ע ל ק ע ר־געשיכטע. דא באווייזן זיך אויף דער וועלט־ארענע נישט בלויז די ב נ י ישראל, נאר ע ם בני ישראל. אויך פרעה

רעדט נישט צו זיין שני למלך, און נישט צו זיין הויף, נאָר צו זיין פ אָ ל ק. און ריידען רעדט ער וועגען פ אָ ל ק ישראל.

ויקם מלך חדש... ויאמר אל ע מ ו, הנה ע ם בני ישראל רב ועצום ממנו — „און עס איז אויפגעשטאַנען אַ נייער מלך... און ער האָט געזאָגט צו זיין פאָלק: זעט, דאָס פאָלק פון די קינדער פון ישראל, איז מערער און שטאַרקער פון אונז" (א', ח').

אינטערעסאַנט — דאָס ערשטע מאָל וואָס אידען ווערען אָנגערופען „פאָלק" איז דווקא דורך פרעמדע... שפּעטער ווען אידען האָבען געוואָלט פאַרלייקענען אַז זיי זיינען אַ פאָלק האָבען פרעמדע זיי דערמאָנט...

דער אויפקום פון אידישען פאָלק אין דער געשיכטע געשעט אין פּיין און אין ליידען. און אין דעם אייביגען אידישען דראַנג צו פרייהייט.

נישט מער קיין געשיכטע פון אַ יחיד, ווי יוסף׳ס פּאַסירונגען אין בראשית. נישט מער אַ טראַגעדיע פון אַ מענש, נאָר די גרויסע דראַמע פון׳ם פאָלק ישראל אין צוזאַמענשטויס, אין אייביגען צוזאַמענשטויס, מיט דער אַרומוועלט — וואָס איז דער תוכן פון אונזער לאַנגער געשיכטע פון ישראל צווישען די פעלקער, און וואָס דויערט נאָך ביז היינט־צו־טאָג. אויך די מדינה האָט נישט געמאַכט אַ סוף צו דער דאָזיגער קאָנפראָנטאַציע: ווי אַזוי אַ איד איז צווישן נישט־אידען איז ישראל צווישען פעלקער...

דעריבער, דאַרף מען דאָס דאָזיגע ספר שמות גוט לערנען, בעיון, מיט פאַרטיפונג און מיט פאַרטראַכטונג, און — מיט ג ל י י כ ק י י ט. וואָרים דאָס איז דאָס ספר פון גלות און גאולה, דאָס ספר, וועלכעס מיר האָבען דורכגעווייטאָגט און דורכגעליטען, און וואָס מיר באַנעמען פאַרט נישט אין זיין גאַנצער, טיפער פ ש ט ו ת.

ווייל, ווי מיר האָבען עס אַרויסגעבראַכט אין ויחי, דער גלות פאַר־שטאָפּט די אויגען און די הערצער, נסתמו עיניהם ולבם, אַזוי אַז מען זעט נישט גלייך און מען פילט נישט באַרמאַל; די ראיה ווערט אויסגעקרומט און דאָס האַרץ פאַרטעמפּט — סיי לגבי גלות, סיי לגבי גאולה.

לאָמיר־זשע לערנען דעם פשוט׳ן פשט פון ביידע.

ואלה שמות בני ישראל הבאים מצרימה את יעקב... — „און דאָס זיינען די נעמען פון די קינדער פון ישראל, וואָס זיינען געקומען קיין מצרים, מיט יעקב׳ן"... דער פסוק הויבט אָן מיט ישראל, בני ישראל, און ענדיגט זיך מיט יעקב. פאַרוואָס? ווייל ווען זיי זיינען געקומען קיין

מצרים זיינען זיי געווען פרייע מענשען, ישראל איז פון לשון שררה, אָדער ראַנגלעגישען; אָבער ווען זיי זיינען אַראָפּגעפאַלען צו קנעכט, ווערען זיי אָנגערופען יעקב, וואָס דאָס הייסט נאָכגיין, נאָכטאָן, נאָכמאַכען, וידו אוחזת בעקב עשו.

דעריבער הויבט אָן דער פסוק מיט ישראל און פאַרענדיגט מיט יעקב. ווען עס איז געקומען די גאולה זיינען זיי ווידער צוריקגעקומען צום נאָמען ישראל.

דער פסוק דייטעט אויך ווייטער אָן אויף זייער געפאַלענקייט און קנעכטשאַפט. וועגען זייער מערן זיך זאָגט דער פסוק „וישרצו״, ובני ישראל פרו וישרצו וירבו... — „און די קינדער פון ישראל האָבען זיך געפרוכפּערט און זיך געווידמעט און געמערט״...

פאַרוואָס אַזאַ אום׳בכבוד׳יגער אויסדרוק, וישרצו, וועגען געבוירען ווערען פון אידישע קינדער? נאָר דאָס ציינט דער פסוק ווי אַזוי די מצריים האָבען געקוקט אויף אידען — ווי אויף שרצים, אויף אינזעקטען... אַזוי נידעריג און נישטיג זיינען אידען געווען אין די אויגען פון זייערע פאַרשקלאַפער.

אַזוי אויך האָבען געקוקט אויף אונז די דייטשען, ימ״ש. אונזער לעבען און אונזער כבוד איז געווען בשפל המדרגה. די דייטשען האָבען געקוקט אויף אונז ווי אויף אינזעקטען, און האָבען פאַרניכטעט אידען ווי אינזעקטען — אַלץ איינס וואָס עס וועלען אייך דערציילען די פּראָפּעסיאָנעלע „חורבן־ליטעראַטען״, די ליגנערישע דערפינדער פון אויפשטאַנדן־און „קידוש השם״־סטאָריס...

ויאמר אל עמו: הנה עם בני ישראל... — „און ער האָט געזאָגט צו זיין פאָלק: זעט, דאָס פאָלק פון די קינדער פון ישראל... פרעה, דער אַכזר, האָט נישט געטאָן על דעת עצמו, ער האָט נישט אָנגעוואָרפען דאָס אכזריות אויף זיין פאָלק. פאַרקערט, ער האָט געהאַנדעלט דעמאָקראַטיש. ער האָט אָנגעפרעגט די מיינונג פונ׳ם פאָלק, ויאמר אל עמו. ער האָט געזאָגט צו זיין פאָלק: הבה נתחכמה...

און דאָס פאָלק האָט גערן און ווילינ מסכים געווען. ווי מיר לייענען טאַקע באַלד אין פסוק: וישימו עליו שרי מסים למען ענותו בסבלותם — „און זיי האָבען באַשטימט אויף אים האַרען פון שטייערן, כדי זיי זאָלען אים פּייניגען מיט זייער לאַסט״... און ווייטער: וכאשר

יענו אותו... און ויעבידו מצרים את בני ישראל בפרך... וימררו את חייהם... אשר עבדו בהם בפרך — „און אַזוי ווי זיי האָבען אים געפייניגט... און די מצריים האָבען געצוואונגען אידען צו אַרבעטען שווער... און זיי האָבען פאַרביטערט זייער לעבען"...

די תורה רעדט דאָ נישט וועגען פרעה'ן, וועגען עפּעס איין דיקטאַ־טאָר, איין טיראַן, וועלכער איז באַגאַנגען אכזריות'ן. ניין. די תורה דער־ציילט וועגען זיי אַלע, וועגן דעם פאַרדאַרבענעם, גרויזאַמען פאָלק, וואָס איז באַגאַנגען אכזריות'ן.

(פונקט ווי נישט איין איכמאַן האָט גע'הרג'עט, נאָר מיליאָנען איכמאַנס, אָ פאָלק פון איכמאַנס!...)

די פאַרפאָלגונגען זיינען געגאַנגען שטופּענווייז. אַלע מאָל ערגער. עס זיינען געווען דריי עטאַפּען, לויט'ן רמב"ן. דער ערשטער עטאַפּ: וישימו עליו שרי מסים... זיי זיינען געווען געצוואונגען צו אַרבעטען פאַר'ן רעזשים. דער צווייטער עטאַפּ: יעדער מצרי האָט אויף אייגענער האַנט עקספּלואַטירט און פאַרשקלאַפּט די אידען זיי זאָלען אַרבעטן פאַר אים (ווי די קרופּס אין דייטשען מערדער־לאַנד, און די אַנדערע טויט־פאַבריקאַנטען, וואָס האָבען דאַן געשאַפען די היינטיגע דייטשע „פּראָספּעריטי" פון דעם רויב פון גאַנץ איראָפּע, און מיט וועמען זייער דר. ערהאַרד אַליין אָ נאַצי־מיטאַרבעטער, האָט געשאַפען דעם „דייטשען עקאָנאָמישען וואונדער"...). דער דריטער עטאַפּ: זיי האָבען די שקלאַפען־אַרבעטער דער־בידעריגט, געפייניגט, את כל עבודתם אשר עבדו בהם בפרך.

ביז עס איז געקומען משה רבנו.

פרעה'ס טאָכטער האָט אים גערופען משה: ותקרא שמו משה, ותאמר, כי מן המים משיתהו — „און זי האָט גערופען זיין נאָמען משה, און זי האָט געזאָגט: ווייל פון וואַסער האָב איך אים אַרויסגעצויגען" (ב׳, י׳). דער שורש „משה" געפינט זיך בלויז איין מאָל אין תנ"ך, נעמליך, ביים אַרויסציען פון וואַסער: ימשני ממים רבים — „ער האָט מיך אַרויס־געצויגען פון אָ סך וואַסערן" (שמואל ב׳, כ"ב, י"ז).

דער אַנדייט פונ'ם נאָמען משה איז: דער, וואָס איז געראַטעוועט געוואָרען, דער וועט ראַטעווען. ער וועט וויסען, אַז דערויף איז ער געראַטעוועט געוואָרען, כדי צו ראַטעווען.

און אַזוי איז עס געווען.

זיי קלוגלען זיך נישט אַרויסצולאָזען...

דער הבה נתחכמה לו, דאָס רשעות׳דיגע קליגלען זיך, האָט געהאַט אין מצרים איין צוועק: טאָמער ועלה מן הארץ, טאָמער וועט דאָס פאָלק ישראל „אויפגיין פונ׳ם לאַנד״.

דער טיראַן האָט מיט רדיפות און פייניגונגען, מיט פאַרשליסען דאָס לאַנד און מאַכען עס פאַר אַ קנעכט־הויז, פאַר אַ בית עבדים, געוואָלט נישט דערלאָזען די עליה פון אַ פאָלק, וואָס איז געווען פרעמד אין זיין, דעם טיראַנ׳ס לאַנד.

דאָס איז געווען דעמאָלט דער הבה נתחכמה פון פרעה׳ן — פאַר־שקלאַפען און איינשלינגען אָט דאָס פרעמדע פאָלק — און דאָס איז היינט דער הבה נתחכמה אין רוסלאַנד — אויך פאַרשקלאַפען די שוין פאַרשקלאַפטע און איינצושלינגען די, וואָס ער קען בשום אופן, און וועט קיינמאָל נישט קענען, פאַרדייען...

פרעה האָט געוואָלט פאַרמיידען דעם ועלה מן הארץ, און דער קרעמלין וויל פאַרמיידען דעם ועלה מן הארץ. אָבער ביידע ווילען פאַרמיידען דאָס אומ־פאַרמיידליכע.

ווייל היינט, ווי אַמאָל, שאַלט אין דער וועלט די געטליכע מאַנונג: שלח את עמי! שיק אַרויס מיין פאָלק!

און דער רוף וועט, פונקט ווי דעמאָלט, מוזען געהערט ווערען!

געמאַכט אַ וויסענשאַפט פון מאָרד...

„הבה נתחכמה״: לאָמיר אויסקלערען אַ חכמה, אַן אידייע פאַר רציחות.

„אל עמו״ — פרעה האָט זיך געווענדעט צום פאָלק, צו די מאַסען, צום פעבעל:

לאָמיר מאַכען פון מאָרד אַ חכמה, אַ „וויסענשאַפט״, אַן „אידייע״ — פונקט ווי דאָס דייטשע „קולטור־טרעגער״־פאָלק שפּעטער.

אָבער מערקווירדיג — גראָד אין פרעה׳ס נאָענטסטער סביבה, אין זיין אייגענעם פאַלאַץ — האָט זיין טאָכטער נישט מיטגעאַרבייט מיט דעם דעספּאָט, נישט סאָלידאַריזירט זיך אין מאָרד!

צווישען יענע פרימיטיווע געצענדינער האָט די טאָכטער פון דעם טיראַן

זיך קעגנגעשטעלט דעם מארד־באפעל, נישט געוואלט אומברענגען קיין אומשולדיגע אידישע קינדער.

3240 יאר פאר דעם דייטשען מאסען־מארד.

(לויט די עגיפטאלאגען פעטריע און מאהלער, איז פרעה פון חומש געווען רעמסס דער 2טער, אין יאר 1300 לערך, פאר דער געוויינליכער צייט־רעכענונג.)

„ותשלח את אמתה ותקחה" (ב׳, ה׳) טייטשט די גמרא: „זי האט אויס־געשטרעקט איר האנט און גענומען דאס קעסטעל מיט דעם קינד" (סוטה י"א); רש"י זאגט: „ונשתרבבה אמתה אמות הרבה", איר האנט איז אויסגעלענגערט געווארען א סך איילען. פרעגט זיך: זי האט דאך געזען ווי ווייט ס'איז דאס קעסטעל, פארוואס האט זי לכתחילה אויסגעשטרעקט די האנט? נאר דאס דערציילט אונז די תורה, לויט די חז"ל, אז אבי דער רצון איז געווען שטארק צו ראטעווען, און זי האט זיך ניט גערעכענט מיט די שוועריגקייטען מיט דער אוממעגליכקייט — איז געשען דער נס! (שפת אמת). אגב, נישט ווי די „רעטונגס־ארבייט" אין אונזער חורבן, וועלכע האט נישט געהאט גענוג ווילען אפילו צו פרואווען דורכצוברעכען שוועריגקייטען...

דאס געוויין פון אידישען קינד

„און זי האט געזען דאס קינד — און א יונגער מענש וויינט". (ותראהו את הילד והנה נער בכה, ב׳ ו׳) „זיין שטים האט געקלונגען ווי פון א יונגען מאן" (קולו כנער), זאגט רש"י. דורך אים האבען ארויסגעוויינט די אלע ליידען פון דער אידישער יוגענט.

„נישטא קיין אידישע קינדער — נאר קליינע אידען", האט געזאגט א אידישער דיכטער.

„און זי האט ג ע ז ע ע ן... ו ת ר א ה ו... ווי ער וויינט" נישט געהערט. „האט זי געזאגט: פון די אידישע קינדער איז עס". ותאמר מילדי העברים זה (ב׳, ו׳). ווייל א איד קאן וויינען שטיל. אן געשריי.

אין דעמאלטדיגען מצרים האט זיך געפונען פרעה'ס טאכטער, וועלכע האט ארויסגעראטעוועט א אידיש קינד פון אומקום, און ס'איז אויסגעוואקסען דערפון משה רבנו...

וויפיל אידישע גאונים און צדיקים, געניוסען און גייסט־מענשען זיינען געווען אומגעקומען אין יענע מיליאנען אידישע קינדערלעך, וועלכע דער דייטש, ימ"ש, האט פארטיליגט אין ים פון בלוט און טרערען, און קיין האנט האט זיך ניט אויסגעשטרעקט זיי צו ראטעווען!

די אידישע מאַמע און דאָס אידישע קינד

וילך איש מבית לוי... דער מאַן איז עמרם, די פרוי — יוכבד. און מיט אַ קינד ווערען זיי געבענטשט. אַ אידיש קינד ווערט געבוירען אין גלות. און איידער נאָך ס'מאַכט אויף די קליינע אייגעלעך ווארט שוין אויף אים אַ פיינטליכע וועלט. וואַרטען אויף אים פרעה'ס תלינים. לויערן אויף זיין לעבען, מיט דער גאַנצער מאַכט פון דער מצרי'שער אימפעריע, מיט דער גאַנצער אכזריות פון דעם טיראַן, וועלכער האַט אים, דעם נאָך־נישט־גע־ווארענעם באַשעפעניש'על, באַצייטענס אָפּגעזאָגט דאָס לעבען, פון פאַראויס: „יעדער געבוירענער זון אין טייך ווארפט אים", כל הבן הילוד היאורה תשליכוהו (א', ט"ז־כ"ב).

יוכבד — וואָסער אַנגסט אין איר האַרץ, אונטער וועלכען זי טראָגט נאָך דאָס קינד, ווען זי הערט נאַכט נאָך נאַכט די שווערע טריט פון פרעה'ס תלינים וואָס זוכען אין אידישע הייזער קליינע, נאָר־וואָס געבוירענע עופה'לעך? וואָסער שרעק ווען זי הערט די ווילדע געבייזערייען פון די „אָפיציעלע" קינדער־מערדער — ווי בעסטיאַל, פאַרדאַן, ווי ד י י ט ש דאַרפען זיין מענשען צו קענען הרג'ענען קליינע עופה'לעך — און דאָס פאַרשטיקטע געוויין פון אידישע מאַמעס, וואָס מ'גייט דאָס טייערסטע ביי זיי אָוועקרייסען.

ענדליך, דאָס קינד, אַ אינגעל, קומט אויף דער וועלט. אויף װ ו אַ ס ע ר וועלט! קוים מאַכט עס אויף דאָס זיסע מיילעכעל צום ערשטען געשריי — די שענסטע מוזיק פאַר אַ מאַמעס אויער — און אַנשטאַט די פרייד אין מוטערליכען האַרץ נאָגט דער פחד, דער פחד, אַז דאָס ערשטע געשריי זאָל נישט זיין דאָס לעצטע... אַז דאָס קינדערשע געוויין זאָל נישט ווערען דער לעצטער גסיסה־קרעכץ... וואָרים פרעה'ס חיילות לויערן, נישטערן: אַ ברוטאַלע אימפעריע געגען אַ שוואַך אידיש עופ'עלע (נאָר דער וואָס איז געוועזן אין געטאָ פנים אל פנים אַנטקעגען דייטש וואָס האָט געלויערט אויף אידישע קינדערלעך, כדי זיי אכזריות'דיג צו הרג'ענען, קאָן עס באַגרייפען...).

יוכבד קוקט זיך איין מיט פאַרווײנטע אויגען אין אַט דעם באַשעפעניש'ל וואָס צאַפּעלט אַזוי האַרץ־וואַרעמדיג אין אירע אָרעמס און —

„זי זעט, אַז ער איז גוט", ותרא אותו כי טוב (ב' ב'), — און וואָסער מאַמע זעט נ י ש ט איר קינד „אַז ס'איז גוט?" האָט איר שוין געזען אַ מאַמע וואָס זאָל זען איר ניי־געבוירען קינד, אַז ס'איז שלעכט? נאָר טויזענט

מאָל טייערער איז אַ קינד וואָס לײדט, וואָס איז אין סכנה, וואָס די מוטער ציטערט איבער אים, אַן אָפּגעציטערט קינד.

און וואו איז נאָך אַ קינד אַזוי אין סכנה ווי אַט איצט ווען עס ליגט אַזוי שוואַך, אַזוי הילפלאָז, און אַנטקעגען אים זיינען מאָביליזירט אַרמייען פון אכזריות׳דיגע שליחים פון אַ מעכטיגען טיראַן? איז דאָס קינד נאָך ליבער פאַר יוכבד׳ן, דער מאַמען. פינסטער איז איר לעבען, אָבער ווי נאָר דאָס קינד קומט „ווערט פול די גאַנצע שטוב מיט ליכט״, ותמלא כל הבית אורה (סוטה י״א).

דאָס קינד אַליין זעט נישט קיין שיין פון ליכט. ס׳ווערט באַהאַלטען ערגעץ אין אַ פינסטערען לאָך, פאַרשטעקט ערגעץ אין אַ באַהעלטעניש, אין אַ „באַנקער״... ותרא אותו כי טוב הוא ותצפנהו שלושה ירחים. דער „כי טוב״ קלינגט דאָ עפּעס ווי אַ באַגרינדונג פאַר דעם באַהאַלטען, ווי מ׳וואָלט געזאָגט: ווייל זי האָט אים געזען, אַז ער איז גוט דעריבער האָט זי אים באַהאַלטען. און ווען ער זאָל נישט אויסזען גוט וואָלט זי אים נישט באַהאַלטען? וועלכע מוטער איז גרייט מפקיר צו זיין איר קינד? און, ווי געזאָגט, ביי וועלכער מוטער זעט נישט אויס דאָס קינד גוט?

נאָר יעדע מאַמע חלומ׳ט, ווייסט, אַז איר קינד איז געראָטען, טאַלענטירט; אָבער אַ אידישע מאַמע קען זיך נישט באַנוגענען מיט אַזעלכע נאָרמאַלע, כ׳וואָלט געזאָגט, פּראָזאַאישע חלומות. זי באַפרידיגט זיך נישט מיט ווייניגער ווי מיט אַ זשעניע, מיט אַ גאון. וואָרים כדי צו קענען בלויז לעבען, כדי צו קענען איבערלעבען אין אַזאַ פיינטליכער וועלט וואָס לויערט אויף דעם אידישען קינד מיט טויזענט געפאַרען, איז נישט גענוג קיין נאָרמאַלע געזונטע חושים, ניין, ער מוז זיין ווייניגסטענס אַ גאון.

כדי אַ אידיש קינד זאָל קענען לעבען נאָרמאַל, פריי, מוז ער נאָך דערצו זיין כאָטש אַ גואל, אַ קעמפער, אַ באַפרייער.

מיט איין וואָרט: פאַר זיין מינימום עקזיסטענץ מוז ער אויפ־ברענגען אַ מאַקסימום פון כשרונות. ווי אידישע קינדער האָבען טאַקע תמיד אויפגעבראַכט, בפרט אין די געטאָס.

ליגט אַזוי דאָס קליינע עופ׳עלע יוכבד׳ס באַהאַלטען אין אַ פינסטער באַהעלטעניש און די מוטער זעט אין אים דעם וואָס וועט אַ סוף מאַכען צום גלות. זי זעט אין אים „כי טוב״, דאָס אַלץ גוטע וואָס וועט פון אים אַרויסקומען.

האָט דען מרים, יוכבד׳ס טאָכטער, מרים די נביאה, נישט פאָראויס־

געזאָגט, אַז „די מוטער וועט געבוירען אַ זון וואָס וועט העלפען די אידען", עתידה אמי להוליד בן שיושיע את ישראל?

ד אָ ס איז ער!

געוויס, קיין ש ו ם מוטער וועט נישט מפקיר זיין איר קינד, אָבער יוכבד ווייסט, אַז וועט ד אָ ס קינד געראַטעוועט ווערען וועט אַ ל ץ געראַטעוועט ווערען. ווייל עס וועט זאָרגען דערפאַר אַז קיין שום אידיש קינד זאָל מער נישט געבוירען ווערען אין פחד פון אומקום און גרויל. וועט זי אַ ז אַ קינד אויפגעבען?

שטרענגט אָן יוכבד נאָך מער אירע כוחות אים צו ראַטעווען. דריי חדשים טויט-שרעק, דריי חדשים שוועבען צווישען פחד און האָפענונג, צווישען טויט און לעבען, ביז —

ולא יכלה עוד הצפינו (ב׳ ג׳). דאָס קינד וואַקסט, בליט, זיין שטים ווערט שטאַרקער, מ'קען אים מער נישט באַהאַלטען. וואָס-זשע טוט מען ווייטער?

באַשליסט יוכבד: בעסער איבערלאָזען דאָס קינד אויפ׳ן באַראָט פון די כוואַליעס פון די נילוס-וואַסערן אידער צו דער גרויזאַמקייט פון די נילוס-הערשער:

ותקח תבת גמא... ותשם בסוף על שפת היאור. (ב׳ ג׳) דער מענש איז גרויזאם — זאָל מען זיך פאַרלאָזען אויף דער טבע און אויף ג־ט.

כי טוב אין דער בריאה און כי טוב ביי משה׳ן

ותרא אותו כי טוב הוא... — „און זי האָט אים געזען, אַז ער איז גוט"... (שמות ב׳, ב׳).

אָט מיט די ווערטער ווערט אויפגענומען משה רבנו אין דער תורה. דאָס איז דער קבלת פנים פאַר אים. דער כי טוב זאָגט אָן זיין דערשיינען אין דער געשיכטע.

דאָס וואָס דער „כי טוב" איז אין דער בריאה פון דער ב ר י א ה, פון בריאת העולם, — ווי עס שטייט: וירא אלוקים... כי טוב... — איז דער „כי טוב" דאָ, ביי משה׳ן, אין דער בריאה פונ׳ם אידישען פ אָ ל ק.

דאָס, וואָס דער בראשית׳דיגער כי טוב איז געווען פאַר וועלט-באַשאַפען, איז דער ותרא אותו כי טוב פאַר אידיש-פאָלק-באַשאַפען.

מען קען אויך גאַנץ שכל׳דיג פאַרשטיין און פשוט לאָגיש באַגרינדען די מיינונג, געבראַכט אין ספרים, אַז מיט׳ן אויפקומען פונ׳ם פאָלק ישראל,

**און מיט קבלת התורה — וואָס די בײדע זײנען אידענטיש — איז פאַרענדיגט געוואָרען דאָס ווערק פון בריאת העולם.**

וואָרים דער „כי טוב" איז אויך אַן עכאָ (ווען מיר דענקען אין מאָדערנע באַגריפען פון פרײהײט און דעמאָקראַטיע) פון „כי טוב" פון בראשית.

די אידײע און דער קאַמף פון פרײהײט, ווי זײ זײנען פאַרקערפּערט אין משה רבנו און אין זײן לעבען, זײנען א דערגאַנצונג, אַ פאַרענדיגונג פון באַשאַפונג; אַ השלמה פון בריאת העולם.

ווײל וואָסער טעם וואָלט געהאַט דאָס לעבען פון דער מענשהײט אין אַ וועלט, וואָס איז אײביג אַ בית עבדים?

מענשען קענען ניט לעבען אָן פרײהײט, און אָן האָפענונג אויף פרײהײט.

איז משה רבנו'ס דערשײנען אויף דער אַרענע פון דער געשיכטע געווען אַ דערגאַנצונג פון מעשה בראשית.

זײן געבוירען ווערען איז אָנגעזאָגט מיט כי טוב.

נישט בלויז איז אים צוגעזאָגט געוואָרען: אני אעביר כל ט ו ב י על פניך — „איך וועל מאַכען פאַרבײגײן מײן גאַנץ גוטס פאַר דיר" (כי תשא, ל"ג, י"ג), נאָר ע ר, משה רבנו אַלײן, איז געווען דער כי טוב, וואָס השי"ת האָט געלאָזט פאַרבײגײן פאַר'ן פאָלק ישראל, אין גלות און אין גאולה, אין פאַרקנעכטונג אין מצרים און אין דערהויבונג בײם באַרג סיני.

מען קען זען אַן אָנדײטונג דערויף אין דער גמרא סוטה (דף י"ב, עמוד א'), וועלכע זאָגט, אַז משה'ס נאָמען איז אויך געווען טוביה — טוב — יה, „גוטס פון ג־ט".

אָבער אויך דער נאָמען „משה" זאָגט אָן זײן שליחות. ותקרא שמו משה, ותאמר, כי מן המים משיתהו — „און זי האָט גערופען זײן נאָמען משה, און האָט געזאָגט, ווײל פון וואַסער האָב איך אים אַרויסגעצויגען" (ב', י').

די לײענער, וואָס קענען דקדוק, און זײנען „מקפיד" אויף דעם געביט, וועלען דאָ באַלד פרעגען: האָט דאָך געדאַרפט זײן דער נאָמען „משוי", דאָס הײסט: „דער אַרויסגעצויגענער", און נישט משה, וואָס דאָס מײנט „דער אַרויסציער"?

דעם ספורנו, ווײזט אויס, האָט אויך געאַרט די קשיא, און ער האָט געפּרוּווט זי פאַרענטפערען, זאָגענדיג: משה — ממלט ומושיע אחרים מצרה, „משה מײנט: ער מאַכט אַנטרינען און אַרויסציען אַנדערע פון אַ צרה". אָבער דער פשט פונ'ם פסוק, ווי פרעה'ס טאָכטער האָט אָנגעגעבען דעם טעם, איז

דאָך פּאַרט, ווייל ער איז אַרויסגעצויגען געוואָרען, און נישט, ווייל ער האָט אַרויסגעצויגען? כי מן המים משיתהו.

נאָר דער זין פונ׳ם פּסוק, און פון ספורנו׳ס אויסטייטש, איז, אַז דעצידירענד פאַרן נאָמען — און פאַרן וועזען און ראָלע פון דער פּערזענליכקייט — איז נישט וואָס עס געשעט צו אים, נאָר וואָס ער טוט. מיט אַנדערע ווערטער, מאַסגעבענד איז נישט זיין פּאַסיווע ראָלע, נאָר זיין אַקטיווע איינגרייפען אין גאַנג פון לעבען.

דעריבער איז געבליבען משה און נישט משוי.

און וואָס איז געווען דער מהות פון זיין געשיכטליכער ראָלע? זיין וועזען איז געווען אַ דאָפּעלטער: גבורה כלפי חוץ און חסד כלפי פנים. שטאַרקייט, קאַמף, שטראָף — געגען די שונאי ישראל; און רחמים, גוטסקייט, ליבשאַפט — צו אידען. אין אַלגעמיינע באַגריפען איז עס געווען ריקזיכטלאָזער קאַמף געגען רשעים, באַדריקער, טיראַנען — אַלץ איינס צי דאָס זיינען די רועי מדין, צי דער מצרי, וואָס שלאָגט אַ אידען, צי פּרעה — און רחמנות, אַקטיוו רחמנות, דורך הילף צום נרדף, צום באַדריקטען, צום געדרעכטען.

די דאָזיקע דאָפּעלטקייט דריקט זיך אויס שוין ביים סאַמע אָנהויב פון זיין שליחות:

ויאמר משה אל האלוקים, מי אנכי כי אלך אל פרעה, וכי אוציא את בני ישראל ממצרים?

משה האָט דאָ געפרעגט צוויי פראַגען:

ערשטענס „ווער בין איך, אַז איך זאָל גיין צו פרעה׳ן?״

צווייטענס, „און אַז איך זאָל אַרויסציען די בני ישראל פון מצרים?״

משה האָט דאָ גע׳טענה׳ט:

ווי אַזוי קען איך דערפילען צוויי געגענגעזעצטע שליחות׳ן? פון איין זייט קעמפען געגען פרעה׳ן, באַשטראָפען אים, אַנווענדען ריקזיכטלאָזע מאַכט, „כי אלך אל פרעה״ מיט דער מידה פון גבורה; און פון דער אַנדערער זייט, צו העלפען אידען, באַפרייען אידען, וכי אוציא את בני ישראל, אַנווענדענדיג די מידה פון חסד?

דאָס זיינען דאָך צוויי סתירה׳דיגע אייגענשאַפטען, צוויי קאָנטראַסטען — ווי אַזוי קען איך זיי ביידע נוצען אין איין און זעלבען שליחות, — האָט משה זיך געוואונדערט.

איז די תשובה פון השי״ת געווען: ויאמר, כי אהי׳ עמך... — „האָט ג—ט געזאָגט, ווייל איך וועל זיין מיט דיר״.

ג־ט האָט געוויזען משה׳ן, שוין ד ע מ אָ ל ט, איינינע פון זיינע מידות, וואָס זיינען שפּעטער אַלע צו אים אַנטפּלעקט געוואָרען: פון איין זייט נוצר ח ס ד, און פון דער אַנדערער — ונקה לא ינקה, ג ב ו ר ה, באַשטראָפען די רשעים.

דאָס מיינט כי אהי׳ עמך, — נעם אָן די געטליכע מידות, הדבק במידותיו, וואָס ווייזען גבורה, וואו גבורה איז נויטיג; און חסד, וואו חסד איז פּאַרדינט.

און עס איז גאָרנישט קיין סתירה. פאַרקערט, עס איז איינס און דאָס זעלבע. ווייל גבורה געגען די שונאי ישראל מיינט חסד צו די אָביעקטען פון דער שנאה. באַשטראָפען די רשעים הייסט רחמנות אויף זייערע קרבנות.

און פאַרקערט אויך. פאַרגעבען די אכזרים, ברידערן זיך מיט זיי — ווי דאָס געשעט לגבי די דייטשע מערדער, ימ״ש, לגבי דעם פ אַ ל ק פון די איכמאַנס — איז אכזריות לגבי זייערע קרבנות, לגבי די אידען, און אַ סכנה פאַר אידיש לעבען אויך היינט און — אומעטום... ווייל דער שונא ישראל, דער נאַסער, דער שוקעירי, צי אַ פּראָפעסאָר טוינבי, וואָס דאָס איז איין באַנדע, ווערען דערמוטיגט דורך דעם פאַרגעבען די דייטשען, ימ״ש.

ווען „טעראָריסטען" פון אצ״ל, לח״י אין ארץ ישראל האָבען, אין קאַמף געגען די אכזריות׳דיגע ענגלישע בעווינאַציס, געוואָרפען באָמבעס אויף גרויזאַמע אָקופּאַנטען, געהאָנגען פייניגער און, וואָס נאָך ערגער — צי בעסער (געווענדעט פאַר וועמען...) — געשמיסען ענגלישע אָפיצירען — איז עס געווען אַ מסירת־נפש׳דיגער, אַקטיווער, אויסלייזענדיגער און באַפרייענדיגער ח ס ד. איז עס געווען ר ח מ נ ו ת אויף דער געיאָגטער שארית הפליטה, און דער א מ ת ׳ ע ר קידוש השם!

די תורה לערנט עס אונז. ווען משה רבנו האָט געבעטען דעם ערשטען צייכען פון געטליכען שליחות, האָט ער געהערט:

ואמרת אל אהרן קח את מטך והשלך לפני פרעה — ויהי לתנין. „זאָלסט זאָגען צו אהרנ׳ען: נעם דיין שטעקען און טו אַ וואָרף פאַר פּרעה׳ן — וועט ער ווערען אַ שלאַנג" (ז׳, ט׳).

פאַרוואָס האָט השי״ת נישט געהייסען משה׳ן וואָרפען ז י י ן שטעקען? פאַרוואָס האָט מען באַפוילען צו וואָרפען דווקא אהרנ׳ס שטעקען?

איז דער ענטפער: אהרן איז דאָך געווען דער אוהב שלום ורודף שלום; אהרן איז געווען דער ליבליכער, פריינטליכער, פרידליכער מענש; און זיין מיסיע איז דאָך געווען צו זוכען פאַרגעבונג, זיין עבודה, זיין לעבענס־שליחות איז געווען מכפר צו זיין — האָט השי״ת געזאָגט: דווקא

דער מטה אהרן, דער סימבאָל פון שלום, זאָל פאַרוואַנדעלט ווערען — צוליב פּרעה׳ס רשעות און אכזריות — אין אַ שלאַנג!

דאָרט וואו מען דאַרף טאָן חסד פאַר אידען, מוז מען אַנווענדען גבורה געגען די שונאים! דאָרט דאַרף אַפילו דער מטה אהרן ווערען אַ שלאַנג!

די תורה דערציילט דאָ ווייטער:

וישליכו איש את מטהו ויהיו לתנינים — ויבלע מטה אהרן את מטותם. „און זיי האָבען אַ וואָרף געטאָן איטליכער זיין שטעקען, און זיי זיינען געוואָרען שלאַנגען — אָבער אהרנ׳ס שטעקען האָט איינגעשלונגען זייערע שטעקענס״ (ז׳, י״ב).

ווי אַזוי אַנדערש וואָלט מעגליך געווען, אַז אהרנ׳ס שטעקען זאָל איינשלינגען די מצרישע שטעקענס־שלאַנגען — ווען נישט אויך דער מטה אהרן, דער סימבאָל פון שלום, וואָלט געוואָרען אַ שלאַנג?!

נישט בלויז דאַרף מען קעמפען אַמאָל ווי אַ לייב, נאָר אַפילו ווי אַ שלאַנג — ווען מען האָט צו טאָן מיט שלאַנגען...

דאָס האָבען אידען פאַרגעסען, בפרט אין די חורבן־יאָרען, ובפרט די, וואָס זיינען געווען אין די פרייע לענדער, און האָבען געקענט קעמפען, און האָבען געקענט ראַטעווען!... אַלץ איינס צי ווי אַ לייב, צי ווי אַ שלאַנג... און האָבען נישט געראַטעוועט!

משה רבנו׳ס עטישע טאַט געגען פּרעה׳ס רשעות׳דיגע אידייע

**מערקווירדיג**, אידען זיינען דאָך אַ פאָלק פון גייסטיג־קייט, פון געלויטערטער רוחניות, און די מצריים זיינען דאָך געווען אַ פאָלק פון מאַטעריאַליזם, פון גראָבען חומר, פונדעסטוועגען, זעען מיר ביים אָנהויב פון גלות מצרים אַ פאַרקערטע דערשיינונג: די מצריים, זיי גאָר נעמען זיך צו חכמה, הבה נתחכמה, צו אידייען און אידעאָלאָגיע, און משה גאָר הויבט אָן מיט מעשים, מיט טאַטען, מיט שלאָגען גאָר. ויך את המצרי. נאָך איידער מען הערט איין רעיון פון משה׳ן, איין וואָרט, זעט מען זיין פויסט! זעט מען אים קעמפען, צוריקשלאָגען, מיט דער פויסט, באגרופו, פשוטו כמשמעו, ווי די חז״ל זאָגען.

ווי געשיקט זיך דאָס? וואָס איז דאָ פאַרגעקומען? אַ פאַרטוישען מיט די ראָלעס? פּרעה, דער אידעאָלאָג — און משה, דער אָנווענדער פון פיזישען כוח?

נאָר דאָ זעען מיר די אַנווענדונג פון עטישער ט אַ ט געגען דער אכזריות׳דיגער א י ד י י ע.

די מצריים האָבן נישט בלויז פאַרשקלאָפט און געפייניגט, נאָר זיי האָבן געמאַכט אַן א י ד י י ע פון פאַרשקלאַפן און פייניגען: הבה נתחכמה, אַ חכמה אַזאַ, אַ וויסענשאַפט (ווי די דייטשע פּראָפעסאָרען, ימ״ש, וואָס האָבן וויסענשאַפטלעך געפייניגט און געמאָרדעט).

איז אויב דער טיראַן בויט אונטער אַ טעאָריע צו זיינע ווילדע אינסטינק־טען, דאַן איז נישט גענוג צו דיסקוטירען מיט אים מיט לאָגישע אַרגומענטען, צי מיט עטישע פּרינציפּען. דאַן איז דער איינציגער ענטפער: זעלבסטפאַר־טיידיגונג, ויך את המצרי.

עס איז געווען דער גרויסער טעות פון אַ דור אידישע געלערנטע, דיכטער און שרייבער פון דער עמאַנציפּאַציע־תקופה אין דייטשלאַנד און אין מערב בכלל, וואָס זיי האָבן געמיינט, אַז ווען מען וועט באַווייזען די שונאי ישראל, אַז זיי זיינען אומגערעכט, אַז די אידישע אמונה איז דער־הויבען, אַז דאָס אידישע פאָלק איז גוט און וואויל, וועלען זיי זיך באַנעמען אַנדערש צו אידען.

אויף דעם טעות איז אַנטשטאַנען אַ גאַנצע ליטעראַטור פון אַפּאָלאָגעטיק, ד. ה. פון פאַרענטפערען אידען און אידענטום. און איז דאַך איינע פון די טרייב־קראַפטען פון דער „וויסענשאַפט דעס יודענטומס״ אין דייטשלאַנד געווען אַפּאָלאָגעטיק, דאָס הייסט, דאָס שטרעבען אויסצופיינען זיך, אויפצואווייזען „דאָס ליכט פון אידענטום״. דאָס אַליין וואָלט נאָך נישט געווען דאָס ערגסטע. מילא, אַ ליטעראַטור על־פּי טעות קען מען נאָך פאַרטראָגען; דערוייל זיינען צושטאַנדגעקומען וויכטיגע ווערק. ערגער וואָס אידען האָבע זייער ל ע ב ע ן געבויט אויף אַט־דעם טעות, וועלכער איז געוואָרען אַ פאַטאַלער טעות. זיי האָבען געבויט אויף אַ וואולקאַן — וועלכער האָט זיי פאַרשלינגען.

זעען מיר דאָ אין דער סדרה ווי געגען דעם „אידעאָלאָגישען״ אונטער־בויען פאַר׳ן אכזריות, געגען די הבה־נתחכמה־אידייען, האָט משה זיך ניט אַריינגעלאָזט אין אידייאישע וויכוחים. ער האָט מיט טאַט רעוואָלטירט געגען שלאָגען אידען (ער האָט שפּעטער אויך מיט טאַט פאַרטיידיגט געגען די וואָס פאַרטרייבען פון די ברונעמס — ווי היינט די שוקעירים און נאַסער׳ס: ויבואו הרועים ויגרשום, ויקם משה ויושיען — ביי די בנות מדין). דער אָנהויב פון גאולה, אתחלתא דגאולה, איז געקומען אין מאָמענט פון דער ע ר ש ט ע ר מכה, וועלכע איז אַראָפּגעלאָזט געוואָרען פ אַ ר דער ערשטער פון די עשר מכות, נעמליך, די מכה פון ויך את המצרי.

משה איז גרויס געוואָרען, ויגדל משה, נישט בלויז ווייל וירא בסבלותם, דעמאָלט ווען ער איז געוואָרען דער רעפּרעזענטאַנט פאַר׳ן קעניגליכען טראָן, נאָר ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען צו זיינע ברידער, צו זייער פּיין און ליידען. ווען איז ויגדל משה? ווען — ויצא אל אחיו, ווען — וירא בסבלותם. דעמאָלט איז משה גרויס געוואָרען; און ווען ויך את המצרי, ווען ער האָט עפּעס ג ע ט א ָ ן געגען אָט־דעם פּייניגען אידען. פּשוט צוריקגעשלאָגען!

משה איז גרויס געוואָרען, ויגדל משה, נישט בלויז ווייל וירא בסבלותם, ווייל ער האָט געזען צרת ה כ ל ל , ווי אידען זיינען אין גלות, נאָר אויך ווייל ער האָט געזען צרת ה פ ר ט , די ליידען פונ׳ם יחיד: וירא איש מצרי מכה איש עברי מאחיו. ער האָט געזען איין מצרי שלאָגען איין אידען.

אַ סך אידישע פירער, צי פּסעוודאָ־פירער, זיינען אַזוי פאַרטאָן און זאָרגען 24 שעה אין מעת־לעת פאַר כלל ישראל, אַז עס בלייבט זיי שוין נישט קיין מינוט, — און קיין הארץ, פאַר אַ יחיד אין נויט. דעריבער זיינען פאַראַן אומצעליגע מנהיגים און עסקנים און אָרגאַניזאַציעס, און עס איז נישטאָ ווער עס זאָל העלפען אַ אידען אין אַן עת צרה — פאַרקערט, געוויסע „מנהיגים״ ו ו ע ר ע ן גאָר געהאָלפען פון אַן עת צרה (עת צרה היא ליעקב, ווען עס איז אַן עת צרה פאַר אידען, איז, וממנה יושע, ווערען געוויסע „פאַרזאָרגערס״ געהאָלפען פון אָט־דער צרה...) פון י ע נ ע מ ס צרה, פאַרשטייט זיך. ז י י וואַקסען אויף צרות. פאַר זיי איז עס אַן אומגליק — ווען עס איז נ י ש ט א ָ קיין אומגליק...

האָט די תורה באַלד ביים אָנהייב, ביי משה׳ס ערשטע שריט צו גאולה, אונז אָנגעוויזען די אויסגאַנגס־פונקטען פון אָט־דעם וועג. משה האָט, נעמליך, געזען דעם מצב פונ׳ם כלל אין זיין גאַנצען היקף, וירא ב ס ב ל ו ת ם , ער האָט געזען דעם ר ב י ם און ז י י ע ר ע ליידען, אָבער ער האָט אויך געזען דעם א י ש עברי, דעם אינדיווידועלען אידישען מענש און ז י י ן ליידען.

און נאָך האָט משה געזען: וירא איש מצרי מכה איש עברי מאחיו. ויפן כה וכה וירא כי אין איש... ער האָט געזען ווי דער איד ווערט געשלאָגען נישט צוליב עפּעס אַ זינד וואָס ער איז באַגאַנגען, נאָר בלויז פאַר דעם „חטא״ וואָס ער איז אַן איש עברי, וואָס ער איז אַ איד. האָט זיך אין אים דערוועקט דאָס ברידער־געפיל, דער איש עברי מ א ח י ו . ער האָט דערפילט דאָס אחריות פאַר זיין ברודער. און דאָס איז נישט בלויז אַ געפיל נאָר אויך אַ גאַנץ לאָגישע ה ת ח י י ב ו ת . נעמליך, אויב יענער ווערט געשלאָגען בלויז דער־פאַר וואָס ער געהערט צו אידען, זיינען אידען מחויב אים צו העלפען, וואָרים

ער לײדט דאָך נישט פאַר זיך בלויז, נאָר פאַר דיר און פאַר מיר, פאַר י ע ד ע ן אידען.

און נאָך האָט משה געזען: ויפן כה וכה וירא כי אין איש; עס שטײט נישט ולא ראה איש, אַז ער האָט נישט געזען קײן מענשן, נאָר וירא כי אין איש, וואָס דאָס דײטעט אָן נאָך אויף אַנדערע פיר באַדײטונגען.

ערשטענס, כי אין איש, נישט געווען קײן שום סכסוך אישי, קײן שום פערזענליכער קאָנפליקט צווישען דעם אידען און דעם גוי. דאָ איז בלויז אַ פאַל פון איש מ צ ר י מכה איש ע ב ר י, דער גוי שלאָגט אַ אידען — אָן אַ סיבה, אָן אַ פאַרוואָס. משה האָט שוין דעמאָלט פאַרשטאַנען, אַז אומזיסט וועסטו זוכען די אורזאַכען, אומזיסט וועסטו פאָרשען די סיבות, „די מאָטיווען פון אַנטיסעמיטיזם".

צווײטענס, וירא כי אין איש, ער האָט געזען, אַז נישטאָ קײן מ ע נ ש־ ל י כ ק י י ט אויף דער וועלט, נישטאָ צו וועמען צו אַפּעלירען, זיך באַקלאָגען. ניטאָ וועמער ס'זאָל זיך אָננעמען פאַר'ן אידען.

דריטענס, ער האָט געזען, אַז עס איז נישטאָ קײן שום מ ע נ ש ל י־ כ ע ס אין דעם שלעגער, אַז ער איז אויסגעהוילט פון יעדען מענשליכען געפיל — עס האָט זיך אָפּגעטאָן פון אים נישט נאָר דער צלם האלוקים, נאָר אויך דער צלם האדם, ווי מיר האָבען עס געזען אין די מערדערישע פּרצופים פון די דײטשען, ימ"ש. קײן שפור פון מענש!

פערטענס, דער וירא כי אין איש גײט אַרויף סײ אויף דעם איש מצרי און סײ אויף דעם איש עברי; סײ אויף דעם שלעגער, סײ אויף דעם געשלאָ־ גענעם. נעמליך, דער געשלאָגענער האָט זיך נישט געווערט, האָט זיך נישט געגענגעשטעלט, האָט ניט געוויזען קײן ווידערשטאַנד, נישט צוריקגעשלאָגען. וירא כי אין איש, דער עברי האָט נישט אַרויסגעוויזען קײן מענשליכע ווי־רדע. וירא בסבלותם קען מײנען נישט בלויז פּײן, נאָר אויך סבל, סבלנות, דולדען די אונטערדריקונג, טאָלערירען די דערנידערונג, שלום מאַכען מיט'ן גלות. אָט ד אָ ס האָט משה געוואָלט באַזײטיגען, די אונטער־ טעניגקײט, די הכנעה, דעם יאוש, דאָס אָנמעכטיגע און הילפסלאָזע זיך אונ־ טערגעבען.

האָט משה רבנו דעמאָלט אויסגעקליבען אײן פאַל פון אַ סך, און האָט פון ד ע ם פאַל געמאַכט אַ ב י י ש פּ י ל. ער האָט געוויזען דעם בײשפּיל פון צ ו ר י ק ש ל אָ ג ע ן, גאַנץ פּשוט, מיט געוואַלט געגען געוואַלט, מיט מאַכט געגען מאַכט, ווי אידען האָבען עס שפּעטער באַוויזען אין ארץ־ישראל.

ווי אצ״ל, לח״י, הגנה. דערמיט האָט ער די דערנידעריגטע צוריקגעגעבען די מענשליכע ווירדע, און צוגעגרייט צום ויולך אתכם קוממיות.

און אַזוי האָט ער אָנגעהויבען דעם וועג צו גאולה.

משה׳ס ערשטער שריט צו גאולה

ויפן כה וכה, וירא כי אין איש, ויך את המצרי... — „האָט ער זיך אַרומגעקוקט אַהער און אַהין, און אַז ער האָט געזען, אַז קיין מענש איז ניטאָ, האָט ער דערשלאָגען דעם עגיפּטער״...

פאַרוואָס האָט ער עס געטאָן? וואָס האָט אַרויסגערופען משה׳ס צאָרן ביז צו דערשלאָגען אַ מענש?

וירא איש מצרי מכה איש עברי מאחיו — „און ער האָט געזען אַ מאַן אַ מצרי שלאָגען אַ מאַן אַ איד פון זיינע ברידער״, דערציילט אונז די תורה.

דער „מאחיו״, „פון זיינע ברידער״ איז דאָ אינגאַנצען איבעריג: עס שטייט דאָך שוין פריער איש עברי, ווייסען מיר דאָך שוין, אַז דאָס איז געווען „פון זיינע ברידער״, צו וואָס איבער׳חזר׳ן „מאחיו״?

זאָגט דערויף דער ספורנו: מצד האחוה התעורר להנקם — „דורך דעם ברודער־זיין האָט ער אויפגעוואַכט צו נעמען נקמה״.

וואָס שטרייכט דאָ אונטער דער ספורנו די ברידערשאַפט? דאָס איז דאָך זעלבסטפאַרשטענדליך. און מיט וואָס איז פאַרענטפערט די פראַגע, וועלכע האָט, ווייזט אויס, געאַרט דעם ספורנו, פאַרוואָס שטייט דאָס וואָרט „מאחיו״, וואָס איז דאָך איבעריג?

מיר פאַרשטייען עס בעסער אין אַנבליק פון געשעענישן אין אונזער צייט. ווען יונגע אידען אין ארץ ישראל זיינען געגאַנגען אין משה׳ס וועג, לויט׳ן אמת׳ן פשט, גענומען נקמה פאַר הענגען אידישע גיבורים, פאַר שמייסען אידישע פרייהייטס־קעמפער, זיינען די מנחם בעגינ׳ס, די ישראל שייב׳ס, די גאולה כהנ׳ס פאַרשריגען געוואָרען אַלס טעראָריסטען, אַלס ברוטאַלע מערדער. אַ טייל וואָס האָבען גאָרנישט געאָפּפערט פאַר זייער פאָלק, און בלויז פּראָפּי־טירט פון חורבן — זיצענדיג אין די פרייע לענדער אַלס „אָבסערוואַטאָרען״ — זיינען געוואָרען „היפער־עטיקער״, „מאָראַליסטען״ און האָבען גע׳מוסר׳ט די מסירת־נפש׳דיגע קעמפער, וואָס האָבען איינגעשטעלט זייער לעבען פאַר זייער פאָלק (זע: „ספורה של לוחמת״ פון גאולה כהן, אַ ספר, וואָס יעדער דאַרף לייענען).

געדעכט זיינען אָבער געוועזן בעגין און שייב און גאולה כהן און רזיאל־

נאור, ווען זיי האבען געזאגט, אז נישט, חלילה, גרויזאמקייט, נאר הייס רחמנות אויף זייערע געמאטערטע און געפייניגטע און געיאגטע ברידער באוועגט זייערע הערואישע טאטען. פון יעדען ווארט, פון יעדער טאט זייערער האט ארויסגע־שפראצט דער „מאחיו", דאס אומענדליכע ברידערליכע רחמנות. דוב גרונער, אליהו בן־צורי און אליהו חכים (נקמה־נעמער פון לארד מאין!) שלמה בן־יוסף און די אנדערע הרוגי מלכות, די גבורי ישראל, וואס האבען זייער לעבען אויסגעשטרעקט פאר זייער פאלק, זיינען געגאנגען מיט געזאנג צו דער תליה און — מיט דער וויזיע פון אויפגעריכטען פרייען היימלאנד.

ר' ארי' לעווין, שליט"א, דער רב פון די תפיסות, וואס איז געקרוינט געווארען מיט'ן טיטול „דער צדיק פון ירושלים", האט מיר געהאט געזאגט: „וויניג מענשען האבען געהאט א השגה אין דער גרויסקייט פון אט די יונגע אידען"...

משה רבנו האט דא אנגעצייכענט דעם וועג. אזוי קלאר, אז מען זאל אים נישט קענען פארנעפלען. אזוי גראדליניג, אז מען זאל אים נישט קענען פארקרומען. אזוי געביטעריש, אז מען זאל נישט קענען אראפ פון אט דעם וועג.

אנהויבען הויבט זיך אן דער וועג — וואו? אין א קליין קעסטעל אויסגעשמירט מיט סמאלע, וואס שווימט אויפן נילוס. וואוהין? גלייך צום אונטערגאנג, לויט'ן דרך הטבע. וואסערע אויסזיכטען האט דער קליינער, דריי־חדשים'דיגער משה אנטקעגען פרעה'ס אכזריות? וואס פאר א „טשענס" האט א אידיש קינד געגען א טיראנישער בלוט־דורשטיגער אימפעריע?

און ווען משה ווערט מיט נסים געראטעוועט, וואס איז זיין ערשטער שריט? גייט ער זוכען די „חסידי אומות העולם", כדי הכנעה'דיג־גוזמא'דיג זיי צו דאנקען פאר זייער חסד? (ווי ס'טוען עס היינט געוויסע ראבאים, וואס זוכען פובליסיטי...). אוודאי, די תורה פארצייכענט די טאט פון פרעה'ס טאכטער מיט דאנק. אבער, ערשטענס, ווען איינער טוט א מענשליכע טאט, וואס ביי אן אנשטענדיגען מענש איז עס זעלבסטפארשטענדליך, קומט זיך צו בויגען און בוקען צו אים און אפלויבען מיט אן א שיעור דאנקען און דאנקען?

צווייטענס, דערמאנט עס וואס עס האט אימיצער אמאל געזאגט, אז עס איז א גליק וואס ווינטער איז דא שניי, קען מען זיך אנרייבען די אויערן זיי זאלען נישט פארפרוירען ווערען... וואס וואלט מען געטאן ווען עס איז אין ווינטער ניטא קיין שניי? (ווער האט זיי געהייסען מארדען, כדי די „גוטע" צווישען זיי זאלען ראטעווען?...)

וואס משה, דער פליט, דער קוים־מיט־ניסים־אנטרונענער, האט געטאן,

איז געווען ויך את המצרי. זיין „דערפּאַרונג״ פון זיין געבוירען ווערען אָן, פון די ערשטע 3 חדשים פון זיין לעבען, ווען ער איז לכתחילה פאַראורטיילט געווען צו טויט צוליב זיין איד־זיין, האָט אים געלערנט די איינציגע מסקנה: ויך את המצרי... צוריקשלאָגען!

די תורה דערציילט אונז ווי אַזוי עס איז געוואָרען אויסגעפורעמט דער מנהיג און לערער פון אידישען פאָלק, פון זיין פריעסטער קינדהייט אָן, אין ליידען, טויט־־געפאַר און אין טרייקייט צו זיין פאָלק; אפילו ווען ער ווערט אויפגעהאָדעוועט אין פרעמדען קעניגליכען פּאַלאַץ. ויגדל משה ויצא אל אחיו וירא בסבלותם (ב׳, י׳), טראָץ דעם וואָס משה איז גרויס געוואָרען איז ער געגאַנגען צו זיינע ליידענדע ברידער.

„און ער האָט געזען, אַז אַ מצרי שלאָגט אַ אידען״ (וירא איש מצרי מכה איש עברי), ער שלאָגט בלויז, ווייל „איש עברי״, ווייל ער איז אַ איד. „האָט ער דערשלאָגען דעם מצרי״ (ויך את המצרי). משה רבנו האָט געזען, אַז ס׳איז נישטאָ קיין ווידערשטאַנד (וירא כי אין איש. זאָגט דערויף דער „הכתב והקבלה״: שאין ביניהם גבר בגוברין — קיין קעמפער...), האָט ער געוויזען דעם וועג פון ווידערשטאַנד, פון קאַמף, פון אַ מנהיג צום קאַמף.

ויגדל משה... משה איז גרויס געוואָרען, און די תורה דערציילט ווי אַזוי משה איז גרויס געוואָרען: ויך את המצרי... ויאמר לרשע למה תכה רעך... ויקם משה ויושיען (געהאָלפען די געיאָגטע יתרו׳ס טעכטער). משה פאַרטראָגט נישט קיין אומגערעכטיגקייט, מאַכט נישט שלום מיט עוולות, קעמפט קעגן באַ׳עוולה׳ן דעם שוואַכען. דאָס — גיט דער רמב״ם צו פאַרשטיין — איז דער וועג צו גרויסקייט, צו נבואה, צו פירערשאַפט.

און דאָס זיינען די ווערטער פון דעם „נשר הגדול״ פונ׳ם רמב״ם:

„די ערשטע שטופע פון נבואה איז, אַז ס׳זאָל זיך באַהעפטען צו אַ מענש די געטליכע הילף, וועלכע זאָל אים באַוועגען צו אַ גרויסער גוטער טאַט, ווי ראַטעווען אַ גוטען צבור פון אַ שלעכטען, אָדער משפיע זיין גוטס אויף אַ סך מענשען. דאָס וואָס ער וועט געפינען אין זיך דעם אימפּולס צו די גוטע טאַטען, דאָס ווערט אָנגערופען ג־ט׳ס גייסט, „רוח אלוקים״. דער מענש, וואָס די דאָזיגע אייגענשאַפט פאַרבינדט זיך מיט אים, ווערט אויף אים געזאָגט, אַז „ג—ט׳ס גייסט האָט אים באַגליקט״, אָדער „ס׳האָט אים באַקליידט ג—ט׳ס גייסט״, אָדער „ס׳האָט גערוט אויף אים ג—ט׳ס גייסט״, אָדער „ג—ט איז מיט אים געווען״. דאָס זיינען געווען די מדרגות פון אַלע שופטים. דע, דאָזיגער כח איז געווען אין משה׳ן זינט ער איז געוואָרען אַ מאַן. דאָס האָט אים דערוועקט צו הרג׳ענען דעם מצרי, צו פּראָטעסטירען קעגן רשעות

צווישען צוויי מענשען אין קריג, און אפילו ווען ער איז אַנטלאָפען קיין מדין, און געווען אַ פרעמדער דאָרט, ווי נאָר ער האָט דערזען אַן אומגערעכטיגקייט, האָט ער געקעמפט קעגן דעם, „ויקם משה ויושיען" (רמב"ם).

ויך את המצרי. פרעגען די חז"ל: ווי אַזוי? מיט וואָס האָט ער אים גע'הרג'עט? ווי אַזוי איז ער בייגעקומען דעם שונא? זיינען פאַראַן דערויף דריי ענטפערס. איינער, אַ פשוט'ער: מיט דער פויסט! (באגרופו); דער צווייטער: מיט אַ ליים־שאָפעל (באגריפה של טיט), אַ דריטער ענט־פער: מיט ג־ט'ס נאָמען (בשם המפורש).

אין די דאָזיגע דריי תשובות, קען מען זאָגען, שפּיגלען זיך אָפּ די וכוחים, וועלכע זיינען פאָרגעקומען צווישען די פאַרשיידענע ריכטונגען אין הייניטיגען אידענטום, וועגען דעם אופן פון דערגרייכען זעלבסטשטענדיגקייט, אַ מדינה אַן אייגענע. איין ריכטונג, „אירגון צבאי לאומי", האָט דאַן געזאָגט: מיט דער פויסט, מיט קאַמף, אין פשוט'ן זין פון וואָרט, און קעגען יעדען גוי, וועלכער רודפ'ט אידען! (זיי האָבען געהאַט אויף וועמען זיך סומך צו זיין: „עכו"ם שהכה לישראל חייב מיתה, שנאמר „ויך את המצרי". סנהדרין נ"ח, ב'). געזאָגט און געטאָן . . . דאָס איז באַשטימט געווען אין גייסט פון דין און דת.

אַ צווייטע ריכטונג זאָגט: „באגריפה של טיט", מיט בויען — דאָס איז די חלוצ'יש־קאָלאָניזאַטאָרישע ריכטונג. און זיי האָבען עס אויך באַוויזען — מיט מסירת נפש.

די דריטע ריכטונג, דאָס רעליגיעזע אידענטום, זאָגט בשם המפורש, ג־ט'ס נאָמען מוז באַלויכטען און באַלעבען דעם קאַמף און אויפבוי, די מדינה. די תורה איז די נשמה פון אידישען פאָלק אין לאַנד.

אונזער אויפגאַבע איז צו שאַפען דעם האַרמאָנישען סינטעז.

אַזוי האָבען גדולים געלערענט . . .

**ואלה** שמות בני ישראל הבאים מצרימה (א', א').

„הבאים" און נישט „אשר באו", ווייל וואו זיי קומען און ווען זיי קומען, איז „ואלה שמות בני ישראל" קומען זיי מיט די נעמען פון די אבות, בני ישראל, פון די שבטים (חדושי הרי"ם זצ"ל).

ויבן ערי מסכנות (א', י"א). זיי האָבען געבויט נעבעכדיגע שטעט, פונ'ם לשון „חכמת המסכן בזויה" (קהלת ט'), ווייל ווען מ'דריקט די באַפעלקערונג

מיט שטייערען און מ׳בויט אויף אַזאַ אופן, זיינען עס אומגליקלעכע שטעט. די חז״ל זאָגען, מיט זייער טיפער לעבענס־חכמה: יעדער, וועלכער בויט אַ הויז, אַ שטאָט, אַ ל אַ נ ד, ווערט נעבעכדיג, באַלאַסטעט, פאַר׳חוב׳עט, געפינט זיך אין אַ שווערער פינאַנציעלער לאַגע (ויבן ערי מסכנות, כל העוסק בבנין מתמסכן, סוטה י״א, א׳).

ותאמרן איש מצרי הצילנו מיד הרועים, ויאמר אל בנותיו ואיו? (ב׳, י״ט, כ׳) „זיי האָבען געזאָגט „אַ מצרי האָט אונז אָפגעראַטעוועט פון די פאַסטוכער״, האָט ער געזאָגט: „וואו איז ער?״ אַ מצרי, אַ פאַרשקלאָפער זאָל גאָר זיך אָננעמען פאַר אַ גע׳רודפ׳טע — אַזאַ מצרי איז כדאי צו זען, אַזאַ מצרי מוז מען אויפזוכען און אָנקוקען אויף וואונדער... („אבני אזל״, פון אלכסנדר זישא פרידמאַן, הי״ד).

וישליכהו ארצה, ויהי לנחש (ד׳, ג׳). ווי ער האָט געוואָרפען דעם שטעקען, דעם סימבאָל פון מאַכט (מטה) אויף דער ערד, ווי ער האָט נאָר אַרויסגעוויזען אונטערטעניגקייט, הכנעה, איז דער שטעקען געוואָרען אַ שלאַנג, געקראָכען אויף דער ערד. אַזוי איז עס: אָט איז עס אַ שלאַנג ווען אויף דער ערד; אָט איז עס אַ סצעפּטער (ויהי למטה בכפו), ווען משה האַלט עס אין דער האַנט... (לובלינער רב רבי מאיר שפּירא זצ״ל.)

כי ביד חזקה ישלחם, וביד חזקה יגרשם מארצו (ו׳, א׳). צוויי מאָל „ביד חזקה״ — איין מאָל קעגען פרעה׳ן, ער זאָל אַרויסלאָזען פונע׳ם גלות; דאָס צווייטע מאָל — קעגען אידען, זיי זאָלען וועלען אַרויס... („העמק דבר״ פון נצי״ב, רבי נפתלי צבי יהודה בערלין, זצ״ל.)

נישט ראַטעווען איז שפיכת־דמים

צום סוף עטליכע קורצע צייטליכע למודים פון דעמאָלט אויף היינט:

ותראנה המילדות את האלוקים ולא עשו כאשר דבר אליהן מלך מצרים, ותחיינה את הילדים, „און זיי האָבען געלאָזט לעבען די קינדער״ (א׳ י״ז). זאָגט רש״י: מספקות להן מים ומזון. זעט דאָס אויס פון רש״י׳ן, אַז וואָלטען די מילדות נישט געשפייזט די קינדער, וואָלט געהייסען אַז זיי האָבען זיי יאָ דער־מאָרדעט. זעט מען דאָך דערפון, אַז ווען מ׳העלפט נישט, ווען מ׳ראַטעוועט נישט בפועל און מ׳איז פאַסיוו ווען יענער געפינט זיך אין סכנה, איז גליין ווי מ׳איז שופך דמים.

### אַ אידען קען מען נישט פאַרשעלטען

**דער** אידישער רשע האָט געזאָגט צו משה׳ן: הלהרגני אַתה אומר כאשר הרגת את המצרי (ב׳ י״ד). איז דאָך קשה, מיט וואָס איז דער שלעגער געווען אַזוי זיכער, אַז משה קען טאַקע נישט אַזוי טאָן, און אים הרג׳ענען?

נאָר לויט׳ן מדרש האָט משה דאָך גע׳הרג׳עט דעם מצרי מיט׳ן שם המפורש, קעגען אַ אידען אָבער העלפט נישט קיין שם המפורש; אַ אידען קען מען נישט פאַרשעלטען אַפילו נישט מיט׳ן שם המפורש, און אַפילו נישט משה רבנו... (ר׳ יצחק טאַרטשין, „באר יצחק״).

אויף ראה ראיתי את עני עמו (ג׳ ז׳), זאָגט דער מדרש רבה: אָמר לו הקב״ה למשה, אתה רואה ראיה אחת, קבלת התורה, ואני רואה שתי ראיות, קבלת התורה ומעשה עגל (שמות פ״ג, ג׳). פרעגט זיך: מילא קבלת תורה איז אַ זכות אָבער מעשה העגל איז דען אַ זכות, וואָס צוליב דעם זאָלען זיי ראוי זיין צו גאולה?

ענטפערט דער „חתם סופר״ זצ״ל: השי״ת האָט געזאָגט צו משה׳ן: אויב נאָך מעמד הר סיני, נאָך קבלת התורה קענען זיי נאָך מאַכען אַ עגל — דאַרף מען דאָך זיי גיך אַרויסכאַפּען פונ׳ם גלות מצרים, וואו זיי האָבען נישט קיין תורה און קענען חלילה פאַרזונקען ווערען . . .

### די מידה פונ׳ם מנהיג

**וילך** משה וישב אל יתר חותנו... (ד׳ י״ח). איז נישט צו פאַרשטיין, נאָכדעם ווי ער הערט פון השי״ת גייט נאָך משה זיך אָנבּרעגען ביים שווער, ביי יתרו׳ן?

נאָר, ענטפערט רבי נתן צבי פינקעל זצ״ל, דער „אַלטער״ פון סלאָבאָדקע, די תורה לערנט די מידה פון הכרת טובה, פון ד אַ נ ק ב אַ ר ק י י ט: וואָלט משה נישט מכיר טובה געווען יתרו׳ן וואָלט ער נישט ראוי געווען צו זיין אַ מנהיג... דער „וילך אל יתרו חותנו״ איז אַ טייל פון מנהיג־קוואַליפיקאַציעס.

נאָך די אַלע פּאַסירונגען, נאָך דעם אַהין־און־אַהער פון די פאַרהאַנד־לונגען קומט משה׳ס דעפיניטיווע סך־הכל׳דיגע דיאַגנאָזע פון פרעה׳ס — און פון דער וועלט׳ס — שנאה צו אידען, און פון דעם גאַנצען גערAַנגעל:

ומאז באתי אל פרעה ל ד ב ר ב ש מ ך . . . זינט דער איד רעדט אין ג־ט׳ס נאָמען...

אָט ד אָ ליגט דער קערן פונ׳ם אידישען געראַנגעל מיט דער וועלט.

פרייהייט איז רעכט פון יעדן מענש

**ואמרת** אל פרעה, כה אמר ד׳ בני בכורי ישראל. ואמר אליך, שלח את בני... — און זאלסט זאגען צו פרעה׳ן: אזוי האט ג־ט געזאגט: מיין בכור איז ישראל. און איך האב צו דיר געזאגט: לאז אוועק פריי מיין זון״... (ד׳ כ״ב־כ״ג).

פרעגט זיך: פארוואס ווערט געזאגט אין ערשטען פסוק „מיין זון דער בכור״, בני בכורי, און אין צווייטען בלויז „מיין זון״, שלח את בני?

קען מען ענטפערען, אז ג־ט האט געהייסען משה׳ן זאגען פרעה׳ן, אז דאס פאלק ישראל, וועלכעס איז דאס ערשטע פאלק פון ג־ט־דערקענען, פון הכרת הבורא, וועלכעס איז דער בכור אין אמונה, וועט קיינמאל נישט איינגעגלידערט ווערען אין מצרים. דער עם קדוש וועט קיינמאל נישט פארוועלטליכט ווערען! דאס הייסט, וועט קיינמאל נישט ווערען קיין מצריש עבודה־זרה פאלק! דעריבער איז אומזיסט זיין ארבעט איינצושלינגען דאס דאזיגע פאלק — ער וועט עס נישט פארדייען...

אבער אחוץ דעם: שלח את בני — אפילו אן בני בכורי, — פרייהייט איז א רעכט פון יעדען מענשען, וואס איז נברא בצלם אלוקים, פון יעדען פון ג־ט׳ס קינדער. באפרייאונג איז דאס רעכט פון יעדען פאלק, נאר אידען האבען דורכגעבראכען — דורך אייזערנע מויערן פון פרעה׳ס בית עבדים — דעם וועג צו גאולה, דעמאלט — און אויף אייביג.

און פונקט ווי דעמאלט לאזען אידען הערען, אמאל אין מצרים, היינט הינטער׳ן „אייזערנעם פארהאנג״, דעם אייביגען געטליכען רוף, מאנונג, פאדערונג:

שלח את עמי!



# וָאֵרָא

די וועגען וואָס פירען צו באַפרייאונג

די סדרה לערנט אונז פיר יסודות:

ערשטענס, רעדט צום טיראַן אין ז י י ן שפּראַך, אין דער שפּראַך פון מאַכט, אין לשון פון שטראָף.

צווייטענס, זיין אַ נביא מיינט: ניט־שלום מאַכען מיט דער ווירקליכקייט, און קעמפען געגען איר אומגערעכטיגקייט און לייד[ע]ן מיט ט אַ ט ע ן.

דריטענס, איד־זיין מיינט אַ נ ד ע ר ש־זיין; ניט צופּאַסען זיך צו דער סביבה, ווי צוציענד זי זאָל ניט זיין, אָדער ווי האַרט און גרויזאַם זי זאָל ניט זיין.

פערטענס, נישטאָ קיין גאולה אָן ו ו י ז י ע פון גאולה; און אַ איד טאָר קיינמאָל ניט פאַרלירען אָט די וויזיע — און דעם בטחון, און דעם ווילען, צו איר פאַרווירקליכונג.

איצט לאָמיר לערנען אָט די לימודים, ווי אַזוי זיי קומען־אויף אין דער סדרה.

פונקט נומער איינס. מיר הערען ווי ג־ט איז מודיע משה׳ן וועגען דיליידען פון פאַרפאָלגטען פאָלק ישראל אין מצרים, און אַז זייער געשריי האָט דערגרייכט די הימלען, צעקת בני ישראל באָה אלי. און עס הילכט דער געטליכער רוף צו משה׳ן: העלף דיינע ברידער! ראַטעווע זיי פון פּיין! ליין זיי אויס פון פאַרשקלאַפונג!

דערויף קומט דער האַרטער קאַטעגאָרישער אָפּזאָג פון דעם ג־ט־געשיקטען: שלח נא ביד תשלח — „שיק דורך וועמען די ווילסט שיקען" (שמות ד׳, י״ג). און שפּעטער נאָך אַ תרעומות׳דיגע טענה: למה זה שלחתני? — „פאַרוואָס האָסטו מיך געשיקט?"

קלינגט דאָס נישט עפּעס מאָדנע, פריקרע? משה, וואָס ווי נאָר ער ווערט גרויס, גייט ער אַרויס פון׳ם קעניגליכען פּאַלאַץ צו זיינע ברידער אין פּיין; משה, ווען „ער זעט ווי אַ מצרי שלאָגט אַ אידען פון זיינע ברידער, האָט ער דערשלאָגען דעם מצרי״, וירא איש מצרי מכה איש עברי מאחיו, ויך את המצרי (שמות ב׳, י״א־י״ב); משה, וואָס קען ניט פאַרליידען אַפילו אַ קליינע עוולה צו ווילד־פרעמדע — ווען די פּאַסטוכער יאָגען יתרו׳ס טעכטער, נעמט ער זיך אָן פאַר זיי — דער זעלבער משה זאָגט־אָפּ דאָס שליחות פון ג־ט צו העלפען זיינע געפּייניגטע ברידער! ווי געשיקט זיך עס? איז עס דאָך אַזוי אין געגענזאַץ צו דעם גאַנצען ביז־איצטיגען לעבענס־גאַנג משה׳ס און צו זיין כאַראַקטער. ווי קען מען דאָס פאַרשטיין?

נאָר ווען מיר לערנען אַביסעל טיפער אין דעם וויכוח צווישען ג־ט און משה׳ן זעען מיר אָט וואָס:

משה, וועלכער איז אויסגעוואַקסען און דערצויגען געוואָרען אין פּרעה׳ס פּאַלאַץ, האָט גוט געקענט דעם טיראַן. האָט ער געוואוסט, אַז מיט דיפּלאָמאַטי־שע פאַרהאַנדלונגען אַליין וועט ער ביי אים ווייניג פּועל׳ן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מיט בלויז זאָגען וועט מען ביים דיקטאַטאָר גאָרנישט דערגרייכען. טענות פון יושר ווירקען נישט ביי טיראַנען. מאַנונגען פון גערעכטיגקייט ברענגען נישט קיין רעזולטאַטען.

ווי די חז״ל זאָגען: אָמר ליה משה, רבונו של עולם, אינו משלחן בדברים, שנאמר, בדברים לא יוסר עבד — „האָט משה געזאָגט: האַר פון דער וועלט, פּרעה וועט זיי ניט אַרויסשיקען דורך רייד, ווי עס שטייט: מיט רייד ווערט אַ קנעכט ניט געשטראָפט״.

משה פון „ויך את המצרי״ האָט געוואוסט, אַז ער קען ניט אויספירען זיין גורל׳דיגע שליחות מיט בלויז ווערטער. ער האָט פאַרלאַנגט מעשים: די עשר מכות. אַ קלאַפּ אָדער צוויי פאַר אַ קלאַפּ. דאָס איז די שפּראַך, וואָס טיראַנען פאַרשטייען — אַלץ איינס צי פּרעה אין מצרים, צי בעווין אין מאַנדאַט־צייט אין ענגלאַנד, וועלכער פאַרשטייט שמייסען בריטישע אָפיצירען אין ארץ־ישראל דורך אצ״ל (ארגון צבאי לאומי).

און דאָ קומען מיר צו צום צווייטען פּונקט, דעם כאַראַקטער פון נביא.

אוודאי איז געווען משה׳ס אויפגאַבע צו שטאַרקען דעם מוט פון די, וואָס „האָבען זיך ניט צוגעהערט צו משה׳ן פון קורצען געמיט און שווערער אַרבעט״, ולא שמעו אל משה מקוצר רוח ומעבודה קשה (שמות ו׳, ט׳). אָבער דאָס איז ניט זיין איינציגע אויפגאַבע. און אפילו ניט די וויכטיגסטע. די שליחות פון׳ם אדון הנביאים, און שפּעטער פון זיינע נאָכפאָלגער, די נביאים,

איז ניט צו פארשפרייטן דערהויבענע טעאָריעס. נביאים שוועבן ניט אין אַבסטראַקטע אידייען, זיי שאַפן ניט קיין הויכע אידעאָלאָגיעס. זיי רופן ניט צו פילאָזאָפישע געדאַנקען. אמת, זייערע ווערטער קומען פון דער אייביגקייט — אָבער זיי זיינען ניט ציטלאָז. דער נביא הערט אַ קרעכץ אין דער נאַכט און — שלאָפט נישט איין. ער מאָנט אַ היינטיגע עוולה, ער פאָדערט יושר ה י י נ ט און ד אָ! ער פאַרלאַנגט פון מעכטיגע אין נאָמען פון שוואַכע. ער ווייזט אַן אויף אַ קאָנקרעטן פאַרברעכן, אויף אַ היינטיגער עוולה — און פאָדערט גערעכטיגקייט.

וועגן וואָס רעדט משה צו פרעה'ן? וועגן אידעאַלן פון פרייהייט? וועגן הויכע אַבסטראַקטע פילאָזאָפיעס פון דעמאָקראַטיע? ניין. נאָר גאַנץ פשוט און פראַזאַאיש: שלח את עמי — „שיק אַרויס מיין פאָלק!"

וועגן וואָס רעדט ישעי' הנביא? וועגן „סאָציאַלער גערעכטיגקייט"? וועגן עמאַנציפּאַציע און גלייכהייט? ניין. ער מאָנט עוולות, וואָס ווערן קאָנקרעט באַגאַנגען געגען אלמנות און יתומים. ער הייבט אויף זיין צאָרענדיגע שטימע געגען אונטערדריקען, דורך די הערשער פון זיין צייט, די הילפסלאָזע; געגען פאַרדאָרבענקייט, שוחד און קאָרופּציע; געגען שווינדעל אין האַנדעל־וואַנדעל, געגען גאַנץ ממשות'דיגע פאַרברעכנס פון זיינע מיטצייטלער.

אין דווקא די דאָזיגע „פראַזאַאישע" ממשות גיט זיין וואָרט די פראַכט פון קאָנקרעטן בנין און די מאַכט פון טאַט.

וואָרים דעם נביא'ס געוויסען איז אַ סעיסמאָגראַף. שטענדיג וואָרענענדיג, תמיד פּילבאָר. אַן אומרעכט? אַן עוולה?

טרייסעלט־אויף אַן ערד־ציטערניש זיין האַרץ. ניטאָ פאַר אים קיין פאַר־רעדן צי — פאַרשווייגען. שארית ישראל לא יעשו עוולה מיינט אויך, נישט פאַרטראָגען קיין עוולה. אַ פאַרברעכן פון מעכטיגע געגען שוואַכע? — פאַלט דער הימעל אַראָפּ פאַר אים! זינקט די ערד! די וועלט עקט זיך! זיין וואָרט דונערט מיט ג־ט'ס צאָרן. משה'ס שטים הילכט, ניט ווייניגער ווי „דער האַגעל, מיט פלאַקערענדיגען פייער אינמיטען האַגעל, זעהר אַ שווערער"... ויהי ברד ואש מתלקחת בתוך הברד כבד מאוד... (שמות ט׳, כ״ד).

משה'ס וואָרט איז אַזוי קאָנקרעט, אַזוי גרייפבאַר, ווי ממשות'דיג עס איז דאָס פייער און דער האַגעל, וואָס דאָס וואָרט האָט געבראַכט.

דאָ האַלטען מיר שוין ביים פונקט נומער דריי, ביי איד־זיין, וואָס דאָס מיינט, ווי געזאָגט, אַנדערש זיין. אין מאָדערנעם לשון הייסט עס „נאָן־קאָנפאָר־

מיסט״. אויף מער פשוט׳ען אידיש — טו נישט נאָך יענעם, בלויז ווייל יענער טוט. טו נישט, ווייל „אַלע טוען אַזוי״ — אַליך איינס צי עס איז ריכטיג אַזוי צי עס איז גערעכט וואָס „אַלע טוען״... יהדות האָט אַנדערע מאָסען. פון מצוות מעשיות, פון געבאָטען פון דער תורה און מוסר.

דעריבער האָבען אידען תמיד געשטרעבט צו ענדערן דעם „סטאַטוס קוואָ״, אויסבעסערן אים — זייט גלות מצרים, מיט וועלכען זיי האָבען נ י ש ט שלום געמאַכט. דאָס איז געווען אַנדערש ווי „אַלע אַנדערע״. אַלע אַנדערע האָבען זיך צוגעפּאַסט צו דער וועלט־אָרדענונג פון יענע צייטען, וועלכע איז באַשטאַנען פון פאַרשקלאַפער און פאַרשקלאַפטע. אַ חוץ אידען. זיי האָבען רעוואָלטירט.

אידען האָבען געשריגען געגען רדיפות — ביז צום הימעל. ביז עס איז דערהערט געוואָרען: וגם אני שמעתי את נאקת בני ישראל אשר מצרים מעבידים אותם ואזכור את בריתי — „און איך האָב אויך געהערט דאָס געשריי פון די קינדער פון ישראל, וואָס די מצריים פאַרקנעכטען זיי, און איך האָב געדענקט מיין בונד״ (שמות ו׳, ה׳).

דאָס שרייען געגען רדיפות, דאָס רעוואָלטירען געגען פאַרקנעכטען, האָט ניט בלויז געמאַכט דערמאָנען דעם ברית פון ג־ט מיט זיין פאָלק; דאָס אַליין איז געווען דער בונד, אָדער אַ באַשטאַנדטייל פון אים. ב ו נ ד מיט דעם האַר פון דער וועלט איז מחייב צו ב ו נ ט געגען האַרען־טיראַנען, צו רעוואָלט געגען פאַרשקלאַפער (עבדי הם, ולא עבדים לעבדים).

דאָס מיינט אַנדערש־זיין, ניט צופּאַסען זיך צום „מצב״, ווען דער מצב איז פאַרדאָרבענקייט. און אַנדערש־זיין מיינט אַנדערש־מ אַ כ ע ן, מיינט מתקן זיין, לתקן עולם במלכות שדי.

דער זכות, וואָס איז די אידען בייגעשטאַנען אין מצרים זיי זאָלען אויס־געלייזט ווערען, איז געווען, וואָס זיי האָבען ניט אַנדערש געמאַכט ז י ך (שלא שינו), נאָר דעם מצב — פון שעבוד צו גאולה.

אידען אין די גלות׳ן אין מזרח־איראָפּע האָבען ניט אַסימילירט ז י ך, נאָר האָבען אַסימילירט די באַדינגונגען צ ו זיך, צו זייערע באַגריפען, צו זייער געדאַנקען־גאַנג און לעבנס־גאַנג.

דאָס איז די הבטחה פון והוצאתי אתכם, „אַרויסציען אַ פאָלק פון אַ פאָלק״, להוציא גוי מקרב גוי, וואָס דאָס באַדייט, אַז אידען זיינען געווען אַ פאָלק — הגם „אין אַ פאָלק״. דער יסוד פון אַט דעם פאָלק־זיין איז דאָס

באַוואוסטזיין פון אַנדערש־זיין. ווי עס ווערט געזאָגט בפירוש: למען תדעון אשר יפלה ה׳ בין מצרים ובין ישראל — „כדי איר זאָלט ו ו י ס ן, אַז ג־ט האָט אָ פּ ג ע ש י י ד ט צווישען מצרים און צווישען ישראל״.

זעען מיר דאָ, אַז ניט בלויז דער פ אַ ק ט פון אַנדערשקייט, נאָר אויך דאָס ב אַ ו ו אוּ ס ט ז י י ן דערפון איז וויכטיג. דאָס איז דאָך אַ באַדינג פאַר גאולה.

אַזוי קומען מיר צו צום פערטען פונקט, צו ו ו י ז י ע פון גאולה. וואָס באַדייט עס אין דער שפּראַך פון קאָנקרעטע טאַטען? דאָס איז מחייב דעם פּסיכישען רעוואָלט געגען גלות, נאָך איידער דו קענסט אים אַראָפּ־וואַרפען — און די גייסטיגע צוגרייטונג צו גאולה.

דאָס באַדייט זע ן די אויסלייזונג, און ניט פאַרלירען די שטרעבונג צו איר — אפילו אין אָפּגרונט פון פּיין. ניט אומזיסט הייסט די סדרה „און איך האָב זיך באַוויזען״, וארא; די אַנטפּלעקונג פון געטליכקייט אין פינסטערקייט פון ליידען. די וויזיע פון גאולה איז אַ באַדינג פאַר גאולה.

אָט די וויזיע דאָס איז אויך יחזקאל׳ס גרויסע זעאונג, וואָס מיר לייענען אין דער היינטיגער הפטרה:

„אַזוי האָט געזאָגט
ג־ט דער האַר,
ווען איך זאַמעל איין
דאָס הויז ישראל
פון די פעלקער,
וואָס זיי זיינען צעשפּרייט
געוואָרען צווישען זיי. . .
און זיי וועלען זיצען
אויף זייער ערד...
און זיי וועלען זיצען
אויף איר אין זיכערקייט,
און זיי וועלען בויען הייזער
און פלאַנצען ווייגערטנער;
זיי וועלען זיצען אין זיכערקייט
ווען איך טו משפט אויף אַלע,
וואָס פאַראַכטען זיי אַרום זיי״.

(יחזקאל כ״ח, כ״ה, כ״ו).

ווען שווייגען איז אַ זינד

אין פּרשת שמות, האָבען מיר גערעדט וועגען דעם זין און כוח פון נ אָ מ ע ן. אויך אין דער היינטיגער סדרה טרעפען מיר אָן, באַלד ביים אָנהויב אויף דעם זעלבען ענין. מיר לערנען:

ואלה ש מ ו ת בני לוי — „און דאָס זענען די נעמען פון די קינדער

פון לוי׳ן״ (שמות ו׳, ט״ז). בלויז ביי לוי׳ן ווערט געזאגט „שמות״ און נישט ביי קיין שום אַנדערן פון די שבטים. פאַרוואָס?

שבט לוי איז נישט פאַרשקלאַפט געוואָרען אין מצרים. ער איז געווען באַפרייט פון אַרבעט. דאָס קען מען אויך פאַרשטיין היסטאָריש. גייסטליכע זענען געווען פריי פון צוואַנג־אַרבעט שוין אין די אוראַלטע צייטען. מיר זעען אויך ווי יוסף האָט נישט גערירט די מצר׳ישע פריסטער פון זייער אָרט, און אויך זיי באַפרייט פון שטייערן (רק אדמת הכהנים וגו׳).

האָט לוי, וויסענדיג, אַז זיינע קינדער וועלען נית ל י י ד ע ן פון גלות, מורא געהאַט, אַז זיי וועלען נישט פ י ל ע ן דעם גלות, און אַז זיי וועלען נישט מ י ט פ י ל ע ן מיט די אידען, וואָס וועלען יאָ ליידען. און אַז זיי וועלען נישט פילען און נישט מיטפילען — ווי אַזוי וועלען זיי קענען צוקומען צו גאולה? ווי אַזוי וועלען זיי קענען שטרעבען, קעמפען פאַר באַפרייאונג?

און זיי, דווקא זיי, די בני לוי, די פרייע, האָבען דאָך געהאַט דעם שליסעל צו גאולה. ווי דער מדרש רבה זאָגט, אַז דעם סימן פון גאולה האָט יוסף איבערגעגעבען צו לוי׳ן, לוי צו קהת׳ן, קהת צו עמרמ׳ען און עמרם צו משה׳ן. וואָרים „דער געפאַנגענער קען זיך אַליין נית באַפרייען פון דער געפענגעניש״. אין חבוש מתיר עצמו מבית אסורים.

האָט לוי געציטערט טאָמער, חלילה, וועלען זיינע קינדער, וואָס וועלען נית ליידען אויף זייערע אייגענע פּליצעס די פּיין (פּונקט ווי די אידען אין אַמעריקע בעת דעם חורבן) — נישט זיין די טרייע היטער און די קעמפער און פאַרווירקליכער פון דער פקודה פון גאולה, פון פקד יפקוד אלוקים אתכם. ווי קען מען אַזעלכע פּריווילעגירטע, נית־ליידענדע אידען אַנפאַרטרויען די שליחות פון רעוואָלטירען געגען קנעכטשאַפט און די שטאַרקייט צו טענה׳ן „למה הרעותה״ אפילו אַקעגען דעם רבונו של עולם אַליין?

האָט לוי איינגעקריצט דעם גלות אין זיינע קינדער׳ס נ ע מ ע ן. דאָס הייסט, אין ו ו ע ז ע ן פון זיינע קינדער:

גרשון — „אַ פרעמדער דאָרט״, „גר שם״. אפילו ווען דו ביזט פריי פון שעבוד, ביזטו פאָרט אין גלות!

קהת — קהו שיניהם, „זייערע ציין זענען איילינג פון גלות״, ווי דער מדרש זאָגט (ווי הקהה את שיניו, אין דער הגדה של פסח).

מררי — „ביטער איז דער גלות״, אפילו ווען דו אַליין פילסט נישט די ביטערקייט.

לוי האָט געוואָלט אַריינדרינגען אין דער נשמה פון זיינע קינדער דאָס פולשטענדיגע אידענטיפיצירען זיך מיט די ליידענדע ברידער, כדי זיי זאָלען העלפען ראַטעווען די ליידענדע.

די אידישע עלטערן אין אַמעריקע, וועלכע האָבען אַריבערגעבראַכט אַהער דעם גייסטיגען באַגאַזש פון אידישקייט און, ווייניגסטענס אַ טייל דערפון, איבערגעגעבען זייערע קינדער, האָבען דערמיט אַנטוויקעלט אין זיי, אין צווייטען דור, די סאָלידאַריטעט מיט די געפּלאָגטע און געפּייניגטע אידען אין איראָפּע, און די אַקטיווע אידענטיפיצירונג מיט׳ן קאַמף און אויפבוי אין ישראל. דאָס האָט געבראַכט וואונדערליכע פּירות.

איינער פון די אויסדרוקען פון אָט דער אידענטיפיצירונג מיט די גע־רודפ׳טע איז דאָס געשריי. ניט פאַרשווייגען רדיפות אויף אידען!

מיר לייענען אין דער פריערדיגער סדרה: ויזעקו — „און זיי האָבען געשריגען״. מיר לייענען ווידער אין דער היינטיגער סדרה: וגם אני שמעתי את נאקת בני ישראל — „און איך האָב אויך געהערט דאָס געשריי פון די אידען״ (שמות ו׳, ה׳).

אידען שרייען, און דאַרפען שרייען, ווען מען רודפ׳ט זיי. און קענען זיי נישט שרייען, ווי אין רוסלאַנד — זאָלען שרייען די, וואָס קענען יאָ, אידען אין אַמעריקע, אין דער פרייער וועלט!

אַז מען שרייט, מען פּראָטעסטירט, מען דעמאָנסטרירט, איז אָדער מען הערט, אָדער — אין ערגסטען פאַל — מען הערט נישט; אַז מען שווייגט הערט מען דאָך זיכער נישט.

אידישע מנהיגים, און „זייערע״ אָרגאַניזאַציעס, האָבען זיך שוין איינ־מאָל שווער פאַרזינדיגט מיט שווייגען — ווען זיי האָבען אָנגענומען פרעזידענט רוזוועלט׳ס „עצה״ צו פאַרשווייגען די הריגות פון אידען דורכ׳ן דייטש, און האָבען דערשטיקט די גסיסה־קרעכצען, וועלכע האָבען זיך דורכגעריסען פונ׳ם יאָמער־טאָל. וועט מען ווידער דאָס מאָל בנוגע די אידען אין רוסלאַנד — אָננעמען די טעאָריע פון שאַ, שטיל?... וועט מען ווידער זוכען אַ תירוץ פאַר אייגענער פּאַסיווקייט אין „עס קען ערגער ווערען״...

אָט דעם וועג האָט די תורה געלערנט שוין ביים ערשטען רודפ׳ן אידען, אין מצרים, ווי מיר האָבען ערשט געלערנט.

שטראָף פאַר אכזרים איז רחמים פאַר דער וועלט

די תורה לערנט אונז, אַז מען טאָר נית מוחל זיין אכזרים. מיר לייענען אין דער סדרה: וידעו מצרים כי אני ה׳ בנטותי את ידי על מצרים — „און די מצריים וועלען וויסען, אַז איך בין ג־ט, ווען איך וועל אויסשטרעקען מיין האַנט אויף מצרים" (ז׳, ה׳).

פרעגט זיך: ה׳ איז דאָך מדת הרחמים און דאָ איז דאָך גאָר דין. פאַרוואָס־זשע שטייט דאָ ה׳, מידת הרחמים?

איז דער ענטפער: שטראָף פאַר אכזרים איז רחמים פאַר דער וועלט!

ווען אכזרים, רוצחים, בושעווען אומבאַשטראָפט — ווי די דייטשען, ימח שמם, — איז דער קיום פון דער וועלט אין סכנה. פאַרלאַנגען דאָך די דייטשען, אַז אין זייערע בלוטיגע לאַפּעס זאָל מען איבערגעבען די אַטאָם־באָמבעס — כדי זיי זאָלען ווידער ברענגען אַ חורבן אויף דער וועלט!

פון וואַנען די דאָזיגע אומגלויבליכע חוצפה ביי מערדער צו פאַרלאַנגען פון זייערע באַזיגער זיי איבערצוגעבען די שרעקליכסטע וואָפען? ווייל מען האָט זיי „רעהאַביליטירט", געמאַכט זיי רייך און מעכטיג. ווייל מען האָט וויליג און לייכטזיניג זיך געלאָזט אָפּנאַרען פון זייער געפערליכער פיקציע וועגען אַן „אַנדער דייטשלאַנד". ווייל מען האָט זיי מוחל געווען אונזער בלוט!

ווי די חז״ל זאָגען: כל המרחם על אכזרים מתאכזר על רחמנים — „ווער עס ווייזט אַרויס באַרמהערציגקייט לגבי גרויזאַמע, איז גרויזאַם לגבי באַרמהערציגע".

יהי רצון, אַז די וועלט, אויך די אידישע, זאָל עפענען די אויגען אויף דעם וועזען און אויף דער געפאַר, וואָס באַדראָט ווידער די וועלט פון די דייטשען — אַלערליי דייטשען.

אַזאַ אַלאַרמירען איז דרינגענדיגע הצלה, גורל׳דיגע רעטונגס־אַרבעט!




טיראַנען זענען בטבע פאַרשאָלטען . . .

**בא** אל פרעה... דאַרף דאָך געזאָגט ווערען: לך אל פרעה", ג י י צו פרעה'ן ? נאָר, זאָגט דער קאָצקער רבי זצ"ל, פון השי"ת גייט מען נישט אַוועק...

די אַלע געשעענישען און פּאַסירונגען פון דעם גלות מצרים און יציאת מצרים זיינען איין גראָדע ליניע פון דער געטליכער השגחה, וועלכע פירט אָן מיט אַלעמען און אַלע.

דאָס וואָס ס'זעט פאַר אונז אויס ווי זיגזאַגען איז באמת איין גלייכער וועג, וואָס פירט דורך ירידות און עליות — באַרג אַרויף. די אַלע אומפאַר־שטענדליכקייטען ווערען פאַרשטענדליך אין לעצטען סך־הכל. „סוף דבר הכל נשמע", די ענדע פון דער זאַך מאַכט אַלץ פאַרשטענדליך („נשמע" פונ'ם לשון „לא שמיעי ליה לא סבירי ליה", „נישט דערהערען מיינט — נישט פאַרשטיין").

און אַזוי איז עס אויך מיט דער גרויסער פראַגע פון דער היינטיגער סדרה, די „64־דאָלאַר־קוועסטשיאָן" פון „אני הכבדתי את לבו" (י' א') „איך האָב שווער געמאַכט דאָס האַרץ פון פרעה'ן", פרעגט זיך:

אויב השי"ת האָט האַרט געמאַכט זיין האַרץ, פאַרוואָס־זשע איז אים געקומען אַ שטראָף?

אין אונזער צייט, ווען דער קאָמוניסטישער דעספּאָטיזם האָט זיך פאַר־נומען, ווי יעדער דעספּאָטיזם, אויפ'ן אידישען פאָלק, געפינען מיר דעם ענטפער אויף דער דאָזיגער האַרבער קשיא. פאַראַן פאַרשידענע תירוצים; לויט דעם רמב"ם אָבער קומט אויס, אַז דאָס „האַרט מאַכען דאָס האַרץ" פון דעם טיראַן איז נישט געווען בלויז די א ו ר ז אַ ך פון זיין באַציאונג צו

אידען, נאָר דאָס איז אויך די ש ט ר אָ ף פאַר זיין פאַרשקלאַפּען די בני ישראל.

השי״ת האָט צוגענומען ביי פרעה׳ן די ב ח י ר ה.

און דאָס איז די ערגסטע שטראָף!

די שטראָף איז געווען, ווייזט אויס, מידה כנגד מידה: ווייל ער האָט פאַרקנעכטעט מענשען, האָט זיי אונטעריאָכט אין אַ דעספּאָטישען רעזשים, ווייל ער האָט ביי זיי צוגענומען דעם פרייען אויסוואַל, די „בחירה״, אויסצואוויילען אויף אַ דעמאָקראַטישען אופן, דערפאַר האָט ג־ט אים געשטראָפט מיט צונעמען ביי אים, ביים טיראַן, די בחירה.

זיין האַרץ איז האַרט ג ע ו ו ע ן געגען הילפלאָזע מענשען, — דעריבער איז זיין האַרץ האַרט ג ע ו ו אָ ר ע ן, „ויכבד ה׳ את לב פרעה״. ס׳איז ביי אים צוגענומען געוואָרען דער פרייער ווילען.

ער האָט אָנגעהויבען צו גיין אויף אַ שלעכטען וועג, אויף אַ פאַלשען וועג, אויף אַ גליטשיגען וועג — גליטשט ער זיך שוין אַזוי באַרג אַראָפּ אין רדיפות און אין ירידות ביז׳ן פינסטערען תהום אַריין.

דאָס אונטעריאָכען, דער דעספּאָטיזם, זענען אַ סימן פון אינערליכער צעפוילעניש. זענען אָרגאַנישע פעלערען פון יעדער טיראַניי.

און דאָס מ ו ז פירען צו ירידה.

ווי מיר לייענען אין דער הפטרה צו דער היינטיגער סדרה:

מדוע נסחף אביריך? לא עמד, כי ה׳ הדפו (ירמי׳ מ״ו, ט״ו). „פאַרוואָס איז אומגעפאַלען דיין שטאַרקער? ווייל ג־ט האָט אים אומגעוואָרפען״... און ווייטער: קולה כנחש ילך... „דאָס קול פון מצרים וועט גיין ווי אַ שלאַנג...״

וואָס איז דער „קול״ פון דער שלאַנג? וואָס איז די כאַראַקטעריסטישע אייגענשאַפט פון אַ נחש?

דאָס איז די אייגענשאַפט מיט וועלכער ג־ט האָט פאַרשאָלטען די שלאַנג: ארור אתה... ואיבה תשית בינך... הוא ישופך ראש ואתה תשופנו עקב (ג׳ ט״ו). „פאַרשאָלטען ביזטו... און אַ האַס וועל איך מאַכען צווישען דיר און... ער וועט דיך טרעטען אין קאָפּ און דו וועסט אים (דעם מענשען) בייסען אין זיין טריט...״

אייגענטליך, וואָס איז די קללה „דו וועסט א י ם בייסען?״ פאַר־שעלטען, אַז ער וועט גאָר י ע נ ע ם שלעכטס טאָן?

נאָר — די ערגסטע קללה איז צו זיין אַ — בייסער!...

די גרעסטע שטראָף פאַר אַ מענשען, פאַר אַ באַשעפעניש, איז צו בייסען.

ווי צו איינעם וואָס איז שטענדיג אַ בייסער!

דאָס פאַרביטערט, פאַר׳סמ׳ט און צעבערעכט דאָס לעבען פון אַ מענטשען.

דער דעספאָט איז אַזאַ מין פאַרשאָלטען באַשעפעניש, און ס׳ליגט אין דער נ אַ ט ו ר פון זיין רעזשים צו פּראָדוצירען שלעכטס, אומגליק, אכזריות.

און דאָס איז דער מיין פון „ויכבד ה׳ את לב פרעה״, מ׳האָט ביי אים צוגענומען די בחירה, ווייל ער האָט צוגענומען ביי אַנדערע די בחירה; אַזוי, אַז ער מ ו ז שלעכטס טאָן, און דאַרין ליגט שוין דער זאָמען פון זיין אונטער־גאַנג: מדוע נסחף אביריך? „פאַרוואָס זענען אונטערגעגאַנגען דיינע שטאַרקע?״ איז דער ענטפער: „קולה בנחש הולך״; די שטים וואָס מיר הערען פון טיראַנען איז די שטים פון אַ גיפטיגער שלאַנג, וועלכע איז פאַרשאָלטען צו בייסען און אין וועמענס גיפט ס׳ליגט איר קללה.

היינט זעען מיר עס קלאָרער ווי ווען ס׳איז אַמאָל. די קאָמוניסטישע רעזשימען, וועלכע האָבען זיך פאַרנומען מיט אכזריות געגען אידען, זענען אַ מוסטער פון אַזעלכע שלעכטס־טוער וואָס סיי דאָס שלעכט־טאָן סיי זייער סוף־כל־סוף׳דיגער אונטערגאַנג ליגט אין זייער נאַטור, א י ן ד ע ר ט ב ע פ ו ן ז י י ע ר ז י י ן ט י ר אַ נ ע ן.

אָבער אין דער צייט ווען דער טיראַן ווילדעוועט, הערט זיך ג־ט׳ס שטים: עודך מסתולל בעמי לבלתי שלחם (ט׳, י״ז). „דו רייצט דיך נאָך מיט מיין פאָלק און דו לאָזט זיי נישט אַרויס״, נישט גענוג וואָס דו לאָזט זיי נישט פריי לעבען ביי דיר, האָלטסטו זיי און לאָזט זיי נישט אַרויס; און ס׳הילכט — דעמאָלט און ה י י נ ט — דער רוף:

שלח את עמי! „שיק אַרויס מיין פאָלק!״

### גאולה דורך חנוך

די גרויסע גאולה־סדרה הויבט זיך אָן מיט אַן עניין וואָס אין פלוג זעט ער אויס צו זיין אַ זייטיגער, אַ נעבענבייאיגער, אָבער אין תוך איז ער, ווי מיר וועלען באַלד לערנען, אַן עיקר. דאָס איז ח נ ו ך.

לויט דעם אָרט וואָס ער פאַרנעמט אין דער סדרה פון יציאת מצרים זעען מיר אָט וואָס: חנוך איז אַ טייל פון גאולה. חנוך איז אויך סיי אַ גורם צ ו גאולה, סיי אַ רעזולטאַט פ ו ן גאולה.

באַלד אין צווייטען פסוק פון דער סדרה, נאָכ׳ן שליחות פון השי״ת צו פרעה׳ן לייענען מיר וועגען אַ שליחות פון גאָר אַנדערען סאָרט:

„און כדי דו זאָלסט דערציילען אין די אויערען פון דיין זון, און פון

דיין זונ׳ס זון... און איר זאָלט וויסען, אַז איך בין ג־ט״. למען תספר באזני בנך ובן בנך... וידעתם כי אני ה׳. (י׳ ב׳).

און אין דער ענד־פרשה פון דער סדרה, נאָך די אַלע מכות, און נאָך יציאת מצרים, לייענען מיר ווידער:

„און זאָלסט דערציילען דיין זון אין יענעם טאָג, אַזוי צו זאָגען: דאָס איז פון וועגען דעם וואס ג־ט האָט מיר געטאָן ביי מיין אַרויסגיין פון מצרים.״ והגדת לבנך ביום ההוא לאמור, בעבור זה עשה ה׳ לי בצאתי מצרים. (י״ג, ח׳).

די דאָזיגע צוויי פסוקים זיינען ווי אַ ראַם וואס נעמט אַרום די אויפ־טרייסלענדיגע גאולה־פאַסירונגען.ביידע פסוקים אַנטהאַלטען איין און דעם זעלבען געבאָט: חנוך.

אין ערשטען פסוק איז אָבער אומפאַרשטענדליך דער סדר, צוערשט: למען תספר באזני בנך, און ערשט דערנאָך: וידעתם כי אני ה׳. אייגענטליך האָט דאָך געדאַרפט זיין פאַרקערט, צוערשט ו ו י י ס ט מען, קען מען אַליין, און דערנאָך ד ע ר צ י י ל ט מען. האָט דאָך געדאַרפט זיין צוערשט וידעתם און דערנאָך תספר, צוערשט וויסען דערנאָך — דערציילען.

נאָר דאָ אין אַמעריקע קענען מיר פאַרשטיין דעם מיין פון דעם דאָזיגען איבערקערען דעם סדר. פריער האָט מען געוואוסט, אַז די תורה איז איבערגעגעבען בירושה פון עלטערן צו קינדער. די תורה איז געווען מ ו ר ש ה. און געוויינליך איז וואס ווייטער אַ דור געוואָרען וויניגער פון דער ירושה. נתמעטו הדורות, די דורות זיינען געמינערט געוואָרען — אין תורה, פאַר־שטייט זיך. האָט מען גערעדט מיט בענקעניש וועגען „פאַרצייטיגע אידען״. און די פאָדערונג לגבי דער יוגענט איז געווען: לכו בדרכי אבותיכם, מ׳זאָל גיין אין די וועגען פון די עלטערן.

דאָ אין אַמעריקע איז אַנדערש. דער פריערדיגער דור, אָדער די ערשטע צוויי דורות אימיגראַנטען פון אייראָפּע, האָבען געהאַלטען, אַז „דאָ איז עס נישט מעגליך״, תורה, הייסט עס, האָט נישט קיין פּלאַץ אין אַמעריקע.

היינט־צו־־טאָג, ווען ס׳איז פאַראַן אַ דראַנג און אַ צוריקקום צו תורה, איז דער ווייטערדיגער דור נענטער צו תורה איידער דער פריערדיגער. די קינדער גייען אין ישיבות און די עלטערן גייען נאָך די קינדער. דורך דעם געבען די קינדער אַ ישיבה־ערציאונג קומען צוריק די עלטערן צו תורה.

אַזוי איז אויך געווען אין מצרים. די עלטערן האָבען געהאַט אַ שווער לעבען, געווען פאַרשקלאַפט. האָבען זיי נישט דערהערט דעם רוף צו תורה „מחמת דעם קורצען אָטעם און שווערע אַרבייט״, מקוצר רוח ומעבודה קשה. זיינען זיי ערשט צוגעקומען, צוריקגעקומען צו ג־ט׳ס וואָרט דורך — די

קינדער. דורך למען תספר באזני בנך זיינען זיי צוגעקומען צו וידעתם כי אני ה׳. דעריבער צוערשט „למען תספר״ און דערנאָך „וידעתם״.

שטעלט די תורה אַוועק ביים אָנהויב פון דער גאולה־פרשה אַ באַדינג: די ג י י ס ט י ג ע באַפרייאונג, און דאָס דערהויבען זיך צו ידיעת ה׳, וועט קומען דורך למען תספר באזני בנך, מיט איין וואָרט, דורך חינוך.

דאָס מיינט אויך די נבואה וועגען דעם גאולה־אָנזאָגער אין אַן אַנדערער תקופה, וועגען אליהו הנביא: והשיב לב אבות על בנים, „און ער וועט אומ־קערן דאָס האַרץ פון די עלטערן אויף די קינדער.״ וואָס מיינט ע ל ב נ י ם? ס׳האָט דאָך געדאַרפט שטיין א ל בנים, צ ו די קינדער? ענטפערט רש״י: על־ידי בנים, ד ו ר ך די קינדער; דאָס האַרץ פון די אָבות וועט צוריק־קומען צו ג־ט דורך די קינדער. (מלאכי ג׳, כ״ד).

צום סוף פון דער סדרה לייענען מיר ווידער:

והגדת לבנך ביום ההוא „זאָלסט זאָגען דיין זון אין דאַזיגען טאָג״ (י״ג, ח׳), אַ געבאָט, וואָס אויף אים איז געבויט די גאַנצע הגדה של פסח.

„ביום ההוא״ מיינט, אַז טאַקי אין טאָג פון גאולה דאַרפסטו אויך דערציילען. דאריבער שטייט: „מצוה לספר ביציאת מצרים״, א י ן יציאת מצרים זאָלסטו אויך דערציילען וועגען יציאת מצרים. (מיין בן־יחיד אברהם משה זיידמאַן, 8 יאָר אַלט, תלמיד ישיבת סטאָלין)

מערקווירדיג, אַז דער פסוק ווערט אין דער הגדה אָנגעווענדעט אויף דעם „וואָס ווייסט נישט צו פרעגען״, אויף דעם שאינו יודע לשאול. און דערביי ווערט דער שאינו יודע לשאול פאַרבונדען ג׳יט׳ן רשע, לויט רש״י אויף דעם ווייטערדיגען פסוק: והיה כי ישאלך בנך לאמור, מה זאת.

פרעגט זיך: פון וואַנען עפּעס די פאַרבינדונג צווישען דעם שאינו יודע לשאול און דעם רשע? דער ערשטער איז דאָך נישט מער ווי אַ קינד, וואָס ווייסט נעבעך נישט וואָס און ווי אַזוי צו פרעגען, זה תינוק טפש שאינו יודע להעמיק שאלתו, ווי רש״י זאָגט.

נאָר ס׳איז דווקא יאָ פאַראַן אַ פאַרבינדונג. וואָרים דער רשע וואָס טענה׳ט מה עבודה הזאת לכם, האָט געבראַכט דערצו, אַז די קינדער, אידישע קינדער, ווייסען אפילו נישט צו פרעגען: ס׳איז זיי גאָרנישט קשה, די אַלע פּראָבלעמען מיט וועלכע ס׳טומעלט אין אידישען וועלטעל זיינען פאַר זיי פרעמד. נישט בלויז וואָס זיי זוכן נישט קיין „לעזונג״, נאָר ס׳אַרט זיי ניט.

אין זמן התלמוד האָט רב פפא בשום אופן נישט געקענט פאַרשטיין: „איז דען פאַראַן אַזעלכער וואָס האָט נישט קיין ידיעות פון תורה לערנען?״ מי איכא דלית ליה ידיעת בית רבו? ווי עס מעגליך? האָט אביי נישט געקענט

אַנדערש אויסגעפינען אַזאַ קינד וואָס האָט קיינמאָל נישט גענאָסען פון אַ אידישען חינוך, ווי תינוק שנשבה בין הגויים (שבועות ח'), ד. ה. אַן אויסנאַם, אַ קינד וואָס ס'איז מיט אים געשען אַן אומגליק. היינט איז אַ גאַנץ דור געפאַנגען אין פרעמדקייט און פאַרפרעמדקייט, איז אַ תינוק שנשבה, און ווייסט נישט צו פרעגען, איז אַ שאינו יודע לשאול . . .

„שיק אַרויס מיין פאָלק !...״

פיל און פאַרשידען זיינען די ענינים אין דער היינטיגער סדרה, גרויסע פאַסירונגען קומען דאָ פאָר — אָבער איבער אַלעמען הויבט זיך אַרויס דער רוף: שיק אַרויס מיין פאָלק! שלח את עמי!

דאָס איז דער רוף, דער געבעט, די פאָדערונג, די וואָרענונג, וואָס ווערט אַזוי לאַנג און אַזוי עקשנות'דיג איבערגע'חזר'ט, ביז ער מוז דערהערט ווערען, ביז דער טיראַן מוז זיך בויגען.

דאָס איז דער רוף וואָס היינט, נאָך טויזענטער יאָרען, הילכט ער אַזוי ניי, אַזוי אַקטועל, אַזוי היינטיג און דאָאיג — בנוגע דעם פאַרשפאַרטען, פאַרשקלאַפטען רוסישען אידענטום, — ווי דעמולט אין מצרים.

דאָס איז היינט אַ רוף אַן אַ קול, אַ געוויין אַן אַ געשריי, אַ שטיל געבעט — ווייל נישטאָ קיין משה, און ס'איז דאָ דער קוצר רוח. אָבער דאָך הערט זיך אַרויס דער שלח־את־עמי־רוף פון די דערשטיקטע קרעכצען, פון די שטימע תחנונים־בליקען פון מיליאָנען אידען וואָס זיינען בבחינת יורדי דומה, „אַראָפגענידערטע אין שוויגעניש״.

פאַרשלאָסען האָט דער טיראַן, היינט אין רוסלאַנד, ווי דעמאָלט אין מצרים, זיין בית עבדים אויף זיבען שלעסער. מיליאָנען אידען קנעכטעווען דאָרט, פרעמדע, גע'רודפ'טע — אמאָל מער אכזריות'דיג און אַמאָל, ווען ס'איז „גוט״, ווען ס'איז „בעסער״ — עטוואָס מילדער, וויניגער גרויזאַם — און עס הילכט אָפּ פון דעם שטימען אָפּגרונט די בקשה, די תחנונים, דאָס געוויין אַן אַ קול: שלח את עמי!

ווער דאָס דאָזיגע שטילע אָבער שטאַרקע און דורכדרינגענדיגע קול אַזוי לאַנג בויערן דאָס געוויסען, וועקען און בעטען, און עקשנות'דיג שאַלען אין חלל פון דער וועלט, פון אונזער וועלט און פון זייער וועלט, ביז עס וועט מוזען דערהערט ווערען!

די קריאה איז מעורר דעם זמן, ווי עס הייסט אין די חסיד'ישע ספרים. זאָלען מיר דעריבער היינט געדענקען, און זאָלען מיר קיינמאָל אויף קיין איין

מינוט נישט פאַרגעסען, די „פאַרגעסענע אידען", וואָס אם אשכחך תשכח ימיני...

זאָלען מיר געדענקען און ד ע ר מ אָ נ ע ן די אחינו כל בית ישראל, „אונזערע ברידער, דאָס גאַנצע הויז פון ישראל, וועלכע זיינען אין אַ צרה און אין געפאַנגענשאַפט... זאָל ג־ט זיך דערבאַרימען איבער זיי, און זאָל זיי אַרויס־ציען פון דער ענגשאַפט צו פרייהייט, פון פינסטערניש צו ליכט, פון פאַר־קנעכטונג צו אויסלייזונג..." המקום ירחם עליהם ויוציאם מצרה לרווחה ומאפילה לאורה ומשעבוד לגאולה...

גאַנצע 430 יאָר זיינען אידען געווען אין גלות מצרים, און אין די אַלע לאַנגע, שווערע יאָרען האָט נישט אויפגעהערט דער רוף שלח את עמי. לערנט עס אונז, אַז עס טאָר נישט פאַרשטומט ווערען דער רוף און עס טאָר נישט אויפגעגעבען ווערען די האָפענונג, אף על פי ש י ת מ ה מ ה.

ווען עס שלאָגט די גרויסע שעה...

**וואֶרים** ווען עס שלאָגט די גרויסע שעה, דאַן איז עס פלוצים און שנעל, און מען מוז זיין גרייט און גיך, דאַן איז ולא יכלו ל ה ת מ ה מ ה, דעמאָלט ק ע ן מען זיך נישט פאַרזאַמען.

ווי מיר לערנען אין דער היינטיגער סדרה. ווען מיר קומען צו צום קלימאַקס פון די געשעעענישען, איז וואָס עס פאַרכאַפּט אַממיינסטען אונזער אויג און אונזער אָטעם, איז דער ט ע מ פּ אָ, די אָטעם־פאַרכאַפּענדיגע גיכקייט.

גאַנצע 430 יאָר האָט זיך געשלעפּט דאָס גלות־מצרים. יאָרען לאַנגע, שווערע, פאַמעליכע, אַן איילעניש און יאָגעניש; ווען עס האָט אָבער אויסגע־שלאָגען די אויסגעבענקטע שעה — וואָסער שנעלקייט! וואָסער יאָגעניש! קיין איין מינוט האָט מען נישט געטאָרט זיך אויפהאַלטען! קיין איין רגע נישט פאַרלירען!

ווען עס איז געקומען דער ויהי בחצי הלילה, איז עס געווען גענוי מיט דער סעקונדע, — וואָס זאָג איך? אין דער מענשליכער אוממעסטבאַרער און־באַרעכענבאַרער קלענסטער צייט־איינהייט „ספּליט־סעקאַנד". ווי די חז"ל ווייזען אָן, אַז משה האָט געזאָגט צו פרעה'ן: כ ח צ ו ת הלילה, אַ ר ו ם האַלב־נאַכט, ווייל אַ מענש קען נישט מכוון זיין גענוי, אָבער געשען איז עס גענוי ב ח צ י ה ל י ל ה, פונקט אין האַלבער נאַכט, ווייל הקב"ה האָט יאָ מכוון געווען. דאָס איז אין מיקראָ־צייט־איינהייט!

און די אידען ווערען געוואָרענט: „און אַזוי זאָלט איר אים (דעם קרבן פסח) עסען: אייערע לענדען אָנגעגורט, אייערע שיך אויף אייערע פיס און אייער שטעקען אין אייער האַנט; און איר זאָלט עסן אין ג ע א י י ל"... וככה תאכלו אותו, מתניכם חגורים, נעליכם ברגליכם ומקלכם בידכם, ואכלתם אותו בחפזון (י"ב, י"א). זאָל אייך ניט אויפהאַלטען אין מצרים דאָס וועלען געניסען פאַמעלעך און צו דער פולער זעט. ניין. בחפזון, איילט זיך! לויפט גיך, גיכער!...

אויך דער מאָטיוו פון מ צ ו ת איז איילעניש, יאָגעניש, טעמפאָ. ווען עס קומט דער מאָמענט פון באַפרייאונג איז נישט קיין צייט צו זאָרגען וועגען פאַרטיק מאַכען עסען, וועגען אויסבאַקען שפייז. ניין. גיך, נישט אויסבאַקען, מצות. וואָרים יעדע פאַרשפעטיגונג, יעדעס אָפּשלעפּען, אפילו אויף אַ מינוט, אויף אַ משהו — ווען עס לייכט אויף דער מאָמענט פון גאולה — איז אָסור, איז אַ שווערע זינד אָפּלייגען, פאַרזאַמען גאולה איז ח מ ץ, איז אַן איסור כרת; דער עונש פון „פאַרשניטען ווערען פון דער עדה פון אידען", כי כל אוכל מחמצת ונכרתה הנפש ההוא מעדת ישראל (י"ב, י"ט).

וואָרים עס איז פּסח, און פּסח מיינט איבערהיפּערן, איבערשפּרינגען, אשר פ ס ח על בתי בני ישראל, השי"ת האָט איבערגעשפּרונגען די הייזער פון אידען. נישט קיין פּאַמעליכער, געמיטליכער, בהדרגה'דיגער פּראָצעס איז די באַפרייאונג. נישט קיין שטילע ע וו אָ ל ו צ י ע איז גאולה, נאָר אַ ר ע-וו אָ ל ו צ י אָ נ ע ר ע געשעעניש. אַ שטורמישע פּאַסירונג וואָס קומט שנעל, פּלוצים, און — ולא יכלו להתמהמה, זיי ק ע נ ע ן זיך נישט פאַרזאַמען.

פאַרזאַמען, אָפּשלעפּען, זיך פּאַמעלעך צוגרייטען, מיושב'דיג אויסרע-כענען און אויס'חשבונ'ען, צי קען מען, צי מעג מען, צי ס'איז כדאי — דעמאָלט ווען ס'איז אָנגעזאָגט בחפזון — אָט דאָס איז חמץ! היט זיך דערפאַר! אפילו פון אַ משהו.

דאָס מיינט דער בעל הגדה, ואלו לא הוציא הקב"ה את אבותינו ממצרים, הרי אנו ובנינו ובני בנינו משועבדים היינו לפרעה במצרים. פאַרוואָס? מען האָט דאָך געקענט שפּעטער אַרויס? נאָר מען ט אָ ר נישט פאַרפּאַסען די שעה. ווייל ווער ווייסט צי זי וועט נאָך אַמאָל צוריקקומען.

וואָרים גרויסע שעה'ן, די „שטערן-שעה'ן פון דער מענשהייט", ווען הימלען עפענען זיך און די שעה קומט, — אויב דער מענש איז נישט גרייט מאָמענטאַל זי אָנצוכאַפּען, איינצוקלאַמערען זיך אין איר — דאַן קען זי

פאַרביי, און ווער ווייסט צי זיי וועלען נאָך אַמאָל זיך באַווייזען? ווייל גרויסע שעה׳ן, זיינען זעלטען אין דער געשיכטע. אפשר איינמאַליג!

איז אויב דער מענש, אָדער די באַטרעפענדע גרופּע מענשען, איז נישט געבענשט מיט דעם דאָזיגען „מוזיקאַלישען געהער״, אַזוי צו זאָגען, אויף דעם אויסקלינגען פון די געבענשטע שעה׳ן; אויב דער מענש איז טויב אויף דעם „קול ה׳ אלוקים מתהלך בגן לרוח היום״, דערהערט נישט די שטים פון ג־ט וואָס גייט הילכענדיג אין דעם גאָרטען פון דער געשיכטע, לרוח היום, צום גייסט פונ׳ם טאָג, פון ד ע ם טאָג, פון ד ע ר שעה — דאַן פאַרשווינדט די שעה, און דער מענש בלייבט ליידיג, אויסגעהוילט, צובראָכען, פאַרפּאַסט די גרויסע שעה...

דאָס מיינט „ג־ט׳ס הילף קומט אין אַן אויגענבליק״, תשועת ה׳ כהרף עין. אָבער מען טאָר נישט פאַרפּאַסען דעם אויגענבליק!

מיר האָבען עס געזען אין אונזער צייט מיט׳ן אויפקום פון מדינת ישראל. וואָלט מען דעמאָלט, דעם 29־טען נאָוועמבער, 1947, און דאַן ה׳ אייר תש״ח, דעם 15־טען מאַי, 1948, נישט געענטפערט „יאָ״ אויפ׳ן רוף פון דער השגחה, ווער ווייסט צי די געלעגענהייט וואָלט נישט פאַרבייגעלאָפען — אויף קיינמאָל נישט צוריקצוקומען, סיידען ביז צו ביאת הגואל. וואָרים מיר זעען היינט ווי די פּרימיטיווסטע אַפריקאַנישע שבטים, אַזיאַטישע פעלקער, שטייען אויף צו זעלבסטשטענדיגקייט, צו מלוכה׳שאַפט — וואָלטען די אַראַבישע פעלקער טאָלערירט אַ בריטישען מאַנדאַט איבער פּאַלעסטינע? וואָלטען אידען נישט באַפרייט ארץ ישראל, דאַן וואָלטען די אַראַבער עס באַפרייט — פאַר זיך. און אַוודאי וואָלטען אייזענהאַוער און דאַלעס נישט געגעבען אונז די שטיצע וואָס טרומאַן האָט אונז געגעבען אין דעם היסטאָרישען מאָמענט... און ווער ווייסט צי ארץ ישראל וואָלטען נישט פאַרכאַפּט די בלוט־דורשטיגע שוקיירים, קאַוקאַדזשיס, נאַסערס, און די אידען אין די לאַגערן וואָלטען גע־בליבען די „שוץ־יודען״ פון די דייטשען, ימ״ש.

אַזוי קענען מיר בעסער היינט פאַרשטיין דעם מיין פונ׳ם פּסוק: „ג־ט האָט זיי געבאָטען, צו די אידען און צו פּרעה׳ן, דעם קעניג פון מצרים, כדי אַרויסצופירען די אידען פונ׳ם לאַנד מצרים״. ויצוום אל בני ישראל ואל פרעה מלך מצרים להוציא את בני ישראל מארץ מצרים. זאָגט דערויף רש״י: „צווה עליהם להנהיגם״, ער האָט זיי אָנגעזאָגט אויף אידען, זיי צו פירען. און דער „שפתי חכמים״ טייטשט אויס רש״י׳ן: השי״ת האָט געהייסען די אידען, זיי זאָלען זיך אַ ל י י ן באַפרייען פון גלות, דמפסוק משמע שצווה את ישראל ע צ מ ם שיוציאו את עצמם.

זעען מיר דאָ אין דער סדרה וואָסערע וויכטיגע ראָלע עס שפּילט דער עלעמענט פון צ י י ט, פון אויסנוצען דעם היסטאָרישען מאָמענט, פאַר אויספירען אַט דעם געטליכע געבאָט פון זעלבסט־באַפרייאונג. אויב מען פאַרשפּעטיגט, איז יום לשנה, יום לשנה, און אַמאָל אויף אַ — יאָרהונדערט.

מען דאַרף וואַרטען מיט געדולד, מיט אמונה און בטחון, אף על פי שיתמהמה, אָבער ווען עס שלאָגט אויס די געבענקטע, געבענטשטע שעה, איז ולא יכלו להתמהמה, טאָר מען נישט פאַרפּאַסען! דאַרף מען זיין גרייט און ראוי צו הערען דעם קול ה׳ וואָס שאַלט אין גן פון דער געשיכטע, און ענטפערען: הנני, איך בין דאָ!

פרשת החודש: באַנייאונג דורך באַפרייאונג

**החודש** הזה לכם ראש חדשים. ד ע ר חודש, דער ניסן־חודש, דער פּסח־חודש איז דער „קאָפּ" פון אַלע חדשים; דער ק ל י מ אַ ק ס און צוגלייך דער אָ נ ה ו י ב.

זאָגט דערויף דער מדרש רבה: הרואה את הלבנה, איך צריך לברך בזמן שהיו ישראל מקדשין את החודש? ווי אַזוי דאַרף מען מאַכען אַ ברכה אויף דער לבנה? זענען פאַראַן דריי מיינונגען: א) ברוך מ ח ד ש חדשים; ב) ברוך מ ק ד ש חדשים; ג) ברוך מקדש י ש ר א ל.

דאָ האָט איר דריי דעות וועגען דעם מיין פון חודש: ערשטע, ברוך מ ח ד ש חדשים, באַ נ י י א ו נ ג פון צייט. צייט איז נישט קיין גראָער, ענדלאָזער, אָן תכלית׳דיגער שטראָם, וואָס גייט זיין איביגען גאַנג אָן אַ „פונוואַנען" און אָן אַ „וואוהין". ניין, פאַראַן התחדשות, באַנייאונג, אויפפרישונג, ווידער־געבוירען, ווידער אָנהויבען פונס׳ניי מיט יוגענט־שוואונג. ווי מיר זאָגען (ווער ס׳זאָגט . . .) אין יוצר צו פרשת החודש:

„ותעשה בו חדשה לבראות ארץ חדשה, להנתן דעה חדשה, להבראות בריה חדשה".

„און ס׳ווערט געמאַכט אין חודש אַ נייעס, צו באַשאַפען אַ ניי לאַנד, אַריינצוגעבען אַ נייעם גייסט, צו געשטאַלטען אַ נייע באַשאַפונג".

די צווייטע מיינונג אין מדרש איז: „ברוך מ ק ד ש חדשים". די ה י י ל י ג ו נ ג פון צייט. צייט איז נישט בלויז אַן „אינדערוואַכען", נישט בלויז קיין גראָע טעג, וואָס יאָגען איינער דעם אַנדערען אין איביגער פאַרהאַרעוועטקייט און פאַרהאָרעוועטקייט. אַפילו אין די וואָכענדיגע טעג ברענגען

אידען אַרייך יום־טוב׳דיגקייט, און אַוודאי אין די שבת און יום־טוב־טעג, אין ימים נוראים, חגים וזמנים, מקדש חדשים.

די דריטע מיינונג איז „ברוך מקדש ישראל״: אידען ווערען גע־הייליגט אין שטראָם פון דער צייט. די קריאות התורה איז מעורר דעם זמן, לויט׳ן חסידישען אויסדרוק, און די צייט איז משפיע רוחניות, קדושה, השראה, דערהויבונג אויף אידען.

מיר פייערען נישט קיין שום חודש מיט אַ באַזונדערען טריאומפאַלען אַריינפיר ווי דעם ניסן־חודש, דעם פסח־חודש. איז דאָך דעם ימים־נוראים־חודש, תשרי, אינגאַנצען „פּאַרדעקט״ (שהחודש מכוסה בו). נאָר ניסן דער גאולה־חודש, ניסן דער באַפרייאונגס־חודש, ווערט פּאַראויסגעשאַלט מיט פּרשת החודש.

וואָרים די אמת׳ע באַנייאונג איז — באַפרייאונג.

אויף החודש הזה לכם... „דער דאָזיגער חודש איז פאַר אייערט־וועגען״... זאָגען די חז״ל: זעזע הקב״ה את העולם והראה למשה הלבנה בחי־דושה, „השי״ת האָט אויפגעטרייסעלט די וועלט און געוויזען משה׳ן די לבנה אין איר באַנייאונג״.

דאָ ווערען אַרויסגעבראַכט צוויי ענינים: אויפטרייסלען און באַנייען: „זעזע״ און „חידוש״. די אויפטרייסלונג איז באַשטאַנען אין דעם רעוואָלט קעגען עבודה זרה, ווי די חז״ל טייטשען אויף משכו וקחו, משכו ידיכם מעבודה זרה, „נעמט אַוועק אייערע הענט פון עבודה זרה״.

דאָס אַליין איז שוין אַ גרויסע אויפציטערנדיגע געשעעניש. ווייל די גמרא זאָגט דאָך, אַז „ווער ס׳לייקענט אין עבודה זרה איז גלייך ווי ער וואָלט מודה געווען אין דער גאַנצער תורה!״ כל הכופר בעבודה זרה כאלו מודה בכל התורה כולה (נדרים, כ״ה).

און דאָס איז געווען די גרויסע באַנייאונג. אַ נייע וועלט האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר משה׳ן און פאַר די אידען, און נישט קיין איינמאַליגע באַ־נייאונג איז עס געווען, נאָר אַ שטענדיגע התחדשות, פּונקט ווי די לבנה, וואָס ווערט באַנייט יעדען חודש, ווי פרילינג וואָס ווערט באַנייט יעדעס יאָר.

איז דער אַריינפיר צו חג האביב, דער החודש הזה לכם.

דאָס איז געווען דאָס מאַכען אויפציטערען די וועלט, זי אַרויסנעמען פון איר פאַרשטאַרצקייט און פאַרגליווערטקייט ווי די עגיפּטישע מומיעס, זעזע הקב״ה את העולם, און ברענגען די גרויסע אייביגע באַנייאונג, והראה למשה את הלבנה בחידושה, און ס׳איז געוויזען געוואָרען די באַנייאונג.

## מסירת נפש ברענגט גאולה

(לויט א שמועס פונ׳ם ליובאוויטשער רבי׳ן, האדמו״ר ר׳ מנחם מענדל שניאורסאָן, שליט״א)

מיר לייענען אין פרשת החודש, אַז השי״ת האָט געבאָטען „אין צענטען טאָג פון דאָזיגען חודש (ניסן) זאָלען זיי איטליכער זיך נעמען אַ שעפּס פּאַר אַ פאָטער־הויז, אַ שעפּס פּאַר אַ הויזגעזינט״. בעשור לחודש הזה ויקחו להם איש שה לבית אָבות, שה לבית (בא י״ב, ג׳).

דער שה איז געווען די עבודה זרה פון די מצריים, זיי האָבען געדינט צו אים אַלס אָפּגאָט, פונדעסטוועגען האָט השי״ת געהייסען די אידען האַלטען דעם שעפּס פיר טעג אין שטוב, און אויף די פראַגעס פון די מצריים זאָלען זיי ענטפערן: מיר וועלען עס שעכטען און מקריב זיין צו השי״ת.

אָט־די שטאַרקייט וואָס די אידען האָבען דערמיט געוויזען און אָט די מסירת־נפש וואָס זיי האָבען דערמיט געצייגט, האָט געבראַכט די גאולה.

וואָרים אידען זענען בעת יציאת מצרים געווען אויסגעהוילט פון מצוות, ווי עס שטייט ואת ערום ועריה, און הללו עובדי עבודה זרה והללו עובדי עבודה זרה, האָט זיי השי״ת געגעבען די מצוה פון קרבן פסח, און אין זכות פון דער מצוה, מיט דער מסירת נפש וואָס זיי האָבען געהאַט ביי איר, זענען זיי אויס־געלייזט געוואָרען פון מצרים.

מיר לערנען וועגען יציאת מצרים: כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפל־אות. „אַזוי ווי בעת דיין אַרויסגיין פון מצרים וועל איך דיר ווייזען וואונדער״ (מיכה ז׳, ט״ו). דאָס הייסט, אַז גאולת מצרים איז אַ פּראָטאָטיפּ, אַן אָנווייז אויך אויף דער גאולה לעתיד. וויבאַלד אַז דאָס איז אַ לימוד אין דער תורה, איז עס דאָך פאַרשטענדליך, אַז אויך די ענינים וואָס האָבען געבראַכט יציאת מצרים וועלען ברענגען די גאולה העתידה.

אַזוי ווי גאולת מצרים איז געקומען דורך „תוקף״, שטאַרקייט, און מסי־רת נפש, ווי אויבען געזאָגט, אַזוי וועט אויך די גאולה העתידה קומען דורך דעם וואָס מען וועט גיין מיט תוקף און מסירת נפש.

# בְּשַׁלַּח

צוועלף למודים

12 לימודים וועלן מיר היינט לערנען, לימודים, וואָס בינדען זיך איינער מיט'ן אַנדערן אין לאָגישער שייכות.

איינס, — ניט לייכט איז דער וועג צו פרייהייט.

צוויי, — מען דאַרף זיך באַוואָפענען, כדי זוכה זיין צו ניסים.

דריי, — פיל און פאַרשידען זענען די וועגען צו גאולה.

פיר, — ווען די באַפרייאונג קומט, טאָר מען נישט פאַרגעסען אין די, וואָס האָבען פאַר איר געקעמפט.

פינף, — צו גלויבען דאַרף מען אויך — מוט.

זעקס, — די תורה וואָרענט געגען „פאַרעלטערונג" פון עמלק'ס רציחות.

זיבען, — די נאָכיאָגער נאָך אידען זענען דווקא געווען די „פרומע" רשעים.

אַכט, — די שירת הים האָט משה אַליין געזונגען; דאָס איז געווען אַן אינדיווידועל געזאַנג; און די אידען האָבען נאָכגעזונגען, ווידער אַמאָל אינדיווידועל, נישט קיין קאָלעקטיוו געזאַנג.

ניין, — דאָס איז אַ שירה, וואָס נישט בלויז עס איז געווען נאָר עס וועט זיין, אַ געזאַנג אין צוקונפט אַריין.

צען, — דער לימוד פונם מן איז, אַז כדי צו געניסען און פילען אַ טעם, מוז מען טאָן, אַרבעטען.

עלף, — די תורה לערנט נישט קיין פאַטאַליסטישע צי „פאַסיווע אמונה" — וואָס איז אייגענטליך רעזיגנאַציע — נאָר אַקטיווע אמונה.

צוועלף, — די תורה פון שלום פאַרבאָט שלום צו מאַכען מיט עמלק'ן; הייסט אים האַסען, און ניט נאָר „אין אונזער דור", נאָר אין אַלע דורות.

איצט לאָמיר לערנען כסדר.

לימוד איינס — ניט נאָענט איז דער וועג צו פרייהייט.

ויהי בשלח — „און עס איז געווען ווען פּרעה האָט אַוועקגעשיקט דאָס פאָלק״. איז דאָך שוין גוט — וואָס־זשע דען נאָך? נאָר ניין. עס איז נישט נאָענט דער וועג צו פרייהייט — אפילו שוין נאָכ׳ן „אַוועקשיקען״. ולא נחם אלקים דרך ארץ פלשתים — „האָט זיי ג־ט נישט געפירט דורך דעם וועג פונ׳ם לאַנד פון די פלשתים״.

פאַרוואָס? דאָ קומט אָן ענטפער, וואָס זעט אויס צו זיין גאָר אָן אָפּ־פרעג. כי קרוב הוא — „ווייל ער (דער וועג) איז נאָענט״. איז דאָך די סברה פונקט פאַרקערט — נעמליך, אַז מען דאַרף פירען דווקא דורכ׳ן נאָענטסטען וועג, נישט?

נאָר וויזט אויס, אַז דער נאָענטער וועג איז ניט תמיד דער נאָענטסטער... און, אַז — נישטאָ קיין נאָענטער וועג צו פרייהייט.

מען דאַרף דורכגיין אַ ווייטען און שווערען וועג ביז מען קומט־צו צו גאולה, לערנט מען אונז דאָ.

לימוד צוויי — טאָקע ניסים, אָבער מען דאַרף זיך באַוואָפענען, כדי זוכה זיין צו זיי.

וחמושים עלו בני ישראל ממצרים — „און באַוואָפענטע זענען די קינדער פון ישראל אויפגעגאַנגען פון מצרים״ (שמות י״ג, י״ח). דאָ לערנט מען:

עס זענען געשען ניסים, אָבער אידען האָבען זיך נישט פאַרלאָזט אויף ניסים! אין סומכין על הנס, האָבען די חז״ל אונז געלערנט. זיי האָבען זיך באַוואָפענט נאָך זייענדיג אין מצרים. וויזט אויס אין „אונטערגרונט״. זיי זענען געווען באַוואָפענט מיט געווער, און מיט׳ן ווילען צו קאַמף פאַר באַ־פרייאונג. אין דעם זכות האָבען זיי זוכה געווען צו ניסים, אַזוי ווי די העלדישע יונגע אידען אין קאַמף פאַר דער היינטיגער מדינת ישראל.

לימוד דריי — פילע און פאַרשידענע זענען די וועגען צו גאולה.

מיר לערנען ביי קריעת ים סוף: ברא שנים עשר מבועין כנגד שנים עשר שבטים — „עס זענען באַשאַפען געוואָרען צוועלף וועגען אין ים אַקעגען די צוועלף שבטים״ (מכילתא, בשלח, פרק א׳). דאָס מיינט לגוזר ים סוף לגזרים — „דער ים סוף איז צעשניטען געוואָרען אויף שטיקער״, דורך די פילע וועגען („לעינס״) אין ים.

פרעגט זיך: צו וואָס האָט מען געדאַרפט צוועלף וועגען, פאַר יעדען

שבט אַ באַזונדערן וועג? האָבן זיי דען ניט געקענט גיין אַלע אין איין וועג?

איז פון דאַנען אַ לימוד, אַז פאַרשידענע זענען די וועגן צו גאולה. פאַרשידענע זענען די וועגן פאַר פאַרשידענע שבטים. יעדער איז זיך געגאַנגען אין זיין „סטעזשקע", אָבער אין איין ריכטונג, צו איין ציל. מען קען ניש אָפּ׳פסק׳ענען, אַז דער און נאָר דער וועג פירט צו באַפרייאונג, ווי טייל (צי בנוגע ישראל, צי אין אינערליכען גייסטיגען לעבען אומעטום) פסק׳ענען אָפּ — זייענדיג מבטל אַלע אַנדערע וועגען און די וואָס גייען אין זיי.

ווען עס איז אָנגעגאַנגען דער קאַמף וועגען ישראל, האָבן טייל „דעצי־דירט", אַז בלויז זייער וועג איז דער ריכטיגער און גע׳פסל׳ט, און אפילו באַקעמפט, אַלע אַנדערע. די געשיכטע האָט באַוויזען, אַז פאַרשידענע וועגען — צי קאָלאָניזאַציע און פּאָליטישע אַרבעט, צי אונטערגרונט, באַוואָפּענטער אויפ־שטאַנד פון „אירגון צבאי לאומי" און לח״י, צי פאַרטיידיגונג פון הגנה — האָבן בייגעטראָגען צו דערגרייכען דעם ציל.

לימוד פיר — איז פאַרבונדען מיט׳ן פריערדיגען — אַז ווען די באַ־פרייאונג קומט זאָל מען נישט פאַרגעסען די, וואָס האָבן אין איר געגלויבט און פאַר איר געקעמפט.

דאָס לערנען מיר פון מרים׳ס שירה. באמת, באַשטייט איר „שירה" בלויז פון איין פסוק, וואָס זי האָט, אייגענטליך, בלויז איבערגע׳חזר׳ט פון משה׳ס שירה: שירו לה׳ כי גאה גאה וגו׳. וואָס־זשע האָט דאָ מרים אויפגעטאָן?

ווען עס האָט געהאַט שוין אויסגעזען, אַז אַלץ איז פאַרלוירען, האָט מרים נישט פאַרלוירען איר אמונה. זי האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט פון איר וויזיע, פון איר נבואה, און נישט פון איר ווילען צו טאָן פאַר איר פאַר־ווירקליכונג.

איצט, ווען איר נבואה איז פאַרווירקליכט, און איר טאַט — געקרוינט מיט גאולה, גיט איר די תורה די אָנערקענונג פאַר איר גלויבען און די הכרת טובה פאַר איר קאַמף. איר׳ס, איז דער לעצטער טריאומפאַלער אַקאָרד, וואָס קלינגט־אויס אין דער שירה.

אַזוי לערנט די תורה די מידה, און די פליכט, פון הכרת טובה, פון דאַנקבאַרער אָנערקענונג, פון „געבען קרעדיט", ווי מען דריקט עס אויס אין אַמעריקע.

די דאָזיגע מידה דאַרפען ערשט לערנען די, וואָס געניסען היינט מיט פולע זשמעניעס פון יעדער טובה פון מדינת ישראל, אָבער וויסען נישט פון דער מידה פון הכרת טובה — טייל מאָל עקספּלואַטירענדיג פאַר־

שווענדריש און אומערליך — און פאַרגעסען אין די שלמה בן יוסף׳ס און דוב גרונערס, און יבדלו לחיים, די מנחם בעגין׳ס, דר. ישראל אלדד׳ס, גאולה כהנ׳ס, וועלכע האָבען זייער לעבען אויסגעשטרעקט, אַז עס זאָל זיין אַ מדינת ישראל...

לימוד פינף — וואס איז אויך פאַרבונדען מיט׳ן פריערדיגען. אויף דעם פסוק „בחר לנו אנשים״, „קלויב פאַר אונז אויס מענשען״, צום קאַמף (שמות י״ז, ט׳), זאָגט רש״י: גבורים יראי חטא — „העלדען, וואָס זאָלען מורא האָבען פאַר זינד״.

דאָ לערנט מען צוויי זאַכען. ערשטענס, צו יראי חטא דאַרף מען אויך זיין גבורים, מען דאַרף האָבען מוט, מען דאַרף קעמפען. יראי חטא איז אַ פאַסיווע זאַך, דאָס איז סור מרע. דאָס איז נישט גענוג. די תורה פאַרלאַנגט עשה טוב, גוטס טאָן. דערמיט איז אַנדערש די יהדות־געזעצגעבונג פון נישט־אידישער.

שנית — און דאָס איז היינט באַזונדערס אַקטועל, ווען עס קומען אַרויס אכזריות׳דיגע מעשים פון געוויסע קעמפער אין ארץ ישראל געגען זייערע מיט־קעמפער, און פּאָליטישע געגנער — גבורה איז נישט קיין תירוץ פאַר אכזריות און פאַרדאַרבענקייט. אַ העלדישער קעמפער דאַרף אויך האָבען געוויסען. גבורים יראי חטא — לערנט רש״י דעם געבאָט פון בחר לנו אנשים וצא הלחם...

לימוד זעקס — איז אויך פאַרבונדען מיט׳ן פריערדיגען, ווייל דער פסוק זאָגט דאָך: בחר לנו אנשים וצא הלחם ב ע מ ל ק. דער וואָס האָט, נישט בלויז מוט, נאָר אויך ג־ט אין האַרצען, דער קען נישט מוחל זיין עמלק׳ן, דער מ ו ז קעמפען געגען עמלק׳ן!

די פרשה וועגן עמלק׳ן קומט צום קלימאַקס־אויספיר אין דעם געבאָט מ ד ו ר ד ו ר — אַז די מלחמה געגען עמלק׳ן זאָל אַנגיין „פון דור צו דור״.

די טעאָרעטיקער פון פאַרגעסען האָבען געמאַכט שכחה פון די דייטשע רציחות פאַר אַ „נאַציאָנאַל געבאָט״. אַנדערע האָבען הכנעה׳דיג זיך געבעטען: „אונזער דור קען נישט פאַרגעסען״ — און האָבען שוין באַצייטענס, טאַקע אין אונזער דור, זיך אָנגעהויבען ברידערן מיט די דייטשען... איז אַ וואונדער וואָס די רוצחים האָבען געפּראוווט „אָפּשליסען דעם חשבון״ מיט אַ „לאָמיר פאַר־געסען וואָס מיר האָבען אָפּגעטאָן״, נאָך דעם 10־טען מאַי 1965.

אָבער אויב מען וועט ד אָ ס פאַרגעסען, שטעלט מען אין דאָס לעבען פון אידען אומעטום! ווייל פאַרגעסען, פאַרגעבען, איז פאַקטיש אַ פּראָקלאַ־מירונג, אַז אידיש בלוט איז הפקר! אַז הרג׳ענען אידען איז שטראָפלאָז!

האט די תורה אנגעזאגט, אז ניטא קיין „פארעלטערונג" פאר עמלק'ן: אז די מלחמה קעגען עמלק'ן — און דער ערגסטער פון אלע עמלקים איז דאך אפילו דער בעסטער דייטש, ימ"ש — מוז אנגיין מדור לדור!

למוד זיבען, — מיר לערנען: ויקח שש מאות רכב בחור... וירדוף אחרי בני ישראל — „און ער (פרעה) האט מיטגענומען זעקס הונדערט געקליבענע רייטוועגענער... און ער האט נאכגעיאגט די קינדער פון ישראל" (שמות י"ד, ז'־ח').

פרעגט רש"י: וואו האבען זיך דא גענומען די פערד צו די רייט־וועגענער? — אלע בהמות זענען דאך אומגעקומען בעת דער מכה פון דבר, ווי עס שטייט: וימת כל מקנה מצרים — „און עס זענען אויסגעשטארבען אלע בהמות פון מצרים" (שמות ט', ו'). ענטפערט רש"י, אז דאס זענען געווען די „פרומע" מצריים, וואס האבען מורא געהאט פאר דער מכה און האבען אריינ־גענומען זייער פי אין די שטובען. קומט אויס לויט דעם, אז דווקא די „גלוי־ביגע" מצריים, די עגיפטישע „קאטאליקען", אזוי צו זאגען, האבען נאכגעיאגט די אידען... זיי האבען, ווארשיינליך, געהאלטען עס פאר א „מצוה" צו רודפ'ן אידען.

מיר האבען עס געזען אין אונזער חורבן אין איראפע, אז ווען דער דייטש, ימ"ש, האט גע'הרג'עט אידען, האבען די קריסטליכע פעלקער, מיט זייערע גלחים, נאכגעיאגט די אידען און געהאלפען זיי אומברענגען — אלץ איינס וואס די וואטיקאן „ריינוואשער" זאלען גוט זאגען, וד"ל.

למוד אכט, — שירה האט משה א ל י י ן געזונגען. דאס איז געווען אן אינדיווידועל געזאנג, וואס האט זיך ארויסגעריסען ספאנטאניש פון זיין הארץ. ווי עס שטייט: „ישיר", און ווי רש"י זאגט: עלה בלבו לשיר שירה — „עס איז אויפגעגאנגען אין זיין הארץ צו זינגען שירה". אויך ווען אידען האבען צוזאמען געזונגען, האט יעדער געזונגען ז י י ן געזאנג: ו י א מ ר ו לאמר, א ש י ר ה לה' — „און ז י י האבען געזאגט: א י ך וועל זינגען צו ג־ט" (שמות ט"ו, א').

ניט קיין קאלעקטיוו זינגען און ניט קיין „ספאנטאנישע" ארגאניזירטע „התלהבות" — נאר יחיד'יש, עכט און פון הארץ ארויס, עלה בלבו.

למוד ניין, — אז י ש י ר משה — „דעמאלט וועט משה זינגען". ווי שטארק די אידען זענען דעמאלט געווען פארכאפט פון דער נייקייט און פריש־קייט פון דעם געשעעניש, האבען זיי ניט פארלוירען די פערספעקטיוו. זיי האבען געוואוסט, אז ד א ס געזאנג וועט אפהילכען אין די וויטסטע ווייטקיי־טען, אין דער אייביגקייט. דאס אונטערשיידט א באמת היסטאריש געשעעניש

פון אַ פאַרבייגייענדיגער קיקיון־דיונה־פּאַסירונג. די שירה, וואָס משה האָט געזונגען, ווערט אָפּקלינגען אין דער אייביגקייט!

למוד צען, — ויאמר ה׳ הנני ממטיר לכם לחם מן השמים... — „און ג־ט האָט געזאָגט: איך וועל אויף אייך רעגענען מיט ברויט פון הימעל״...

צוויי גרויסע מתנות האָט ג־ט געגעבען די אידען אין דער דאָזיגער תקופה: פ ר י י ה י י ט און ב ר ו י ט. גאולה און מן.

דער מן איז נישט געווען בלויז א י י ן מין שפּייז — דאָס איז געווען אַ ל ע ר ל י י מינים שפּייזען, ווי די חז״ל זאָגען, וואָסער מאכל עס האָט זיך זיי נאָר פאַרגלוסט, האָבען זיי דערפילט זיין טעם אין מן.

און זיי האָבען אים באַקומען אומזיסט. אָן אַרבעט און האָרעוואַניע. אָן זאָרג און קאָפּ־דרייעניש. שטעלט אייך פאָר — מענשען זיינען באַזאָרגט מיט פּרנסה, און בהרחבה, עס פעלט זיי גאָרנישט.

וואָלטען זיי דאָך געדאַרפט זיין צופרידען און גליקליך, נישט?

וואָס זעען מיר אָבער?

אויף גאולה האָבען זיי געזונגען שירה, שירת הים, האָבען געדאַנקט און געלויבט השי״ת, אָבער פאַר׳ן מן — קיין איין וואָרט פון דאַנק!

פאַרקערט, זיי באַדויערן גאָר, זיי זענען גאָר אומצופרידען. זיי קלאָגען זיך: ונפשנו קצה בלחם הקלוקל — „אונזער נפש פאַר׳מיאוס׳ט דאָס קלוקל־ברויט״.

פרעגט זיך: פאַרוואָס?

דער ענטפער איז: ווען אַ מענש באַקומט עפּעס אָן אַרבעט — ב אַ ק ו מ ט עס אים נישט! ווייל אַלע טעמים האָבען זיי געפילט אין מן, נאָר נישט דעם דעם טעם פון דעם — אַליין־פאַרדינטען ברויט...

לערנט גוט די ווערטער אין פּסוק. עס שטייט ו נ פ ש נ ו קצה, אונזער נשמה פאַר׳מיאוס׳ט, נישט וואָס דער ג ו ף קען נישט פאַרטראָגען די דאָזיגע שפּייז, נאָר די נ ש מ ה קען עס נישט פאַרדייען. לחם הקלוקל — ל י י כ ט ברויט. ברויט, וואָס קומט אָן לייכט, קל, עפּעס צו גרינג. אונזער נשמה פאַר׳מיאוס׳ט אָט דאָס גרינגליכע ברויט.

ווען אַ מענשען ווערט געגעבען אומזיסט, האָט עס נישט קיין חשיבות ביי אים. דער גוף מעג ווערען זאַט פון לחם הקלוקל, אָבער די נשמה בלייבט הונגעריג, הונגעריג נאָך דער אינערליכער סאַטיספאַקציע, וואָס עס גיט פאַר־דינט ברויט. אומזיסט ברויט רופען אָן די חכמים „נהמא דכסופא״, „ברויט פון פאַרשעמונג״.

פאַרוואָס איז עס טאַקע אַזוי?

ווייל אַ מענש פילט אַ באַדאַרף נאָך שעפערישקייט. נאָך זיין „נוצליך פאַר דער געזעלשאַפט", ווי עס זאָגט זיך.

דאָס איז סיי אַ נאַטירליכע אייגנשאַפט פונ'ם מענשען און סיי אַן „איינגעבויטער" עלעמענט אין דער בריאה. דאָס איז די יצירה פון דער בריאה. בריאה מיינט באַשאַפען פון גאָרנישט. יש מאין. יצירה מיינט אויספורעמען — פון פאַרמלאָזען חומר. יעדע יצירה איז אַ באַטייליגונג אין דער בריאה, וועלכע איז אַזוי בראשית'דיג איינגעשטעלט געוואָרען, אַז דער מענש זאָל זיין „אַ שותף למעשה בראשית".

דאָס מיינט אשר ברא אלוקים לעשות, ג־ט האָט אַזוי באַשאַפען, אַז דער מענש זאָל טאָן.

דאָס איז אַריין אין דער טבע פון מענשען, כמעט אינסטינקטיוו. זעט איר נישט ווי אַ קליין קינד זיצט קיינמאָל נישט ליידיג? עס אַרבעט שווער, האָרעוועט שטענדיג, הגם ניט פאַר דער פרנסה. ווען עס וואַקסט עטוואָס אונטער און מען שיקט עס אין אַ שליחות, וועט דאָס קינד עס אויספירען מיט סאַטיספאַקציע, מיט שטאָלץ — ווייל ס'געפינט דאָ אייגענע חשיבות. עס ווערט געהויבען זיין מענשליכע ווירדע — וואָס אויך אַ קינד פאַרמאָגט.

ווייל יעדער מענש האָט אַ שליחות. דאָס שפּיגעלט זיך אויך אָפּ פילאָלאָגיש אין פאַרשידענע שפּראַכען: מלאכה — מלאך; באַרוף — באַרופונג; פּראָפעסיע — פּראָפעט.

די דאָזיגע געמיינזאַמע ווערטער־וואָרצלען זענען נישט קיין צופאַל. דאָ דריקט זיך אויס די דערהויבענקייט פון אַ מענשען'ס מיסיע — וואָס ער זאָל נישט טאָן.

דאָס שליחות גיט אים זעלבסט־ווירדע. וואָרים, ווי געזאָגט, ער ווערט דורך זיין אַרבעט אַ שותף אין מעשה בראשית. עפּעס אַ קלייניגקייט? אַ פאַרטנער אין באַשאַפונג!

דאָס שפּיגעלט זיך אָפּ אויך אין די ברכות, וואָס מען מאַכט נאָכ'ן עסען.

געוויינליך וואָלט דאָך געווען לאָגיש, אַז פאַר אַ זאַך, וואָס מען לייגט נישט אַריין קיין אַרבעט, דאַרף מען זיין מער דאַנקבאַר ווי פאַר עפּעס, וואָס מען האָט עס פאַרדינט מיט מי. פונדעסטוועגען — איז איבער אַ פּרי, וואָס וואַקסט אויף אַ בוים, און מען לייגט נישט אַריין קיין סך אַרבעט אין איר וואַקסען, מאַכט מען נישט קיין ברכת המזון. ברכת המזון זאָגט מען אויף ברויט, דאָרט וואו מען לייגט יאָ אַריין אַ סך אַרבעט, וואו מען אַקערט, מען זייט און מען שניידט.

פאַרוואָס?

ווייל מיר דאַנקען דעם רבונו של עולם, נישט בלויז פאַר דער ארץ הטובה און פאַר׳ן וואַקסען, נאָר אויך פאַר דעם, וואָס עס איז אונז געגעבען געוואָרען די מעגליכקייט, די ווירדע־דערהויבענדיגע סאַטיספאַקציע, פון זיין אַליין פראָדוקטיוו, פון בייטראָגען מיט אונזער מי צו אָט דעם וואַקסען; פון מיטאַרבעטען אין דעם שותפות אין מעשה בראשית.

מיר דאַנקען נישט בלויז פאַר די פ ר ו כ ט ע ן פון דער אַרבעט, נאָר אויך פאַר דער אַ ר ב ע ט גופא.

למוד עלף, — וועלכער איז פאַרבונדען מיט׳ן פריערדיגען. ביי מלחמת עמלק לערנען מיר: ויהי ידיו אמונה — „און עס זענען געווען זיינע (משה׳ס) הענט גלויבען״. וואָס מיינט עפּעס „הענט אמונה״?

נאָר עס איז פאַראַן אמונה ש ב ל ב , דער טיפער ה אַ ר ץ־גלויבען, און פאַראַן אמונה ש ב ר א ש צי שבמוח, מיט פ אַ ר ש ט אַ נ ד . עס איז אָבער אויך פאַראַן אמונה „מיט די הענט״, ויהי י ד י ו אמונה. דער גלויבען, וואָס איז ניט פּאַסיוו, ניט פאַטאַליסטיש, נאָר באַוועגט צו מעשים, צו טאָן אין בטחון, אַז ג־ט׳ס ברכה וועט חל זיין אויף דיין טאָן, וברכתיך בכל אשר תעשה.

למוד צוועלף —

מיר לייענען: מלחמה לה׳ בעמלק מדור דור — „קריג איז פאַר ג־ט מיט עמלק׳ן פון גענעראַציע צו גענעראַציע״. פאַרוואָס זאָל נישט זיין קיין שלום מיט עמלק׳ן? טאָקע קריג, אָבער נאָך קריג קומט געוויינליך אַ פרידען־אָפּמאַך. פאַרוואָס דווקא ביי עמלק׳ן איז עס אַ מלחמה אָן אַ סוף?

מיר, וואָס מיר זענען געשטאַנען, און ש ט י י ע ן , אין אָנבליק פונ׳ם גרוילigסטען און שוידערליכסטען פון אַלע עמלק׳ס, דעם דייטש, ימ״ש, פאַרשטייען עס.

עמלק־דייטש איז ניט קיין פאַרבייגייענדיגע דערשיינונג. דאָס איז אַ דורות׳דיגע אַנטוויקלונג, פון די גאָר אַלטע צייטען דורך די קרייץ־צוגען, דורך די מאָדערנע צייטען פון ציוויליזאַציע — האָט שטענדיג געווירקט אין זיי די חיה, אַפילו ווען זי איז געווען אָנגעטאָן אין פעלץ פון קולטור. צום מאָרד האָבען דערצויגען ניט בלויז זייערע דיקטאַטאָרען און טיראַנען, ניט בלויז זייערע דעמאַגאָגען און גענעראַלען, נאָר אויך זייערע דענקער און שטאַטס־מענער, זייערע פילאָזאָפען און שרייבער — זייערע „דעמאָקראַטען״ און „פריי־הייט־פאַרטיידיגער״, פון נעכטען צי פון היינט.

וואָרענט אונז די תורה: די מלחמה מיט עמלק׳ן איז מדור דור! ווייל אפילו ווען ד י י ן צוווייטער (און ערשטער!) דור זאָל ווען פאַרגעסען,

וועט זיין צווייטער (און ערשטער!) דור דיך דערמאָנען! ווי עס טוען עס די דייטשע וויסענשאַפטלער, וועלכע זענען ניט קיין נאַציס, און וואָס אַרבעטען אויס פאַר נאַסער'ן וואָפען, וואָס צילען אָפּען אומצוברענגען דעם שארית ישראל אין ישראל!

דער דור, וואָס האָט אַליין געפּייניגט און גע'הרג'עט, זענען היינט די מיטליעריגע, בכבוד'יגע, אָנגעזעענע, רעספּעקטירטע דייטשע געשעפטס-לייט, אַדוואָקאַטען, דאָקטוירים, אינזשענירען — ערהאַרד'ס אַרכיטעקטען פון דעם דייטשען שוואוילטאָג און רייכטום (וויפיל אָנגערויבט פון אידישע קרבנות?), ווי מיר זעען זיי, למשל, אויפ'ן אוישוויץ-פּראָצעס אין פראַנקפורט אַם מאַין, צי אויף אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענצען און אַמטען. און דער דור, וואָס האָט אַליין נאָך ניט געמאָרדעט אידען, דער נייער דור דייטשען — ווייל ער איז נאָך געווען צו יונג דערצו — גייט אין קאַריִערע אין די פּוסטריט פון זיינע עלטערן . . .

זעען מיר ווי עמלק'ס מלחמה געגען אונז איז מדור דור. דעריבער מלחמה לה' בעמלק מדור דור. זיי וויסען, אַז די מלחמה צווישען עמלק'ן און, להבדיל, איד, גייט אָן! זכור!

דאָס וואָרט — באַפרייט

נאָך דעם נס פון קריעת ים סוף איז געקומען די שירה:

„דעמאָלט טוט זינגען משה און די קינדער פון ישראל"... אז ישיר משה ובני ישראל . . .

די שירה איז געווען נישט נאָר אַ געזאַנג צוליב'ן נס, נאָר אויך אַ נס פאַר זיך אַליין.

משה רבנו אַליין האָט אויף זיך געזאָגט: ואני ערל שפתיים, איך בין אַ מענש מיט פאַרשטאָפּטע לעפצען. די אידען ווידער האָבען אויך נישט גע־קענט אויפהויבען זייער קול. מיר הערען זייער זיפצען, שרייען, — ויאנחו, ויזעקו, — אָבער נישט זייער רעדען. זיי זענען געווען פאַרשקלאָפּט און פאַר־שקלאָפּט איז געווען זייער וואָרט.

דער זוהר הק' דריקט עס אַזוי אויס: „יעדעס מאָל ווען דער דיבור איז אין גלות ווערט ביי אים צוגענומען דאָס קול און דאָס וואָרט ווערט פאַרטויבט, קלאַנגלאָז. ווען משה האָט זיך באַוויזען איז צוריקגעקומען די שטים, דאָס קול..." (כל זימנא דדבור הווה בגלותא קלא אסתלק מניה ומלה הווה אטום בלא קול, כד אתא משה אתא קול. — זוהר, וארא).

די פאַרקנעכטונג פונ׳ם וואָרט, דאָס צונעמען די מעגליכקייט פריי זיך אויסצודריקען, איז דעריבער נישט ווייניגער גלות ווי די פיזישע פאַרשקלאַפונג.

אָבער דער גייסטיגער גלות איז נישט נאָר ווען מ׳איז נישט פריי צו רעדען, ניט נאָר ווען מ׳האָט מורא זיך אַרויסצוזאָגען; דער גלות פונ׳ם דבור איז אויך דעמאָלט ווען ס׳הערשט אַ צומישונג, אַ געררויש, און מ׳הערט נישט און מ׳לאָזט נישט הערען דאָס קלאָרע וואָרט, דעם ריכטיגען דבור, דעם דבר תורה.

ווי דער זוהר דריקט עס אויס: קלא אסתלק מניה ומלה הווה אטום בלא קול: ס׳איז אַ געררויש אָן אַ קול, אַ געטומעל אָן אַ וואָרט, דאָס וואָרט איז פאַרטעמפט, פאַרשטומט.

דאָס איז אויך נוגע אַ סך פון אונזערע אַמעריקאַנער אידישע אַקטיווי־טעטען: מיר זענען איינער פון די שרייערישע און טומעלדיגסטע אידישע קבוצים, אַ אידענטום מיט גלעקער און גלעקלעך, אָבער מיט ווייניג דבור, אַ געררויש אָן אַ קלאָרען וואָרט...

איז צוזאַמען מיט יציאת מצרים אויך געקומען די גאולה פונ׳ם דבור, די באַפרייאונג פונ׳ם וואָרט, ווי ס׳ווערט געבראַכט אין ספרים: פסח — פה סח, דאָס מויל וואָס קען רעדען. מ׳האָט ג ע מ ע ג ט פרעגען „קשיות״... אפילו דעם „שאינו יודע לשאול״, דעם פראָפעסיאָנעלן צושאָקלער, דעם שטענדיגען יאָ־זאָגער, וואָס אים איז קיינמאָל גאָרנישט קשה און פרעגט נישט קיין שאלות, האָט מען ג ע ה י י ס ע ן פרעגען: את פתח לו, זאָגט די הגדה וועגען שאינו יודע לשאול, ל ע ר ן אים פרעגען...

גערדאַנקען־בליצען

**נהלת** בעזך אל נוה קדשך. „האָסט באַגלייט מיט דיין שטאַרקייט צו דיין הייליגער וואוינונג״ (כ״ו, י״ג). זאָגט דערויף רש״י: ואונקלוס תרגם לשון נושא וסבל. „אַן אויסדרוק פון טראָגען און ליידען״. האָט דער גערער רבי ר׳ אברהם מרדכי אַלטער זצ״ל געזאָגט: אַזוי איז דער פשט פון נהלת, פון פירען אידען: מ׳דאַרף פאַרטראָגען, מ׳דאַרף ליידען, נושא וסבל, אַז נישט קען מען נישט זיין קיין מנהיג ישראל.

אַן אַנדערע באַמערקונג:

נהלת ב ע ז ך אל נוה ק ד ש ך, זעען מיר דאָ צוויי באַגריפען: ש ט אַ ר ק י י ט, עזך, וואָס פירט צו ה י י ל י ג ק י י ט, צו קדושה, אל נוה קדשך. מ׳דאַרף שטאַרקייט אַריינצוברענגען קדושה!

ותקח מרים הנביאה אחות אהרן את התוף בידה. (ט״ו, כ׳). פרעגען די מפרשים, פאַרוואָס עפּעס אחות אהרן און נישט אחות משה? זענען פאַראַן פאַרשידענע ענטפערס. רש״י ענטפערט מיט אַ זעהר מוסר׳דיגען טעם:

לפי שמסר נפשו עליה כשנצטערה וקראה על שמו. „ווייל אהרן האָט זיך מוסר נפש געווען פאַר איר ווען זי האָט זיך מצטער געווען דעריבער ווערט זי גערופען אויף זיין נאָמען״.

קען מען דאָ זען אַ למוד: ווייל אין מאָמענט פון ירידה, ווען מרים איז געווען די זינדיגע, — זי האָט גערעדט לשון הרע — די מצורעת, איז אהרן געווען דער וואָס איז געשטאַנען ביי איר זייט, וואָס האָט זיך אָנגענומען פאַר איר, זיך מוסר נפש געווען פאַר איר, רופט זי די תורה: אחות אהרן. דער פּראוושטיין איז ווער ס׳שטייט ביי אין אַ עת צרה, אין געפאַלענקייט, ווען אַלע קערען זיך אָפּ פון אים, דעמאָלט ציינט זיך דער אמת׳ער ברודער, דער אמת׳ער מענש. דעריבער: אחות אהרן.

...מן, והוא כזרע גד לבן, וטעמו כצפיחית בדבש. אויב אַזוי פאַרוואָס האָבען אידען זיך באַקלאָגט?

ענטפערט דער רוזשינער זצ״ל: די גמרא זאָגט, אַז „דער מן האָט אויס־געזאָגט די אידען וואָס ס׳געפינט זיך אין די לעכער און שפּאַלטען, דעריבער האָבען זיי געוואוסט צי עמיצער האָט געזינדיגט״. המן הגיד להם מה שבחורין ובסדקין וכו׳ (יומא ע״ה). דעריבער, זאָגט דער רוזשינער ז״ע, האָבען די אידען נישט געוואָלט דעם מן, ווייל אפילו לחם מן השמים, אויב אָבער ס׳ווייזט אויף חטאים אויף אידען — ווילען זיי נישט . . .

נישט אונטערגעבען זיך דער סביבה!

**ויהי** בשלח פרעה את העם... און ס׳איז געווען ווען פרעה האָט אַוועקגעשיקט דאָס פאָלק...״

אין דעם אָנהויב פון דער סדרה ליגט די אויפקלערונג פון אָט דער גאולה־דערשיינונג. ס׳ערשטע מאָל אין דער געשיכטע האָבען קנעכט געבראָכען די קייטען פון קנעכטשאַפט. ביז דעמאָלט האָט מען געמיינט, אַז די וועלט איז אַזוי באַשאַפען געוואָרען, אַז זי זאָל זיך טיילען אויף שקלאַפען און פאַרשקלאַ־פער. דאָס, האָט מען געמיינט, איז דער „סדר העולם״״, דאָס איז „נאַטירליך״ און אַזוי דאַרף עס זיין. ערשט די גאולה פון אידען איז געווען דער למוד — און דער רוף — אַז אַזוי דאַרף עס נ י ש ט זיין! אַז אַ מענש ט אָ ר נישט זיין קיין קנעכט צו אַ צווייטען מענש!

געשען איז עס דורך געטליכע נסים. און איינס פון די נסים, פון די אַנטפּלעקונגען פון דער געטליכער האַנט אין דער געשיכטע איז געווען, וואָס אידען האָבען אין דער פאַרשקלאַפונג נישט אויפגעהערט צו זיין מענשען, — אינערליך פריי דורך שטרעבונג צו באַפרייאונג. נאָך מער, זיי האָבען זיך נישט אַסימילירט, און נישט אויפגעהערט צו זיין אַ פ אָ ל ק. ווי די חז״ל זאָגען: שלא שינו את לשונם וכו׳, האָבען נישט אויפגעגעבען די אייגענטימ־ליכקייטען וואָס האָבען זיי אַרויסגעטיילט פון דער סביבה און זיי דערהאַלטען אַלס פאָלק, דאָס האָט זיי געמאַכט רייף פאַר גאולה. דעריבער —

ויהי בשלח פרעה את ה ע ם . . . פרעה האָט זיי אַרויסגעשיקט, האָט זיי ג ע מ ו ז ט אַרויסשיקען, ווייל את העם, ווייל טראָץ די אַלע ליידען זענען זיי געבליבען אַ פאָלק!

אין דעם פאָלק־זיין, אין דעם נישט־אונטערגעבען זיך דער סביבה און בלייבען אויסגעטיילט — ווי, למשל, אידען אין רוסלאַנד נאָך 40 יאָר קאָמו־ניזם — ליגט די האָפענונג אויף י ע ד ע ר גאולה פאַר י ע ד ע ן אידען, פאַר אחינו בני ישראל הנתונים בצרה ובשביה . . .

די שירה איז געקומען נאָך ויאמינו

**פאַרשידענע** געשעענישען לויפען פאַרביי פאַר אונזערע אויגען אין דער סדרה „בשלח״: דאָס נאָכגעיאָגט ווערען דורך פרעה׳ן, דאָס דורכגיין דעם ים, די שירה, דאָס באַקלאָגען זיך, דער מן, שבת, און צום סוף — מלחמת עמלק.

זיכער זענען אידען דורכגעגאַנגען דעם ים, אָבער דערנאָך ווערען זיי געשליידערט פון די ברויזענדיגע כוואַליעס פון נסיונות און שוועריגקייטען, פון איבערלעבונגען און ראַנגלענישען, זיי ווערען געוואָרפען צווישען יאוש און בטחון, צווישען פחד און האָפענונג.

און וואָס זעען מיר? דעם ג ר ו י ס ע ן נסיון, ווען פרעה האָט זיי געיאָגט און פאַר זיי האָט געשטורעמט דעם ים, זענען זיי בייגעשטאַנען; ווען ס׳זענען אָבער געקומען ק ל ע נ ע ר ע נסיונות, ווען זיי האָבען געהאַלטען ביי קלענערע אָבער שטענדיגע שוועריגקייטען און קאַמפן, גראָד דעמאָלט זענען זיי אַראָפּגעפאַלען, ווי ביי „מי מריבה״, די תלונות וועגען פלייש א.ד.גל.

זעט מען, אַז ס׳איז לייכטער בייצושטיין אַ גרויסען נסיון, אין אַ גרויסען מאָמענט, אין אַן אַנטשיידענדיגער שעה, איידער זיך צו האַלטען אויף אַ הויך אין טאָג־טעגליכע שוועריגקייטען. „מי י ע ל ה בהר ה׳?״ „ווער קען

אַרויפשטייגען צו געטליכע הויכקייטען?״ דאָס איז נישט קיין לייכטע זאַך, אָבער נאָך שווערער איז: „מי י ק ו ם במקום קדשו״, ווער ס׳קען בלייבען ש ט י י ן אויף דער הויך, צו וועלכער ער האָט זיך דערהויבען...

ביים ים אין אַנבליק פון דער גרויסער געפאַר האָבען אידען דער־גרייכט די העכסטע שטאַפּלען. „ראתה שפחה על הים מה שלא ראה יחזקאל״, זאָגען די חז״ל. דער קלענסטער פון צווישען זיי האָט דערזען מער ווי ס׳האָט געזען דער גרויסער זעער, דער נביא יחזקאל.

ווי אַזוי איז געקומען די דאָזיגע גרויסע זעאונג, וועלכע האָט אַלע אַרומגענומען?

דורך א מ ו נ ה.

דורך „ויאמינו בה׳ ובמשה עבדו״ (י״ד, ל״א), „זיי האָבען געגלויבט אין ג־ט און אין זיין דינער משה׳ן״.

פריער לייענען מיר אין דעם זעלבען פסוק: „וייראו העם את ה׳,״ „דאָס פאָלק האָט געזען ג־ט״, און זיי האָבען געזען, צו וואָס דערנאָך „ויאמינו״? נאָר, זאָגט דער קאָצקער רבי זצ״ל: „אמונה גרייכט דאָרטען וואו דאָס אויג גרייכט נישט!״

אייגענטליך פרעגט זיך: פאַרוואָס האָבען אידען ניט געזונגען קיין שירה, ווען זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים, דאָס איז דאָך געווען די וויכטיגסטע געשעעניש?

מ׳קען עס אויפקלערען מיט דריי טעמים, ערשטענס, איז ביי יציאת מצרים האָבען אידען פון זייער זייט כמעט גאָרנישט צוגעטאָן; ערשט ביים ים האָבען זיי אַרויסגעוויזען מוט, מ ס י ר ת נ פ ש — איז ערשט דעמאָלט געקומען דער מאָמענט פון געזאַנג.

צווייטענס, אפילו מ׳ווערט באַפרייט פון אַ שונא, אַזוי לאַנג אָבער דער פיינט איז שטאַרק, איז נישט קיין צייט פון שירה; ערשט ווען דער שונא איז פאַרניכטעט דעמאָלט קען מען זינגען (כ׳האָב עס געהערט פון דעם באַ־וואוסטען פראַנצויזישען לאַיער און פּאָליטיקער מאָראָ־זשיאַפערי וועגען די דייטשען: „אין מיין געבורטס־אָרט קאָרסיקע איז פאַראַן אַ שפּריכוואָרט, „דער שונא איז קיינמאָל נישט גענוג טויט, מ׳דאַרף אים נאָך אַלץ טויטען!״...)

דריטענס, אידען האָבען געקענט זאָגען שירה ערשט ווען ס׳איז געווען „ויאמינו״. משה האָט געקענט זאָגען שירה ערשט, ווען אידען האָבען גע־גלויבט; זעט מען דאָך, ווי משה איז געווען אַ „ערל שפתים״, אַ שווער־רעדעווודיגער, און דאָ פּלוצים איז ער געוואָרען אַ זינגער... נאָר ווען ס׳איז געווען „הן בני ישראל לא שמעו אלי״, איז ביי אים אָפּגענומען געוואָרען דאָס

לשון, ווען ס'איז אָבער געווען „ויאמינו בה' ובמשה עבדו", דעמאָלט „אָ ז ישיר משה.

מ'דאַרף אונטערשיידן צווישן אַ היסטאָרישער געשעעניש און פאַרבייגייענדיגע

**ווען** עס קומט פאָר עפּעס אַ וויכטיג געשעעניש, איז עס אין דעם מאָמענט ווען עס קומט פאָר — דאָס „וויכטיגסטע". די געגענווערטיגקייט פון דער פּאַסירונג, די לעבעדיגע פרישקייט, פאַרגרעכערט דעם איינדרוק מער פון אָביעקטיווער פּראָפּאָרציע. עס דאַכט זיך אונז ד ע מ אָ ל ט, אַז דאָס איז אַ „היסטאָרישע פּאַסירונג", וואָס וועט בלייבן אין זכרון.

באמת בלייבט עס אַ טאָג, אַ חודש — אַ מאָל אַ שעה, ביז עס קומט אָן אַנדערע פּאַסירונג, אויך אַ „היסטאָרישע", וואָס פאַרווישט פון אונזער זכרון די פריערדיגע, ווי כוואַליעס אין ים, וואָס איינע פאַרשווענקט אַ צווייטע. נישט בלויז צרות אחרונות משכיחות את הראשונות, נאָר י ע ד ע וויטערדיגע פּאַסירונג מאַכט פאַרגעסען פריערדיגע.

ס'טרעפט זיך אויך, אַז געוויסע ענינים ווערען, דורך פאַראינטערעסירטע מענשען, בכיוון פאַרגעשטעלט מיט קינסטליך־אויפגעבלאָזענע באַצייכענונגען. זיי טייטשען אַריין מיט גוזמא'דיגער געמאַכטער התפעלות איבערטריבענע נישט־עקזיסטירענדיגע באַדייטונגען און געוויינטליכע פאַרבייגייענדיגע פּאַסירונגען.

וויפיל מאָל הערען מיר, אָדער לייענען מיר, וועגען אַ „היסטאָרישער רעדע", וואָס איז באמת איבערגעניצעוויטע, לכתחילה גאָרנישט־מיינענדיגע, גראָשענדיגע געדאַנקעלעך; צי וועגען „היסטאָרישען געראַנגעל" — אַ וואָרט, וואָס איז זעהר באַליבט אין געוויסער „פּובליסיטי" — וואָס איז סך־הכל אַ געוויינליך מחלוקת — און דער גאַנצער ענין וועט גיך פאַרגעסען ווערען צו־זאַמען מיט די בעלי מחלוקה'לעך...

נאַאיווע כבוד־יעגער ווילען אַריין גיין „היסטאָריע" דורך צוקלעפּען זיך צו אַ פרעסע „רעליז" — ווי פליגען צו זומערדיג קלעפּ־פּאַפּיר... זיי זענען זיכער, אַז אַזוי אַרום וועלען זיי אַריין אין דער „אייביגקייט" — וועלכע דויערט באמת אַ טאָג.

אַזוי ווערט דער באַגריף געשיכטע פאַרביליגט דורך גראַפאָמאַניש־שאַבלאָנישע היימישע „היסטאָריקער".

באמת, בעת אַ געוויס געשעעניש קומט פאָר, איז עס צו נאָענט, אַז מיר זאָלען עס קענען ריכטיג אָפּשאַצען. עס איז צו פריש, אַז מיר זאָלען עס קענען גוט פאַרדייען.

כדי אָפּצומעסטען ג ע ג ו י א פּאַסירונג אין אומענדליכען לויף פון צייט, איז נויטיג ד י ס ט אַ נ ץ. כדי אָנצוצייכענען דאָס אָרט פון אַ געשעניש אין דער געשיכטע — און צ י פאַרנעמט עס בכלל אַן אָרט — איז נויטיג געשיכטלעכע פּערספּעקטיווע.

פּונקט ווי הויכע, הימעל־גרייכענדיגע בערג־שפּיצען, — קענען מיר באַנעמען זייער מאַיעסטעטישע פּראַכט ערשט ווען מיר דערווייטערן זיך פון זיי, ווען מיר זעען זיי פון אַ מרחק. און נישט ווען מיר קלעטערן אויפן באַרג אָדער ווען מיר שטייען צופוסענס פון אַ באַרג. אַזוי זענען אויך היסטאָרישע פּאַסירונגען. בלויז די צייט, דער מרחק פון צייט, קען אונז זאָגען צי איז עס אַ פאַרבייגייענדיגע, קיקיון־דיונה׳דיגע דערשיינונג, אָדער אַ פאַקט, וואָס וועט בלייבען אויף שטענדיג אין דער געשיכטע.

ווען עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרען די באַלפור דעקלאַראַציע דעם 2 נאָוועמבער, 1917, איז מען געקומען אין התפעלות צום גערער רבי׳ן, האדמו״ר רבי אברהם מרדכי אַלטער, זצ״ל — וועלכער איז תמיד געווען פאַר ישוב ארץ ישראל און פאַר עליה — אַז מען זאָל זאָגען הלל. האָט דער רבי געענטפערט:

ביים נס חנוכה שטייט: לשנה הבאה קבעו להודות ולהלל. פאַרוואָס עפּעס לשנה ה ב א ה , איבער אַ יאָר? פאַרוואָס האָט מען טאַקע באַלד נישט געזאָגט הלל?

נאָר, האָט דער רבי געענטפערט, די חז״ל האָבען געוואָלט איבערוואַרטען אַ יאָר, כדי צו זען וואָס דערפון וועט אַרויסקומען...

אין זין פון אונזער אויסטייטשונג מיינט עס, אין אַנדערע ווערטער, אַז מען האָט געדאַרפט האָבען אַ געוויסע דיסטאַנץ, כדי אָפּצושאַצען די באַדייטונג פון דעם וואָס איז געשען.

דאָס מיינט אַז י ש י ר , די שירת הים, דאָס געזאַנג פון גאולה פון גלות מצרים, ו ו ע ט מען זינגען — אייביג. די שירה וועט אָפּהילכען מיט אַ נצחיות־קלאַנג אין די ווייטסטע דורות, אין דער געשיכטע פון׳ם פאָלק ישראל — און אין אונזערע תפילות — אַזוי לאַנג ווי ס׳וועט זיין אַ פאָלק ישראל.

ווי שטאַרק אידען זענען דעמאָלט געווען פאַרכאַפּט מיט דער נייקייט און פרישקייט פון גאולה, האָבען זיי געפילט, אַז די דאָזיגע נייקייט און פרישקייט וועט אויסשטראַלען איבער די ווייטסטע מרחקים פון אָרט און צייט. אַז י ש י ר . . . אייביג ו ו ע ל ע ן משה און די אידען זינגען.

## רייד און טאַט

**ווען** פּרעה האָט שוין געקראָגען די עשר מכות, ווען די אידען זענען שוין אַרויס פון מצרים, — האָט מען דאָך געקענט מיינען, אַז שוין, אַז דערמיט האָט זיך עס שוין געענדיגט. ניין, ווייזט זיך אַרויס, אַז ס׳הויבט זיך ערשט אָן... מצרים שטייט נישט אָפּ:

ופרעה הקריב... „פּרעה האָט זיך דערנענטערט". פּרעה הקריב מיינט אויך, אַז ער האָט מקריב געווען; ער האָט מקריב געווען זיין אַרמיי, געפירט זיי צום אונטערגאַנג פאַר זיינע דעספּאָטישע אַמביציעס...

וישאו בני ישראל את עיניהם, והנה מצרים נוסע אחריהם... „און די אידען האָבען אויפגעהויבען זייערע אויגען און מצרים ציט הינטער זיי..."

ביי די מצריים שטייט „נוסע", „ע ר ציט", אין לשון יחיד; אָבער ביי די אידען שטייט: „אחריהם", „הינטער ז י י", אין לשון רבים, פאַרוואָס?

ווייזט אויס, אַז די מצריים זענען געווען פאַראייניגט, אַלע ווי איין מאַן; די שנאת ישראל האָט זיי פאַראייניגט. אָבער אידען זענען דעמאָלט געווען געשפּאָלטען — פ אַ ר קריעת ים סוף, אַלענפאַלס. דעריבער שטייט ביי אידען אין לשון רבים.

ווי די חז"ל דערציילען, אַז טייל האָבען געוואָלט צוריק קיין מצרים, אַנדערע האָבען געוואָלט אַריינשפּרינגען אין ים, אַנדערע, ווידער, האָבען געוואָלט קעמפען.

אויף „ויבואו בני ישראל בתוך הים", די אידען זענען געקומען אין ים (י"ד, כ"ב), ברענגט די גמרא צוויי׳ערליי מיינונגען: איין מיינונג, אַז „ווען די אידען זענען געשטאַנען ביים ים האָבען די שבטים זיך מתווכח געווען צווישען זיך. דער שבט האָט געזאָגט: איך וועל צוערשט אַריין אין ים, און דער שבט האָט געזאָגט: איך וועל צוערשט אַריין אין ים... זה אומר אני יורד תחילה וזה אומר אני יורד תחילה.

האָט געזאָגט ר׳ יהודה, נישט אַזוי איז עס געווען, נאָר דער האָט געזאָגט: איך וויל נ י ש ט גיין דער ערשטער, און דער האָט געזאָגט: א י ך וויל נישט גיין דער ערשטער, איז נחשון בן עמינדב אַריינגעשפּרונגען דער ערשטער (סוטה, ל"ז).

איז שווער צו פאַרשטיין אַזעלכע צוויי אויסטייטשען וואָס איינע איז דער עקסטרעמער היפּוך פונ׳ם צווייטען.

האָט דערויף געזאָגט ר' יהושע'לע קוטנער, זצ"ל (טרונק), אַזביידע מיינען אייגנטליך דאָס זעלבע. ווען מ'האָט געוועדט האָט טאַקע איעדער איינער געזאָגט, אַז ער איז גרייט צו זיין דער ערשטער; ווען ס'איז אָבער געקומען צום פאַרווירקליכן, איז שוין געווען גאַנץ אַנדערש, דעמאָלט איז נחשון אַריינגעשפרונגען דער ערשטער...

וואָרים דער אויסדרוק פון דער גמרא איז ביי ר' יהודה'ן: „אמר ר' יהודה, לא כך היה מעשה." דאָס מיינט, אמת ביים רעדען איז טאַקע יעדער געווען גרייט, אָבער ווען ס'איז געקומען צום טאָן, איז נחשון געווען דער ערשטער אַריינצושפרונגען אין ים...

מרים'ס בטחון — מרים'ס לוין

**וואָס** איז דער זין פון מרים'ס שירה? האָט דען מרים עפּעס געזאָגט נייעס? האָט זי דאָך נישט מער ווי איבערגע'חזר'ט איין איינציגען פסוק פון שירת הים, שירו לה' כי גאה גאה וכו' וואָס אַלע אידען האָבען, איבעריגענס, געזונגען צוזאַמען מיט משה'ן? וואָס־זשע האָט דאָ מרים אויפגעטאָן?

געווען אַ צייט אין מצרים, ווען אידען זענען שוין אינגאַנצען געווען פאַרזונקען אין יאוש. דאָס איז געווען דעמאָלט ווען פּרעה האָט גוזר געווען: כל הבן הילוד... אַז יעדעס ניי־געבוירען אידיש אינגעל זאָל אַריינגעוואָרפען ווערען אין טייך.

אידען זענען אַריינגעפאַלען אין פאַרצווייפלונג, אין אָפּהענדיגקייט. וואָסער זין האָט אין אַזאַ צייט, אין אַזעלכע גזירות, צו פירען אַ נאָרמאַל לעבען, געבוירען קינדער? האָט עמרם נישט געוואָלט מער האָבען קינדער. פאַר ווען? צום אומקום?

אין דער דאָזיגער פינסטערער צייט איז געווען מרים די, וועלכע האָט נישט פאַרלוירען דעם בטחון. זי איז געווען די אומהיילבאַרע אָפּטימיסטין, וועלכע האָט געזאָגט:

גראָד אינ'ם אָפּגרונט פון פּיין און ליידען, דווקא דעמאָלט ווען ס'דאַכט זיך, אַז אַלץ איז פאַרלוירען, דווקא דעמאָלט וועט אויפלייכטען די ישועה!

„מרים האָט פאָראויסגעזאָגט: מיין מוטער וועט געבוירען אַ זון, וועלכער וועט אַרויסהעלפען די אידען פונ'ם גלות", עתידה אמי שתלד בן שיושיע את ישראל... (מגילה, י"ד, א').

מיט אָט דער אמונה האָט מרים דערמוטיגט פאַר'יאוש'טע, האָט אַריינ־

גענעבען אין רעזיגנירטע ווילען צו לעבען, צו איבערהאַלטען און — איבער־דויערען.

אויך אין אייגענעם פאָטער — איינער פון די פאַר׳יאוש׳טע.

און זע: אַ ליכט איז אויפגעגאַנגען אין דער פאַר׳חושכ׳טער שטוב: נתמלא הבית אורה, „די שטוב איז אויסגעפילט געוואָרען מיט ליכט". משה איז געבוירען געוואָרען!

אָבער ניין. דאָס ליכט — נאָר אַ פאַרבייאיגער אילוזיע־גלאַנץ איז עס געווען. דאָס ליכט גייט אויסגעלאָשען ווערען: משה ליגט אין אַ קעסטעל ביים ברעג פונ׳ם טייך, שווימט צום אונטערגאַנג — און מיט אים צוזאַמען די האָפענונג אויף גאולה...

רינט אויס דער בטחון, און עמרם, דער פאַרוויטאָגטער פאָטער, פרעגט מרימ׳ן מיט ביטער־טראַגישען שפּאָט:

— טאָכטער מיינע, וואו איז דיין נבואה? בתי, היכן נבואתך?

ווידער פאַלען אַלע אַריין אין יאוש׳ אָבער נישט — מרים. זי, ווען זי זעט שוין ווי דער וואָס דאַרף זיין דער רעטער, ליגט אַליין ביים ברעג פונ׳ם טייך, ביים ראַנד פון אומקום — פאַרלירט זי נאָך אַלץ ניט ניט איר אמונה:

„און ס׳האָט זיך אַנידערגעשטעלט זיין שוועסטער פונדערווייטענס צו וויסען וואָס ס׳וועט מיט אים געשען", ותתיצב אחותו מרחוק לדעת מה יעשה לו (ב׳, ד׳).

זאָגט דערויף די גמרא: „כדי זיך צו דערוויסען וואָס ס׳וועט זיין דער סוף איר נבואה", לדעת מה יהיה בסוף נבואתה (סוטה, י״ג, א׳).

די גמרא דרינגט עס, וויזט אויס, פונ׳ם וואָרט: ל ד ע ה מה יעשה לו, „צו װ י ס ע ן וואָס געשען וועט מיט אים." ווייל אייגענטליך האָט דאָך גע־דאַרפט שטיין: לראות מה יעשה לו, צו זען וואָס ס׳וועט מיט אים געשען? פאַרוואָס עפּעס „לדעה"?

נאָר מרים האָט זיך נישט באַנוגענט מיט דעם וואָס זי האָט געזען. איר העכער װ י ס ע ן, דאָס מיינט איר אמונה, איר וויזיע, האָט געגרייכט דאָרט וואו דאָס אויג גרייכט נישט. דעריבער: לדעה...

אמת, זי זעט מיט אירע אייגענע אויגען ווי דאָס קינד ליגט דאָ ביים נילוס, אַ פאַרלאָזענער, אַן אויפגעגעבענער, אָבער איר אמונה ווערט נישט דערשיטערט, איר בטחון ווערט נישט געבראָכען (פילון אלכסנדרוני איבער־זעצט דעם נאָמען מרים — „אמונה"). וואָרים ווי די גמרא זאָגט אויף ותתצב:

„כדי צו וויסען וואָס ס׳וועט זיין פון איר נבואה דער סוף". מה יהיה בסוף נבואתה.

ס׳מאַכט נישט וואָס דאָ ליגט משה אַן אויפגעגעבענער — זי זעט נאָך אַלץ אין אים דעם עתיד להושיע את ישראל. ווייל איר בליק, איר „פונדערווייטענס", ותתצב — „מרחוק" גרייכט פיל ווייטער ווי דער ברעג פונ׳ם נילוס. זי זעט — שוין דעמאָלט — בסוף נבואתה, די פאַרווירקליכונג, דעם סוף!

דער דאָזיגער סוף קומט. ליכט גייט ווידער אויף פאַר די געפייניגטע און געפלאָגטע. יציאת מצרים, קריעת ים סוף. דער שונא ליגט אַ געשלאָגענער, אַ געבראָכענער. דאָס באַפרייטע פאָלק ברעכט אויס אין אַז־ישיר־טריאומף־געזאַנג. אַלע זינגען, משה, די אידען, און אוודאי צווישען זיי מרים.

אָבער ווען ס׳הילכט שוין אָפּ דער לעצטער עכאָ פון אָז ישיר, פאַרגעסט נישט די תורה אין דער, וואָס אין דער ביטערער תקופה, נאָך איידער השי״ת האָט זיך באַוויזען אין התגלות פון גאולה־אָנזאָג, נאָך איידער אַפילו ס׳איז געבוירען געוואָרען דער „עתיד להושיע את ישראל" — האָט זי שוין געהאָט די אמונה אין גאולה; דעמאָלט ווען מרים איז נאָך געווען בלויז אחות אהרן, ווי דער פסוק דערמאָנט זי ביי דער שירה, דעמאָלט ווען מרים איז געווען דער איינציגער נביא ביי אידען — און די נבואה וועגען משה׳ס געבוירען ווערען איז געווען די איינציגע נבואה אירע (מער געפינען מיר נישט פון איר). און די תורה געדענקט אין איר אמונה — נאָך פאַר ויאמינו בה׳ ובמשה עבדו, און איר בטחון — נאָך פאַר וירא ישראל. זאָגט די תורה:

דער לעצטער אַקאָרד פונ׳ם טריאומף־געזאַנג, דער נצחון־אויסקלינגענ־דיגער פינאַל, דער סוף פון דער שירה געהערט דער, וועלכע האָט קיין איין מינוט נישט געצווייפעלט אין סוף פון דער נבואה, אין דער פאַר־ווירקליכונג:

מרים׳ן...

דאָס איז איר לוין.

דערפאַר ווייל איר גלויבען האָט זי נישט פאַרלאָזט פונ׳ם ברעג נילוס אָן, וואו משה איז געלעגען, ביז׳ן ברעג ים סוף, וואו אַלץ איז געווען אין סכנה.

אַ סימן: ותיקח... את התוף בידה... זי איז געווען אַזוי זיכער אין נצחון, אַז זי האָט פון פאַראויס צוגעגרייט פויקען (מכילתא).

ותען להם מרים, „להם" און נישט „להן", און געענטפערט האָט זיי מרים, זיי, נישט בלויז די מיטזינגערס, נאָר אויך צו יענע ווייטע אָפּקלאַנגען פון די שווערע צייטען, וואָס האָבען באַשטימט איצט, אין מאָמענט פון נצחון, אויפגעטויכט אין איר זכרון. ותען ל ה ם מרים, צו ז י י , צו יענע ביטער־חוזק׳דיגע היכן־נבואתך־פרעגער, ע נ ט פ ע ר ט איצט מרים:

שירו לה׳ כי גאה גאה...

די ישועה קען אַרויסשפּראָצען פון דער צרה

ויהי לי לישועה, „און ג־ט איז מיר געווען צו אַ הילף". אומעטום וואו ס׳שטייט „ויהי" איז עס דאָך אַן אויסדרוק פון צרה, פאַרוואָס־זשע ווערט ד אָ באַנוצט דאָס וואָרט „ויהי"?

קען מען זאָגען, אַז די ישועה איז טאַקע געקומען פון „ויהי", פון דער צרה: וואָלטען די מצריים געווען „גוטע גויים", וואָלטען אידען נישט געריסען אַזוי די קייטען פון גלות (וואָלט בעווין אַריינגעלאָזט די אידישע פּליטים קיין ארץ ישראל, וואָלט אפשר נישט געווען קיין אידישע מדינה). ווי ס׳שטייט: עת צרה היא ליעקב וממנה יושע, דווקא פון דער צרה, ממנה, קומט די ישועה.

נסים און בטחון

... ובני ישראל הלכו ביבשה בתוך הים, „און די קינדער פון ישראל זענען געגאַנגען אין דער טריקעניש אינמיטען ים" (ט"ו, י"ט).

זאָגט דערויף דער רבי אלימלך פון ליזענסק זצ"ל, אַז זיי האָבען געזען ג־ט׳ס נסים גייענדיג אויף דער יבשה, הלכו ביבשה, פּונקט ווי ווען זיי זענען געגאַנגען אין ים, בתוך הים. זיי האָבען געזען נסי ה׳ אויך אין דרך הטבע.

פון דער צווייטער זייט זענען זיי געגאַנגען אין ים מיט אַזאַ בטחון פּונקט ווי אויף דער יבשה.

...ולא יכלו לשתות מים ממרה, כי מרים הם... „און זיי האָבען נישט געקענט טרינקען דאָס וואַסער פון מרה ווייל עס איז געווען ביטער" (ט"ו, כ"ג). איז דאַרויף דאָ אַ וואָרט פון׳ם בעל שם טוב, אַז זיי האָבען געפילט אַ ביטערען טעם אין וואַסער, כי מרים ה ם , ווייל ז י י , די אידען, זענען געווען ביטער . . .

למען אנסנו הילך בתורתי אם לא, „כדי איך זאָל אים פּרואווען אויב ער וועט גיין אין מיין תורה אָדער נישט" (ט"ז, ד').

האָט דערויף געזאָגט דער רבי ר' שמחה בונם פון פּשיסכע זצ"ל: „אנסנו" איז פון"ם לשון „נס", אַ פאָן, איז דער פּשט, אַז ווי ס'זאָל נישט זיין, זענען אידען, אין פאַרגלייך צו אַנדערע, דאָך העכער, זענען אידען דאָך די פאָן, למען אנסנו, צי הילך בתורתי, צי אפילו נישט, אם לא.

וואָס מיינט געדענקען עמלק'ן?

(לויט הגאון רבי יצחק זאב סאָלאָווייטשיק, זצ"ל, בריסקער רב)

ס'גייט אָן אַ קאַמפּיין אויסצומעקען — נישט עמלק'ן, נאָר דעם זכור את אשר עשה לך עמלק!... צו פאַרגעסען, פאַרגעבען, און נאָך דערצו זיך ברידערן מיט די שוידערליכסטע עמלקים אין דער געשיכטע, די דייטשע מערדער! איז דאָס פאַרדאַרבענקייט וואָס רירט אָן ביז'ן חוט השדרה פון דער אומה הישראלית — און מיר דאַרפען זיך ווערען, אָפּהיטען די אידישע נשמה, און די אידישע מאָראַל פון דער דאָזיגער אויסגעפלאָנטער שכחה! מיר דאַרפען מיט באַזונדערער כוונה, פון דער טיפעניש פון אונזער צעווייטאָגטער נשמה, דערמאָנען ווידער אַמאָל און ווידער אַמאָל: זכור את אשר עשה לך עמלק, בנוגע דעם ערגסטען עמלק, דעם דייטש, ימ"ש.

און מיינט נישט, אַז דאָ גייט מען איך „אַריינטייטשען" אַ זאַך וואָס איז דאָ נישטאָ. ניין. דאָס איז אַ הייליג געבאָט פון דער תורה, אַ מצוה מדאורייתא. הערט וואָס דער רמב"ם זאָגט דערויף אין ספר המצוות, מצוה תר"ג:

„מיר זענען געבאָטען צו געדענקען וואָס ס'האָט אונז געטאָן עמלק און אים פיינט האָבען שטענדיג, און אויפוועקען די נפשות, מיט מאמרים, מלחמה צו האַלטען מיט אים, און צו וואָרענען דאָס פאָלק אים צו האָסען, ביז ס'זאָל נישט פאַרגעסען ווערען די מצוה, און ס'זאָל נישט אָפּגעשוואַכט ווערען די שנאה און ס'זאָל נישט אָפּגעטאָן ווערען פון די נפשות מיט'ן אָפּפלוס פון צייט".

דער בריסקער רב הגאון רבי זאב סאָלאָווייטשיק, זצ"ל, איז מסביר (אין אַ העפט פון סטענסיל. נאָטירט ע"פ השמיעה) פאַרוואָס האָט די תורה געבאָטען צו געדענקען עמלק'ן בלויז, און נישט קיין אַנדערע שונאי ישראל; זענען דאָך אויך געווען אַנדערע פעלקער, וועלכע האָבען באַפאַלען אידען, פאַרוואָס־זשע האָט מען דוקא אָנגעזאָגט וועגען עמלק'ן?

דאָס איז דערפאַר, זאָגט דער בריסקער רב, ווייל עמלק איז נישט באַ־

פאַלען אידען סתם אזוי, „ספּאָנטאַניש", ווי אַ גוי, וואָס ווען ער דערזעט אַ אידען גיט אין אים אַ זיד די רציחה. ביי עמלק'ן איז עס געווען פון פריער־אויס באַרעכענט. ער האָט עס געטאָן מיט אַ פּלאַן. ער האָט די רציחה קאַלט־בלוטיג אויסגעפּלאַנט, צוגעגרייט און אויסגעפירט — נישט מיט אומקאָנטראָלבאַרען כעס, נאָר מיט פּרעמעדיטאַציע, מיט אָרגאַניזאַטאָרישען טאַלאַנט און אייזערנער דיסציפּלין, מיט פעאיגקייט און עפעקטיוויקייט (פּונקט ווי די דייטשען, ימ"ש, וואָס די וועלט פאַרכלינגעט זיך איצט פון זייערע אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיגקייטען...)

דער פסוק דערציילט אונז גענוי ווי אַזוי עמלק האָט אויסגע־חשבונ'ט זיין איבערפאַל:

„געדענק וואָס עמלק האָט דיר געטאָן אונטערוועגענס, ווען איר זייט אַרויס פון מצרים. ווי ער האָט דיך געטראָפען אונטערוועגענס, און האָט געשלאָגען דיינע הינטערשטעליגע, אַלע אָפּגעשלאָפטע אונטער דיר, בעת דו ביזט געווען פאַרשמאַכט און מיד... זכור את אשר עשה לך עמלק בדרך, בצאתכם ממצרים. אשר קרה בדרך, ויזנב בך כל הנחשלים אחריך, ואתה עיף ויגע... (דברים כ"ה, י"ז־י"ח).

די תורה דערציילט ווי ער האָט אויסגערעכענט מיט אַלע פּרטים, ווען און ווי אַזוי דיך צו באַפאַלען: ווען דו ביזט נאָרוואָס אַרויס פון אַ ביטערען גלות; ווען דו ביזט געווען אין וואַגלעניש, נע ונד, אָן אַ היים; ווען דו ביזט געווען אויסגעמוטשעט פון שקלאַפעריי, מיד פון וואַנדערען, ואתה עיף ויגע.

און פאַרוואָס? פאַרוואָס האָט ער דיך באַפאַלען? איז עפּעס געווען אַן אינטערעסען־קאָנפליקט צווישען דיר און אים? האָסטו באַדראָט זיין לאַנד? ניין. דער איינציגער מאָטיוו איז געווען — ולא ירא אלוקים, ער האָט נישט געהאָט קיין ג־ט אין האַרצען. און אויך דער „ולא ירא אלוקים" איז געווען אויסגעפּלאַנט.

ווי די גמרא פרעגט אין בבא קמא ע"ט ב', פאַרוואָס האָט די תורה געהאַלטען הארבער אַ גנב איידער אַ גזלן, שאלו תלמידיו את רבי יוחנן בן זכאי, מפני מה החמירה תורה בגנב יותר מגזלן? דער טיפערער זין פון רבי יוחנן בן זכאי'ס ענטפער, איז, לויט'ן בריסקער רב, וואָס אַ גזלן טוט געוויינליך ספּאָנטאַניש, בעת אַ גנב טוט מיט פּרעמעדיטאַציע, מיט פריערדיגער אויסגערעכענטקייט און צוגרייטונג. דאָס איז אויך דער טעם פון דעם גע־

באַטענעם האָס געגען עמלק'ן, ווייל ער האָט געמאָרדעט אויסגערעכענט און פּלאַנמעסיג, אָרגאַניזירט און דיסציפּלינירט, ווי די דייטשען, ימ"ש.

און די אַלע באַדינגונגען און סיטואַציעס וואָס רופען געוויינליך אַרויס מיטלייד, רחמנות ביי מענשען — ווי שוואַכקייט, אויסגעמאַטערטקייט, אַלטע מענשען, קראַנקע, קליינע הילפלאָזע קינדער — אָט דאָס אַלץ האָט גאַר עמלק, — און נאָך פיל גרויזאַמער דער ערגסטער פון אַלע עמלקים, דער דייטש, ימ"ש, — אויסגע'חשבונ'ט פאַר זיינע מערדערייען.

דעריבער האָט די תורה דאָ געבאָטען: זכור! זכור! געדענקט אידען, געדענקט!

מ'דאַרף געדענקען דאָס פאַרברעכען און די פאַרברעכער!

די חז"ל האָבען דערמאָנט נישט בלויז דעם חורבן בית המקדש, נאָר אויך די מחריבים, זיי האָבען פאַראייביגט סיי ירושלים און סיי רוים, דעם חרוב־מאַכער פון ירושלים. דער חורבן איז אין דער גמרא נישט עפּעס אַן אומפּערזענליכע געשעעניש, נישט קיין „אַנאָנימע קאַטאַסטראָפע", אַ „נאַטור־אומגליק", וואָס האָט נישט קיין אויטאָר; נאָר דאָס איז אַ פאַרברעכען, און עס ווערט גענוי אָנגעוויזען ווער עס זענען געווען די פאַרברעכער — צו אייביגער שאַנדע, צו אייביגען האָס!

פאַרוואָס?

זכור את עשה לך עמלק. געדענק וואָס געטאָן האָט צו דיר עמלק! געדענקען איז אַ יסוד פון יהדות. ביי אַ סך פונדאַמענטאַלע מצוות ווערט געבאָטען נישט אין לשון „היט אָפּ", „ערפיל דיין פליכט", נאָר זכור, „געדענק". ווי זכור את יום השבת, למען תזכור את יום צאתך מארץ מצרים.

פונדעסטוועגען איז ביי קיין שום מצוה נישט אַזוי אַרויסגעהויבען דער מאָמענט פון געדענקען ווי ביי עמלק'ן.

פאַרוואָס?

ווייל אַ מענש איז גענייגט צו ווילען פאַרגעסען ליידען, ביטערע איבערלעבענישען. עס ליגט אין דער מענשליכער נאַטור צו ווילען פאַרטרייבען פון זכרון אומגליקען. אָבער נישט אַלץ וואָס ליגט אין דער מענשליכער נאַטור ווערט גוטגעהייסען פון דער תורה. די תורה לערנט אָפט געגען די אינסטינקטען, גובר צו זיין די טבע פון מענשען, באַקעמפען נאַטירליכע בייגונגען.

אַזאַ פאַל איז דאָס געדענקען אומגליקען. אַזאַ פאַל איז דאָס געדענקען פאַרברעכענס וואָס זענען קעגען דיר באַגאַנגען געוואָרען, און — די פ אַ ר־ ב ר ע כ ע ר!

די תורה וואָרענט און וואָרענט: פאַרגעס נישט! געדענק! זכור!

דאָס דאָזיגע געדענקען איז אַ יסוד פון קיום העולם.

וואָרים וואָס איז דער טעם פון באַשטראָפען אַ פאַרברעכער, אַ רוצח? ערשטענס, כדי צו מאַכען אים אומשעדליך! צווייטענס, כדי אים, און אנדערע, אָפּצושרעקען פון ווידער באַגיין דעם פאַרברעכען.

אַנישט וואָלט די וועלט נישט געהאַט קיין קיום.

אָבער דאָס, וואָס איז אַזוי פּשוט אין יעדען קרימינעלען רעכט בנוגע אַן איינצעלנעם פאַרברעכער, איז שוין גאָרנישט פּשוט בנוגע אַ קאָלעקטיווען פאַר־ ברעכער, בנוגע אַ מערדער־פ אָ ל ק.

דאָס האָבען שוין געוואוסט די ערשטע פאַרברעכער אין דער געשיכטע, ווי קין, אָדער שפּעטער דער דור המבול. קין האָט גע׳טענה׳ט: השומר אחי אנכי? ער איז נישט פאַראַנטוואָרטליך — און די טענה איז אפשר נישט ווייניגער פאַרברעכען ווי דער מאָרד גופא. ווייל אַ מענש איז יאָ דער שומר פון זיין ברודער.

דער דור המבול האָט גע׳גזל׳ט קאָלעקטיוו, אַזוי אַז אויף יעדען איז אויסגעקומען אַ פּחות משוה פרוטה, און לעגאַל איז יעדער איינער געווען אומ־ שולדיג, ווי די גמרא זאָגט עס. און דאָך איז עס געווען אַ פאַרברעכען, וואָס האָט געבראַכט דעם מבול. דאָס מיינט: כי השחית כ ל בשר, קאָלעקטיווע פאַרדאָרבענקייט.

דער סאָרט פאַרברעכען, פון אַ קאָלעקטיוו, איז פיל ערגער קוואַנטי־ טאַטיוו, פאַרשטייט זיך, און פיל געפערליכער, ווי דאָס פאַרברעכען פון אַן איינצעלנעם. פונדעסטוועגען ווערט דער ערשטער סאָרט פאַרברעכען טאָלע־ רירט און — פאַרגעסען. מעכטיגע כוחות שטייען אונטער אַ קאָלעקטיוו פאַר־ ברעכען, אונטער אַ מערדער־פאָלק.

אָבער אויב אַ פאַרברעכען, בפרט פ ו ן אַ קאָלעקטיוו, ובפרט ל ג ב י אַ קאָלעקטיוו, ווערט טאָלערירט און פאַרגעסען, וויפיל „לעגאַלע" (פאַרעלטע־ רונגס־געזעצן!) „עטישע" מאָטיוון עס זאָלען דאָ נישט ווערען צביעות׳דיג אַריינגעלייגט, — מ ו ז די וועלט־אָרדנונג ווערען צעטרייסעלט.

דעריבער האָט די תורה אָנגעזאָגט: זכור, זאָלסט געדענקען! דאָס געדענקען וואָס געטאָן האָט דיר עמלק איז אַ יסוד פון קיום העולם. און פון

ד י י ן קיום, פון ד י י ן זיכערקייט! ווייל אויב דאָס פאַרברעכען פון עמלק'ן זאָל פאַרגעסען ווערען, איז דיין קיום אין סכנה. אין דער שפּראַך פון א ו נ־ז ע ר צייט, ווען עמלק האָט אונז געטראָפען אין זיין גרויליגסטער פאָרם, אין געשטאַלט פונ'ם דייטש, ימח שמו, הייסט עס, אַז אויב די גרויזאַמסטע הריגות און טאָרטורען מצד די דייטשען, אַ ל ע דייטשען, זאָלען פאַרגעסען און פאַרגעבען ווערען, דאַן איז אידיש בלוט הפקר! הפקר, למשל, פאַר די נאַסערס און זיינע האָרדעס, וועלכע די דייטשען טאַקע מושטירען אויס געגען אידען, וואָרענט די תורה: זכור!

אויב אַ נישט־איד זאָגט עפּעס צו פאַר אידען מעגסטו זיין סקעפּטיש. אויב אָבער אַ גוי זאָגט, אַז ער גייט הרג'ענען אידען — גלויב אים! יאָרען לאַנג האָט די דעמאָקראַטיש־געווויילטע דייטשע רעגירונג, מיט געבעלס'ן און דר. האַנס גלאָבקע (אַדענאַוערס רעכטע האַנט) בראש, אָפען געדראָט אידען מיט אומברענגען, און מיר האָבען נישט געגלויבט. איצט, אַז זיי האָבען זייער דראָאונג דורכגעפירט — ווילען זיי, מיר זאָלען פאַרגעסען.

אַלע זענען איין עמלק

## מערקווירדיג,

אין פ' זכור, מיט וועלכען ס'ענדיגט זיך די היינטיגע סדרה, רעדט זיך נישט וועגען ע מ ל ק י ם, נאָר וועגען ע מ ל ק. ס'ווערט נישט דערציילט וועגען דאָזיגען פאָלק אין מערצאָל, אין לשון רבים, נאָר אין איינצאָל, אין לשון יחיד. פאַרוואָס? פאַרוואָס קומט עפּעס אַריינצונעמען אַ ל ע עמלקים אין א י י ן „טאָפּ"? די „מלמדי זכות" די פאַרגעסער און פאַרגעבער וואָלטען דאָך זיכער אויסגעפונען „גוטע" עמלקים, „אַדענאַוער־עמלקים" — וואָס זענען ז י י שולדיג? פאַרוואָס עפּעס ויבוא עמלק, אין לשון יחיד, איין עמלק?

דאָס זעלבע איז אויך שווער אין „שפוך חמתך". דאָרט רעדט זיך דאָך בפירוש וועגען ה ג ו י ם אשר לא ידעוך, וועגען מ מ ל כ ו ת אשר בשמך לא קראו, „די פ ע ל ק ע ר, וועלכע האָבען דיך נישט געקענט, די ק ע נ י ג ר י י כ ע ן, וועלכע האָבען אין דיין נאָמען נישט גערופען", אין לשון רבים, אַלע אין מערצאָל. און פּלוצים: כי אָכל את יעקב, „ווייל ע ר האָט פאַרטיליגט יעקב'ן", ער, איז, לשון יחיד, אין איינצאָל!

פאַרוואָס אַזאַ מאָדנער איבערגאַנג פון לשון רבים צו לשון יחיד, — וואָס אפילו פונ'ם ריין דקדוק־שטאַנדפּונקט קלינגט עס משונה'דיג, שוין אָפּגערעדט וואָס ס'איז לאָגיש אומפאַרשטענדליך?

מיר אין אונזער דור, ובפרט מיר פון „דאָרטען״, פאַרשטייען עס גאַנץ גוט:

ס׳איז געווען בלויז איין עמלק, אָלע זענען די געווען איינס ווען ס׳איז געקומען צו הרג׳ענען אידען! גייט אויך דער שפוך חמתך אויף אַ רבים, אויף אַ סך און פאַרשידענע גוים, ממלכות, ווען ס׳קומט אָבער פעסטצושטעלען אַ היסטאָרישען פּאַקט, זאָגט עדות דער פסוק: כי אכל את יעקב, ער האָט פאַרטיליגט יעקב׳ן, אַלע זענען געווען ווי איינער ביי אכל את יעקב! פונקט ווי אין דער פאַרטיליגונג פון אונזערע ברידער און שוועסטער איז נישט געווען קיין פאַרשידענע דייטשען, גוטע און שלעכטע, נאָר ס׳איז געווען דער דייטש, ימ״ש! אַלץ איינס צי הימלערס צי ערהאַרד׳ס דייטש — ס׳איז דער זעלבער עמלק, ס׳איז דער זעלבער כי אכל את יעקב.

לאָמיר דעריבער — טראָץ דער חברה פאַרגעסערס — איבער׳חזר׳ן נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל: זכור את אשר עשה לך עמלק! אידען! געדענקט! געדענקט!

אידען זענען אַ פאָלק פון געדענקען

**כתוב** זאת זכרון בספר ושים באזני יהושע (י״ז, י״ד). פאַרשרייב דאָס אין בוך צו געדענקען און טו עס אַריין אין די אויערען פון יהושע׳ן.

איגענטליך, אויב מ׳פאַרשרייבט שוין, צו וואָס דאַרף מען נאָך געדענקען? צו וואָס דאַרף מען עס נאָך טראָגען אויפן קאָפּ? כ׳וועל עס דאַרפען — וועל איך אויפמאַכען דאָס בוך און וועל עס געפינען...

נאָר דאָ זאָגט אונז אַן דער פסוק אַ לימוד וועגען געדענקען.

פאַראַן מענשען, וואָס אַז זיי האָבען אַ געדאַנק ווילען זיי „פּטור ווערען פון אים״. ווי אַזוי־זשע באַפרייט מען זיך פון אַ געדאַנק? מ׳שרייבט אים אויף. (מעגליך, אַז דערפון נעמט זיך די שוואַכקייט פון אַ סך מענשען צו שרייבען ביכער, אָדער „מחבר״ זיין „ספרים״...)

אַן אמת׳ער בעל מחשבה, אָבער, אַרבעט דורך אַ רעיון, ווייטאָגט דורך אַ מחשבה, פאַרדייעט אַן אידייע, פאַרדענקט אַ געדאַנק.

דעריבער ווערט אָנגעזאָגט ביידע, אי פאַרשרייב, אי געדענק, כתוב... ושים באזני...

דעריבער דאָס אַכט לייגען אויף תורה שבעל פה.

השי״ת אַליין איז ג־ט פון געדענקען. (זוכר חסד לאלפים... זוכר חסדי אבות... כי זכר כל היצור בא לפניך...). ראש השנה, הייסט „יום הזכרון״, דער „טאָג פון געדענקען״. אין צענטער פון די ראש־השנה׳דיגע תפילות, צווישען „מלכיות״ און „שופרות״ שטייט — „זכרונות״.

איז אין דער היינטיגער סדרה, וועלכע אַנטהאַלט אַזויפיל הויכפונקטען, יציאת מצרים, קריעת ים סוף, די שירה, שבת, קומט ביים פינאַל דאָס געבאָט:

פאַרשרייב און געדענק די מלחמת עמלק!

אידען זענען אַ פאָלק פון געדענקען. זכרון איז אַ יסוד פון יהדות. געדענקען איז אַ טייל פון דעם מהות פון אידישקייט.

די הייסעסטע תפילה איז „זכור ברית אָבות״.

די בעסטע ברכה איז געדענקען.

און די ערגסטע קללה איז — פאַרגעסען צו ווערען: כי מחה אמחה את זכר עמלק מתחת השמים (י״ז, י״ד). „ווייל איך וועל אָפמעקען דאָס געדעכעניש פון עמלק׳ן פון אונטער׳ן הימעל״.

אָבער פאַרלאָז דיך נישט אויף דער דאָזיגער קללה! לאָז נישט איבער די נקמה בלויז צו השי״ת: אמר ר׳ יצחק, כתיב „כי מחה אמחה״ וכתיב „תמחה את זכר עמלק״? אלא אמר הקב״ה, אתם תמחו זכרונו למטה ואני אמחה זכרונו למעלה (זוהר). „ר׳ יצחק האָט געזאָגט: ס׳איז אויף איין אָרט געשריבען „איך וועל אָפמעקען דאָס געדעכעניש פון עמלק׳ן״, און אויף אַ צווייטען אָרט „דו זאָלסט אָפמעקען״, נאָר הקב״ה זאָגט: דו וועסט אָפמעקען זיין געדעכעניש אויף דער וועלט און איך וועל אָפמעקען זיין געדעכעניש פון אויבען״.

ווערט דעריבער אָנגעזאָגט צו יעדען פון אונז:

זאָלסט זיך נישט באַנוגענען מיט „כתוב זאת זכרון בספר״, מיט פאַרשרייבען בלויז אין אַ בוך, נאָר שריי עס אַריין אין די אויערען פון דיין תלמיד, פון דיין זון, פון די צוקונפטיגע דורות, „ושים באזני יהושע״!

ווי „מלחמה לה׳ בעמלק מדור דור״. ווייל דאָס זעלבע איז מיט דעם עמלק פון דיין דור.

נישט גענוג קיין „חורבן־ליטעראַטור״, קיין באַשרייבען די דייטשע

אכזריות'ן און — אָראָפּלאָזען פונ'ם קאָפּ. נישט געננוג אַרויסגעבען חורבן־ביכער און נישט לייענען; נאָר טראָג דעם וויטאָג און דעם צאָרן אין דיר, שריי עס אַריין אין די אויערען!

יהושע, דער וואָס ברענגט אַריין די אידען קיין ארץ־ישראל זאָל אויך הערען שטענדיג („ושים באזני יהושע") דעם גסיסה־געשריי פון די געפּייניגטע און דערמאָרדעטע, וועלכע האָבען נישט זוכה געווען צו כבוש הארץ!

אַזוי זעען מיר ווי די סדרה הויבט זיך אָן מיט „ויהי בשלח", ויהי — לשון צער צוליב די, וועלכע זענען נ י ט אַרויסגעגאַנגען, האָבען נישט דערלעבט די באַפרייאונג, און ענדיגט זיך מיט'ן געבאָט פון געדענקען און געדענקען דעם עמלק פון יענעם דור און — „מדור דור", פון אונזער דור!

צוויי שירות: פאַרגלייכן און אונטערשיידן

**נישט** אייז שירה, נאָר צוויי לייענען מיר שבת שירה. איינע אין דער סדרה אָז ישיר, די צווייטע אין דער הפטרה, ותשר דבורה, אין שופטים.

לאָמיר זיך פאַרטראַכטען איבער די דאָזיגע צוויי „געזאַנגען", איבער זייער מיין און זין, און איבער די ענליכקייטען און פאַרשידענקייטען צווישען זיי.

ווען מיר פאַרגלייכען די צוויי שירות, זעען מיר, ווי זיי וואָלטען געווען געווענדעט ביידע צו איין פונקט — פון פאַרקערטע ריכטונגען. אז ישיר איז געווענדעט צו דער צוקונפט. „ישיר" איז לשון עתיד... ותשר דבורה איז געווענדעט צו דער פאַרגאַנגענהייט; ביידע זענען געווענדעט צו אַ געוויסען צייט־פונקט, וועלכער געפינט זיך צווישען זיי ביידע, צווישען „אָז ישיר" און „ותשר". ווען און וואָס איז דער דאָזיגער צענטראַל־פונקט, וואָס איין שירה זאָגט אים פאָראויס און די צווייטע דערציילט וועגען זיין געשען? וואָס איז געשען גרויסעס, דאָס גרעסטע, צווישען קריעת ים סוף און צווישען שירת דבורה?

אין תוכן פון די ביידע שירות געפינען מיר דעם ענטפער: מתן תורה!

אָז ישיר לאָזט זיך אויס מיט'ן פינאַל, וועלכער איז דער קלימאַקס פון שירת הים: ה' ימלוך לעולם ועד. מלכות שמים ווערט דאָ פאָראויסגעזאָגט

— פאַר דער צוקונפט. און דער וועג דערצו פירט דורך סיני, דורך קבלת התורה.

אין דבורה׳ס שירה האַלטען מיר שוין דערנאָך, נאָך קבלת התורה, נאָך כבוש הארץ. הערען מיר דאָרט:

„ג־ט אַז דו ביזט פון שעיר אַרויס . . . „בערג זיינען צערונען פאַר ה׳,
„די ערד האָט געציטערט „דער דאָזיגער סיני —
„אויך די הימלען געפלאָסען, „פאַר ה׳, דעם ג־ט פון ישראל״.

ה׳ בצאתך משעיר.. ארץ רעשה, גם שמים נטפו.. הרים נזלו מפני ה׳. זה סיני מפני ה׳ אלוקי ישראל (שופטים ה׳, ד׳־ה׳).

לערנען מיר דערפון, אַזביידע גרויסע נצחונות זענען געווען געווענדעט צום צענטראַלען געשעעניש אין דער אידישער געשיכטע — צו מתן תורה.

אַ צווייטע ענליכקייט אין ביידע געשעענישען איז פון אויבען אויף. אין ביידע ווערט דערציילט וועגען זיג איבער׳ן שונא, און ס׳ווערט געלויבט השי״ת פאַר דעם נצחון. סיי ביי קריעת ים סוף, סיי אין קאַמף געגען סיסרא׳ן איז די ישועה געקומען פון השי״ת.

ס׳איז אָבער פאַראַן אַ בולטער אונטערשייד צווישען די ביידע געשעענישען. ווען אידען זענען אַרויס פון מצרים, זיינען אַרויס 600 טויזענט מענשען, באַוואָפענטע — וחמושים עלו בני ישראל מארץ מצרים. ווען זיי האָבען זיך אָבער געפונען פנים אל פנים מיט די מצריים, פאַרלירען זיי דעם מוט: זיי זענען נישט גרייט צום קאַמף. זיי פאַלען אַריין אין פאַרצווייפלונג און זאָגען: „איז דען נישטאָ קיין קברים אין מצרים וואָס דו האָסט אונז גענומען צו שטאַרבען אין דעם מדבר״? המבלי אין קברים במצרים, לקחתנו למות במדבר. זיי האָבען טענות צו משה׳ן פאַרוואָס ער האָט זיי אַרויסגעפירט פון מצרים: „וואָס האָסטו דאָ געטאָן צו אונז, אונז אַרויסצוציען פון מצרים? איז דאָס נישט דאָס וואָרט וואָס מיר האָבען גערעדט צו דיר אין מצרים, אַזוי צו זאָגען: טו זיך אָפּ פון אונז און לאָמיר דינען מצרים? וואָרים ס׳איז בעסער פאַר אונז צו דינען מצרים איידער מיר זאָלען שטאַרבען אין דעם מדבר״. (י״ד, י״ב).

די אידען, הגם באַוואָפענטע, זענען געווען איינגאַנצען אָפּהענגיק, פאַרצווייפעלט, מיאוש׳דיג. די הילף איז געקומען בלויז פון ג־ט, אָן זייער עפּעס צו טאָן דערצו.

דאָס איז געווען ביי יציאת מצרים. אַ גאַנץ אַנדער בילד זעען מיר אין קאַמף מיט סיסרא׳ן. אמת, אויך דאָ איז דער נצחון געקומען פון השי״ת —

ווי תמיד און אומעטום — אָבער ווי אַנדערש איז די ה אַ ל ט ו נ ג פון די אידען! זיי זענען נישט פּאַסיוו, ציטערען נישט אין פּחד. זיי ק ע מ פּ ע ן! דאָס פאָלק שטעלט זיך איין פריי־וויליג צום קאַמף: בפרוע פרעות בישראל ב ה ת נ ד ב ע ם, אויך דערפאַר קומט אַ שבח צום רבונו של עולם, וואָס דאָס פאָלק איז געבענטשט מיט מוט, בהתנדב עם — ברכו את ה׳, אָבער די אידען ווייזען אַרויס מסירת נפש, ג ב ו ר ה. אין שירת דבורה הערען מיר: „זבולון איז אַ פאָלק וואָס האָט איינגעשטעלט זיין לעבען צום טויט, און נפתלי אויף די הויכען פון׳ם שלאַכטפעלד״. זבולון עם חרף נפשו למות, ונפתלי על מרומי שדה (ה׳ י״ח).

ביים ים הערען מיר: „ה׳ ילחם לכם ואתם תחרישון״, אידען האָבען געשוויגען, גאָרנישט צוגעטאָן צום נצחון, — ביים קאַמף מיט סיסראַ׳ן ווערט אויך געזאָגט: „און ג־ט האָט פאַרטומעלט סיסראַ׳ן״... ויהם ה׳ את סיסרא... „פון הימעל האָט מען מלחמה געהאַלטען, די שטערן פון זייערע וועגען האָבען מלחמה געהאַלטען מיט סיסראַ׳ן״... (ד׳ ט״ו, ה׳ כ׳־כ״א). אָבער ס׳ווערט אויך דערציילט וועגען דער העלדישקייט פון די קעמפער, וואָס זיי זענען געווען ו ו י י נ י ג, נישט מער ווי „אַן איבערבלייב״, שרידים, שארית הפליטה, און דאָך האָבען זיי העלדיש געקעמפט געגען גבורים:

„דענסטמאָל האָט ער אַן איבערבלייב „ג־ט האָט מיך געמאַכט<br>„געמאַכט געוועלטיגען „געוועלטיגען איבער גבורים״.<br>„איבער אַ מעכטיג פאָלק

אַז ירד שריד לאדירים עם, ה׳ ירד לי בגבורים (ה׳, י״ג).

פון וואַנען דער גרויסער קאָנטראַסט צווישען דער האַלטונג פון אידען לגבי די מצריים, און צווישען זייער האַלטונג לגבי סיסראַ׳ן און זיין אַרמיי?

דער אבן עזרא גיט עס צו פאַרשטיין מיט אַ פּאָליטיש־פּסיכאָלאָגישער הבנה, אין זיין פירוש אויף בשלח. ער פרעגט אַזוי:

„מ׳דאַרף זיך וואונדערן ווי אַזוי האָט אַ גרויסע מחנה פון זעקס הונדערט טויזענט מענשען זיך געשראָקען פאַר די נאָכיאָגערס, די מצריים? פאַרוואָס האָבען זיי נישט געקעמפט פאַר זייער לעבען און פאַר זייערע קינדער?״

און דער אבן עזרא ענטפערט:

„די מצריים זענען געווען האַרען איבער די אידען, און אָט די גענעראַציע, וועלכע איז אַרויסגעגאַנגען פון מצרים, איז געווען צוגעוואוינט פון דער יוגענט אָן צו ליידען פון׳ם יאָך פון מצרים, און זי איז געווען געפאַלען

ביי זיך, — ווי אַזוי־זשע האָט דער דאָזיגער דור געקענט פלוצים קעמפען מיט זיינע האַרען? די אידען זענען געווען אָפּהענדיג און נישט געוואוינט צו קעמפען. אַ סימן, ווען עמלק איז זיי באַפאַלען מיט אַ קליין פאָלק — ווען ניט משה׳ס תפילה וואָלט ער געווען באַזיגט די אידען...״

און דער אבן עזרא ענדיגט: „ביז ס׳איז אויפגעשטאַנען אַ דור נאָכ׳ן דור המדבר, וועלכעס האָט נישט געזען קיין גלות, און זיי האָבען געהאַט אַ מוטיגע נשמה״. עד שקם דור אחר, דור המדבר, שלא ראו גלות והיתה להם נפש גבוהה.

אין דבורה׳ס צייטען איז עס געווען נאָך כבוש הארץ, איז דעמאָלט געווען אַ קאַמפּס־גייסט. אידען האָבען אין א י י ג ע נ ע ם לאַנד באַקומען מוט צוריקצושלאָגען. און דבורה האָט אין איר שירה געלויבט ג־ט׳ס חסדים פאַר די נ ס י ם וואָס זענען געטאָן געוואָרען צו די אידען, און פאַר דעם גייסט פון ג ב ו ר ה וואָס אידען האָבען באַוויזען אין קאַמף.

אָט די דאָזיגע גרויסע ענדערונג אין דער פסיכאָלאָגיע פונ׳ם פאָלק, די ענדערונג פון „נפש ש פ ל ה״ צו „נפש ג ב ו ה ה״, ווי דער אבן עזרא דריקט זיך אויס אין אויביגען פירוש, האָבען מיר אויך געהאַט די זכיה מיט־צולעבען אין אונזער דור, בעת די מלחמות און נצחונות אין ישראל, אין מלחמת קוממיות און מבצע סיני, ווען ס׳איז געווען בהתנדב עם, ווען דאָס פאָלק איז געווען עם חרף נפשו למות — האָט ריזיקירט דאָס לעבען צום קאַמף און האָט דערגרייכט דעם נצחון, סיי דורך נסים, סיי דורך גבורה.

## קיין אָפּשטעל פאַר קבלת התורה!

(פון אַ שמועס פון דעם ליובאַוויטשער רבי׳ן אדמו״ר ר׳ מנחם שניאורסאָן שליט״א)

**ווי** קומט עס וואָס נחשון האָט זיך איינגעשטעלט דאָס לעבען אַריינ־צושפרינגען אין ים אַריין? ווי אַזוי האָט ער געמעגט גאָר ריזיקירען דאָס לעבען? דאָס איז דאָך געווען פאַר קבלת התורה, האָט דאָך נחשון געהאַט דעם דין פון אַ בן נח, אַז אויב ער איז נישט מ ח ו י ב געווען צו שפרינגען אין ים אַריין האָט ער עס נישט ג ע ט א ר ט טאָן ע״פ דין, ווייל ער האָט נישט געטאָרט זיין אַ מאבד עצמו לדעת. איז דער ענטפער:

נחשון בן עמינדב האָט געוואוסט איין זאַך, אַז אידען געפינען זיך אויפ׳ן וועג מקבל צו זיין די תורה. און ווי רש״י זאָגט אויף דבר אל בני ישראל ויסעו — אין להם אלא ליסע, שאין הים עומד בפניהם; ד ע ם וועג דאַרף

מען גיין. און אויב ס׳זענען פאַראַן מכשולים, שטערונגען אויפ׳ן וועג צו תורה האָט עס צו אים קיין שייכות נישט. אויב ס׳איז פאַראַן אַ ים אויפ׳ן וועג צו תורה — שפּרינגט מען אין ים אַריין! און השי״ת העלפט אַרויס.

דער אַלטער רבי (געמיינט דעם רב פון ליאַדי, דעם בעל „התניא״ זצ״ל) האָט געפרעגט פאַרוואָס די הפטרה פון שבת שירה איז „ותשר דבורה״, און נישט די שירה פון דוד׳ן, ווי עס איז די הפטרה פון שביעי של פסח, ווען מען לייענט אויך די שירה? אין דער סדרה איז דאָך דאָ סיי די שירה פון די מענער און סיי די שירה פון די פרויען, מרים׳ס שירה, פאַרוואָס־זשע איז די הפטרה דוקא די שירה פון אַ פרוי?

האָט דער בעל „התניא״ געענטפערט: דאָס איז דערפאַר, ווייל ביי קריעת ים סוף האָבען אויך די פרויען געזאָגט שירה, אָבער מיט ש מ ח ה, ווייל עס שטייט: ותצאן כל הנשים אחריה ב ת ו פ י ם ו ב מ ח ו ל ו ת, „און עס זענען אַרויסגעגאַנגען אַלע פרויען נאָך איר (מרים׳ען) מיט פ ו י ק ע ן און ט ע נ ץ״. דעריבער קומט ז י י די הפטרה. דעריבער זאָגט מען שבת שירה, ותשר דבורה.

פרעגט זיך אָבער פאַרוואָס האָבען טאַקע די מענער נישט געזונגען די שירה מיט דער זעלבער שמחה ווי די פרויען?

איז דער ענטפער: וואָס ערגער די לײדען אַלץ גרעסער די שמחה — ווען מען ווערט באַפרייט פון זיי. און אַמשווערסטען האָבען געליטען די פרויען. אַלע ליידען פון די מענער, די שווערע אַרבעט, בפרך, זענען אַלץ נישט געקומען צו די לײדען פון אַ פרוי, וואָס מען האָט ביי איר צוגע׳גזל׳ט דאָס ערשטע געבוירענע עופ׳עלע און עס אַריינגעוואָרפען אין ים אַריין! אָדער געקוילעט די קינדער און פרעה האָט זיך געבאָדען אין זייער בלוט, לויט ווי די חז״ל דערציילען (ווי עס ווייסען עס די וואָס האָבען מיטגעלעבט, ווי די דייטשען, ימ״ש, האָבען אַוועקגעריסען אידישע קינדערלעך פון זייערע מוטערס, און געוואָרפען זיי אין די גאַז־קאַמערן אָדער זיי גע׳הרג׳עט מיט אַנדערע אכזריות׳ן! — ז.)

אַ מוטער לעבט דאָס איבער נאָך מער ווי דער פאָטער. דעריבער, ווען מען איז באַפרייט געוואָרען פון די מצרים, איז אויך די שמחה פון די פרויען געווען גרעסער ווי די שמחה פון די מענער; און זיי, די פרויען, זענען אַרויס בתופים ובמחולות.

ווי אַלע ענינים פון דער תורה, איז אויך דער ענין אַ לערע פאַר דורות. דאָס איז אויך אָנגעדייטעט אין פסוק: ותצאן כ ל הנשים אחריה

בתופים ובמחולות. אַ ל ע אידישע פרויען, עד סוף כל הדורות, גייען נאָך מרים׳ען און זאָגען: אָשירה לה׳ כי גאה גאה, סוס ורוכבו רמה בים. געטליכ־קייט און הייליגקייט איז גאה גאה, הויך וואָס העכער קען נישט זיין. און זאַכען וואָס זענען פאַרקערט פון הייליגקייט, סוס ורוכבו, איז רמה בים, נישט סתם נידעריג, נאָר ר מ ה בים, גאָר שטאַרק אַ וואַרף אין ים, נידעריג וואָס נידעריגער קען נישט זיין.

די גזירה פון כל הבן הילוד היאורה תשליכוהו איז פאַראַן, אין איר סימבאָלישען זין און אינהאַלט, אין יעדען דור און אין יעדער מדינה. אויך אין אונזער דור און אין אונזער מדינה. ווערט געבוירען אַ אידיש קינד וואַרפט מען עס אַריין פון קינדוויז אָן אין שטראָם פון דרויסענדיגען לעבען און מען לאָזט עס שווימען — צו ביזנעס, צו „סאַקסעס״, צו פרנסה — לויט די פאָדערונגען פון דער בעל־הבתישקייט פונ׳ם לאַנד (ווייסען מיר דאָך, אַז די גאַנצע שפייז און פרנסה פון מצרים איז געווען אָפּהענגיג פונ׳ם יאור, פונ׳ם טייך נילוס), עס זאָל זיך טונקען און זיין דערטרונקען אין טייך; עס זאָל שווימען צו „תכלית״ וואָס איז אָפּט דער היפוך פון אמת׳ן תכלית היהדות.

אַ וואָס וועט זיין מיט תורה און מצוות? איז דערויף פאַראַן אַ „סאַנדעי סקול״. סאַנדעי זענען די ביזנעס און בענק געשלאָסען, איז איב־דערפרי ווען די עלטערן ווילען שלאָפען ביז 12 אַזייגער, אַרט זיי נישט, אַז דאָס קינד וועט זיין אין „סאַנדעי סקול״ און לערנען דאָרט, און ניט נאָר זינגען און טאַנצען, נאָר אפילו עטוואָס „היברו״ און „בייבעל״, אַבי זיי, די עלטערן, זאָלען קענען רואיג שלאָפען, און טאַקע גאָר טיף פאַרזינקען אין שלאָף ברוחניות.

דערנאָך וועט מען האָדעווען דאָס קינד מיט טעלעוויזשאָן, מואווי און בעיסבאָל — און מיט דעם טייך נילוס, וואָס, לויט זייער מיינונג, גיט ער פרנסה.

אָנשטאָט דעם וואָס מען דאַרף דאָס קינד, באַלד פון קינדוויז אָן, פאַר־בינדען מיט׳ן אויבערשטען, וואָס ער שפייזט די גאַנצע וועלט בטוב, בחן, בחסד וברחמים, וואָס נאָר דאָס איז דער איינציגער וועג פון אידען צו פרנסה; ווארים אויב אפילו ביי גויים איז זייער פרנסה אָפּהענגיג פון נילוס־געזעצען, איז אָבער ביי אידען אַנדערש, ביי אידען שטייט חיים כולכם היום, מאן דיהיב חיי יהיב מזוני; — איז אָנשטאָט דעם, נעמט מען די קינדער און מען וואַרפט זיי אַריין אין טייך, אין שטראָם וואָס רייסט זיי אָפּ ניט נאָר פונ׳ם רוחניות׳דיגען לעבען, נאָר אויך פון לעבען אין איינפאַכען זין. ווארים, ווי

געזאָגט, איז דער איינציגער וועג פון אידען זיך צו פאַרבינדען מיט'ן רבונו של עולם.

און אַזוי ווי אין גלות מצרים וואָס איז געווען פאַר מתן תורה, זענען די אַלע פריערדיגע גזירות נישט געקומען צו דער גזירה פון כל הבן הילוד היאורה תשליכוהו, אַזוי אויך אין דעם איצטיגען גלות, קומען נישט די אַלע גזירות וואָס דער יצר הרע מאַכט אויף דערוואַקסענע מענשען, צו דער גזירה וואָס דער יצר הרע מאַכט אויף קליינע קינדער.

אָבער מען דאַרף נישט נתפעל ווערען פון פרעה'ן, און נישט פון דער שכנ'טע פון „נעקסט דאָר". וואָס זי טענה'ט: ווי אַזוי בעמסטו אַ קינד און שיקסט עס אין אַ ישיבה, וואו מען לערנט אַ תורה וואָס איז אַלט טויזענטער יאָרען, אַ תורה וואָס איז געגעבען געוואָרען אין אַ מדבר, און אין אַ צייט וואָס עס איז נישט געווען קיין ראַדיאָ, קיין טעלעפאָן און אפילו נישט קיין פעיפער אינדערפרי צו מודה אני ?...

נאָך מער, אַמאָל טוט זיך פרעה אָן אין אַ לבוש פון „קדושה" און טענה'ט: אַזוי ווי דו ווילסט, אַז דיין קינד זאָל געבען אויף צדקה בכלל און אויף ישיבות בפרט, דאַרפסטו דאָך זען, אַז ער זאָל זיין אַ גביר, איז וואַרף דאָס קינד אַריין אין שטראָם פון פרנסה, מאַך עס אַזוי „ווי אַלע".

דאַרף מען וויסען, אַז די גזירה קומט פון דעם זעלבען פרעה, נאָר ער טוט זיך אָן אַ זיידענע זשיפּיצע און זאָגט, אַז ער האָט אַ גרויסע ישיבה און ער דאַרף געלט פאַר איר, דערפאַר זאָל מען אַריינגעבען די קינדער אין פּאַבליק סקול און סאַנדעי סקול, כדי זיי זאָלען קענען בויען אַ ישיבה פאַר — מלאָכים...

ווייסענדיג דאָס, איז די אידישע פרוי, נישט נאָר וואָס זי ווערט נישט נתפעל פון פרעה'ס הבה־נתחכמה־ און פּן־ירבה־עצות (אין השי"ת זאָגט דאָן — כן ירבה), און נישט פון דער שכנ'טע'ס עצות, נאָר פאַרקערט, זי איז משפיע אויף דער שכנ'טע, אַז אויך זי זאָל ראַטעווען איר קינד פון פרעה'ן, פונ'ם שטראָם פון יאור, און נישט זוכען „תכליתים" צו פינף יאָר, צו זיבען יאָר...

איז אַזוי ווי אין די צייטען פון משה'ן און מרים'ען, איז ווען מען איז אויסגעלייזט געוואָרען פון פרעה'ן, איז די שמחה פון די פרויען געווען גרעסער פון דער שמחה פון די מענער — וואָרים, ווי געזאָגט, האָבען די מוטערס מער איבערגעלעבט די גזירה פון כל הבן הילוד, ווי די פאָטערס —

אַזוי איז עס אויך איצטער. סיי די גזירה, סיי די שמחה פון פון פטור ווערען פון איר, איז ביי די פרויען גרעסער איידער ביי די מענער.

ווארים דער מאַן געפינט זיך ס׳רוב טאָג אויסער דעם הויז. און אפילו דעמאָלט ווען ער איז יאָ אינדערהיים גיט ער זיך אויך נישט אָפּ אַזוי פיל מיט דער דערציאונג פון די קינדער ווי די פרוי.

די אידישע פרוי, ז י האָלט מלחמה מיט פרעה׳ן, ווי פאַרשטעלט ער זאָל נאָר נישט זיין, און מיט וואָסער פאָרם „גוטע פריינטשאַפט״ ער זאָל נישט קומען צו איר. ז י שטייט אין דער ערשטער פּאָזיציע פונ׳ם חינוך־פראָנט פאַר אידישקייט.

די אידישע פרוי פירט די מלחמה, און איז מנצח, אַז אידישקייט איז גאה גאה, און דאָס פאַרקערטע איז רמה בים.

איז דעריבער גרויס א י ר נצחון, דער נצחון פון דער אידישער פרוי אין חינוך־קאַמף, און גרויס איז איר שמחה, אַזוי אַז א י ר שמחה איז בתופים ובמחולות, ווי מרים ביי דער מלחמה מיט פרעה׳ן. דעריבער זאָגט מען די הפטורה אין פרשת בשלח שירת דבורה.

גערענקען איז אַ יסוד פון יהדות

(פון א רעדע פון הגאון ר׳ יוסף דוב סאָלאָווייטשיק, שליט״א)

גערענקען איז אַ יסוד פון יהדות. מיר זענען געבאָטען ווידער און ווידער אַמאָל נישט צו פאַרגעסען געשעענישען און דערפאַרונגען פון אוניווערסאַלער אָדער נאַציאָנאַלער באַדייטונג. שבת, למשל, איז אַ ז כ ר למעשה בראשית. אין די עשרת הדברות ווערט אָנגעזאָגט: ז כ ו ר את יום השבת... כי ששת ימים עשה ה׳ את השמים ואת הארץ... ג ע ד ע נ ק דעם שבת־טאָג... ווייל אין זעקס טעג האָט ג־ט באַשאַפען דעם הימעל און די ערד...״ (יתרו, כ׳, ח׳־י״א). אויך פיל אַנדערע מצוות זענען אַ ז כ ר ליציאת מצרים.

גערענקען איז נים בלויז אַ געבאָט. דאָס איז אויך אַ ט אַ ל אַ נ ט. דאָס איז אַ גרויסער כשרון, מיט וועלכען ג־ט האָט באַשאָנקען דעם מענשען און פעלקער. טייל מענשען און טייל פעלקער אַנטוויקלען און היטען דעם זכרון. זיי פאַרוואַנדלען אים אין אַ געדאַנקענגאַנג. אין אַ לעבענסוועג. אַנדערע פאַרנאַכלעסיגען אים. דאָס זענען שכחה־פעלקער, אָדער שכחה־מענשען. פאַרגעסענדיג זייערע דערפאַרונגען און פאַסירונגען, פאַרגעסען זיי ז י ך.

דאָס אידישע פאָלק איז אַ פאָלק פון גערענקען. אַ עם ה ז כ ר ו ן.

דער איד איז געבענטשט מיט דעם גרויסן טאַלענט. דער איד באַהערשט די קונסט פון באַטראַכטן צוריק. ער איז געבענטשט מיט דער מידה פון צוריקבליקן.

דאָס איז די מידה פון הקדוש ברוך הוא, וואָס אַ איד איז געבאָטען זיך צו לערנען, כדי צו טאָן, לויט דעם געבאָט: הדבק במדותיו. ווען השי״ת האָט פאַרענדיגט דעם וועלט־באַשאַף האָט ער, כביכול, געוואָרפען אַ בליק אויף צוריק, אויף דער אָפּגעטוענער אַרבעט: וירא אלוקים אשר עשה... „און געזען האָט ג־ט וואָס ער האָט געטאָן...״ לערנען מיר אין בראשית (א׳ ל״א).

געדענקען אין די ראַמען פון אונזער היסטאָרישער דער־פאַרונג מיינט לויט יהדות: ווידער־איבערלעבען. אַזאַ געדענקען שטעלט מיט זיך פאַר נישט קיין פּאַסיווע אָנזאַמלונג פון ווייטע דעראינערונ־גען, נישט קיין מאַגאַזין פון אַרכיוואַלע מאַטעריאַלען, אָדער פון פאַרביי־געלאָפענע איינדרוקען אין לעבען. ניין, דער אידישער זכרון איז אַן אַלץ־ארומ־נעמענדיגער און לעבעדיגער באַוואוסטזיין, וועלכער פאַראייניגט אונזער איצ־טיגע עקזיסטענץ אין אָרט און צייט מיט דער עקזיסטענץ, וועלכער איז אויסער די ראַמען פון אונזער געגענווערטיגען באַגרייפען.

ווייל געדענקען מיינט פאַר אַ אידען קאָנפראָנטאַציע מיט עפּעס וואָס איז געווען, און וואָס טאַקי דורך דער דאָזיגער אידישער קאָנפראָנטאַציע, איז ווידער דאָ מיט אונז, אין אונז אַלס ווירקענדיגע ווירקליכקייט.

מסורה (טראַדיציע) איז אַ פונדאַמענט פון יהדות — און וואָס איז טראַדיציע אויב נישט זכרון? אויב נישט המשך פון צייט אין רציפות פון מערערע דימענסיעס?

טראַדיציע איז נישט בלויז אַ גע׳ירש׳ענטער מעכאַנישער לעבענס־שטייגער. זי איז דאָס באַוואוסטזיין פון איינגעוואָרצעלטקייט אין די וויזיעס און פליכטען פון אַ מיסטעריעזער פאַרגאַנגענהייט פאַרבונדען מיט דערהויבע־נער דערוואַרטונג פון צוגעזאָגטער צוקונפט, אין וועלכער די דאָזיגע וויזיעס און פאַרפליכטונגען וועלען פאַרווירקליכט ווערען.

די פאַרביי־פליסענדיגע געגענוואַרט, דער מיקראָ־צייט מאָמענט (די קלענסטע צייט־איינהייט), וועלכע פאַרשווינדט נאָך איידער איר פילט אים, איז פאַר דעם איד דער קשר צווישען וויזיע און ווירקליכקייט, צווישען פאַר־פליכטונג און אויספירונג, צווישען ראשית־אוראַנהויב און אחרית הימים.

צייט־אָפּלויף האָט נישט פאַרטונקעלט די קלאָרקייט פון אונזער היס־טאָרישען באַוואוסטזיין. מיר זענען נישט פאַרפרעמדט געוואָרען פון געשעע־

נישען, וועלכע האָבען אויסגעפאַרעמט אונזער כאַראַקטער און אונזער שיקזאַל, און מיר זענען נישט דערוויטערט געוואָרען פון די היסטאָרישע פערזענליכ־קייטען, וועלכע האָבען געשפּילט אַ ראָלע אין די דאָזיגע געשעענישען. „אין יעדען דור דאַרף אַ מענש זיך זען גלייך ווי ער וואָלט אַרויסגעגאַנגען פון מצרים ?״, בכל דור ודור חייב אדם לראות את עצמו כאלו הוא יצא ממצרים, זאָגען מיר אין דער הגדה של פסח.

די געשטאַלטען פון תנ״ך און תלמוד דערשיינען פאַר אונז נישט אַלס ווייטע, נישט־רעאַלע בילדער פון אַ פאַרשווינדענער פאַרגאַנגענהייט, אומ־פאַרשטענדליכע און אומבאַגרייפבאַרע. ניין, זיי זענען פאַר אונז רעאַלע מענשען, מענשליכע מענשען, וועלכע גייען איבער די גרעניצען פון גראַמאַטי־קאַלישער צייטען־איינטיילונג אין פאַרגאַנגענהייט, געגענוואַרט און צוקונפט, און זענען אַ טייל פון אונזער וועלט, זענען היינטיג, דאָאיג, רעאַל און היימיש.

אברהם אונזער פאָטער, אברהם אבינו, משה אונזער רבי, משה רבנו, רבי עקיבא, רש״י, דער רמב״ם און זייערסגלייכען, זענען פאַר אונז ממשות׳־דיגע פערזאָנען, וואָס לעבען און ווירקען צווישען אונז, אין אונזער סביבה. וואָס ז ע נ ע ן אונזער סביבה. זיי רעדען צו אונז אין היינטיגע קאַטעגאָריעס, זיי זענען מיט אונז אין אונזערע זאָרגען און צרות, אין אונזערע ימים־טובים און שמחות; זיי זענען מיט אונז אין אונזער לייד און פרייד, אין אונזער שמאַכט און פראַכט.

דוד המלך איז נענטער צום אידען וואָס זאָגט אַ קאַפּיטעל תהלים און וואָס רופט אויס ביי קידוש הלבנה „דוד מלך ישראל חי וקים!״ איידער, למשל, ס׳איז פאַר אַ נישט־איד זיין נאַציאָנאַלער העלד פון דער פיל נאָנטערער פאַרגאַנגענהייט.

די מסורה־געמיינשאַפט נעמט אַרום טויזענטער יאָרען און אומצעליגע דורות, פאַרגאַנגענע און קומענדע. אַלע, די אוראַלטע ווי די נאָך־נישט־געבוי־רענע, די נאָך אומבאַקאַנטע העלדען פון דער צוקונפט ווי די שוין באַזינגענע פיגורען פון דער פאַרגאַנגענהייט, בילדען איין אידיש פאָלק, וואָס ג־ט האָט עס געבענטשט מיט דער ברכה און כשרון און מדה פון זכרון: מיט פעלזענ־פעסטען ווילען און טיפען התלהבות פון — ג ע ד ע נ ק ע ן .

# יִתְרוֹ

ניטאָ קיין קבלת התורה אָן חינוך

מערקווירדיג, די סדרה פון רייד הייבט זיך אָן גאָר מיט הערען, די סדרה פון די עשרת הדברות הייבט זיך אָן מיט וישמע יתרו.

לאָמיר עפּעס לערנען דערפון. אונזער צייט איז אַ צייט פון רעדען און נישט פון הערען. מען קומט אויף אַסיפות — צו רעדען. מען פאָרט אויף קאָנגרעסען — צו רעדען. די אַלע מאָדערנע קאָמוניקאַציע־מיטלען זענען פול מיט וואונדערליכע דערפינדונגען צו רעדען, צו טומלען. עס איז אָבער נאָך ניט דערפינדען געוואָרען אַ דערפינדונג צו באַוועגען צו הערען. וואָס מער מען רעדט, אַלץ ווייניגער הערט מען, און נאָך ווייניגער דערהערט מען.

פאַרוואָס איז עס אַזוי?

ווייל הערען איז אַ חכמה. הערען איז אַ טייל פון אינערליכען וועזען, אַ נשמה׳דיגער ענין. עס שטייט: שמעו ותחי נפשכם — „הערט און אויפגעלעבט וועט ווערען אייער נפש״. הערן איז נפש.

פיל מענשען, וואָס עסק׳ענען זיך, פּראָפעסיאָנעלע עסקנים, לעבען־אויף ערשט ווען זיי — רעדען. זיי לעבען מיט׳ן אייגענעם טומעל.

אַנדערע, ווידער, הערן יאָ, און חזר׳ן אַפילו איבער, אָבער ציען נישט קיין אויספיר פון דעם הערן. ווי, למשל, דאָס מאָדערנע גערעדעריי לעצטענס אויף פאַרשידענע צוזאַמענפליעכצען וועגען „חינוך״. דאָס איז נישט קיין רייד, נאָר אויסריידן. אַ תירוץ פאַר קענען רופען „חינוך־קאָנגרעסען״.

די מחלה פונ׳ם היגען עפענטליכען לעבען איז „פאַרשונג״. מען האַלט אין איין מאַכען „ריסוירטש״ וועגען אידישער „עדיוקעישאָן״. מען הערט

נישט אויף צו שאַפן „סטאַטיסטיק", „רעפּאָרטען", „איבערזיכטען" — און דאָס קאָסט אַפּ מיליאָנען. האָבן דאָך אַזש זעכציג געלערנטע, פּראָפעסאָרען, פאָרשער, עקספּערטען, מיט איינעם דר. יהודה שפּירא בראָש, זיך געמיט און געמאַטערט עטליכע יאָר אויף דער טעמע „אידישע קולטורעלע נויטען אין אַמעריקע". און צום סוף האָבן די בטלניש-משכילישע „חכמי לעזשאַנקע" פּראָדוצירט אַ בראַשור, אין וועלכער זיי זענען צוגעקומען צו דער מסקנה, אַז וואָס עס פעלט אידען אין אַמעריקע איז — אַרכיוון...

אין דעם כלומר'שט וויסענשאַפטליכען איבערבליק פון די „עקס־פּערטען" האָבן זיי ניט געזען קיין ישיבות אין אַמעריקע, נאָר בלויז עפּעס טויטע „אינסטיטוציעס", „אינטעלעקטועלע" מושבי־זקנים פאַר פּראָפעסיאָ־נעלע און טיטולירטע נודניקעס. אָט ד אָ ס איז, לויט זיי, די „אידישע קולטור" אין אַמעריקע. און דאָס זענען די באַדאַרפען, וואָס זיי האָבן רע־קאָמענדירט צו אידישע נדבנים מיט גוטען ווילען און ווייניג וויסען, וועלכע ווערען מיסברויכט און פאַרפירט דורך זייערע הויף-עקספּערטען...

די זעלבע אידענעס, וואָס פאָרען קיין ישראל אַלאַרמירען וועגען „חינוך" אין אַמעריקע, זענען פאַר'עקשנ'ט געגען יעדער שטיצע פאַר ישיבות פון די „פעדעריישאַנס" דאָ. די מאָדערנע „חינוך־טומלער" זענען „דערציער" צו עם־הארצות. אין זין פון דער לאָזונג „וואָס מיר קענען נישט, וועלען מיר לערנען אַנדערע".

מען וועט באַשטימען טויזענטער דאָלאַר פאַר אַ טעזיס וועגען דעם „פאַרשווינדענדיגען אידען" („דהי ווענישינג דזשו"), אָבער נישט, כדי דער איד זאָל נישט פאַרשווינדען — א י ן דעם איד...

דאָס געשעט אין אַ ציט, ווען מען איז שוין יאָ מודה אין דער לעבענס־נויטיגקייט פון אידישען חינוך. ווען אַלע נעמען זיך דערצו — „טעאָרעטיש"...

לערנען מיר דאָ, אַז ניט הערען און רעדען איז וויכטיג, נאָר דאָס ציען פּראַקטישע קאָנסעקווענצען. אויף „וישמע יתרו" פרעגט רש"י: מה שמועה שמע ו ב א — וואָס האָט ער געהערט און ער איז געקומען?" פאַר־וואָס גיט רש"י צו דאָס וואָרט „ובא"? פאַרוואָס זאָגט ניט רש"י סתם: „מה שמועה שמע"?

נאָר רש"י וויל דאָ לערנען אָט וואָס: איז דען יתרו געווען דער איינ־ציגער, וואָס האָט געהערט? האָבן מיר ערשט געלערנט אין דער סדרה בשלח: שמעו עמים ירגזון — „די פעלקער האָבן געהערט און זענען אויפ־געציטערט געוואָרען" (שמות ט"ו, י"ד). נאָר יתרו איז געווען דער איינציגער,

וואס הערענדיג, האט ער געצויגען פראקטישע קאנסעקווענצען פון דעם גע־הערטען. שמע ו ב א, ער האט געהערט און געקומען.

נישט אליין איז געקומען יתרו.. ויקח יתרו... את צפורה אשת משה... ואת שני בניה... יתרו האט צוזאמענגעבראכט משה'ן מיט ווייב און קינדער. משפחה־פאראייניגונג. און ד א ס, און ניט עפעס א הקדמה מיט געהויבענע אידייען, איז דער אריינפיר צו קבלת התורה. א ווייב, א קינד...

לערנען מיר דא דריי לימודים.

ערשטענס, אז דער אידישער מענש אין תורה איז א מ ש פ ח ה־מענש. ער איז מקבל די תורה און איז זי מקיים, אין די ראמען פון כלל ישראל (ווי דער רמב"ם זאגט אויף דעם, וואס היט־אפ די תורה נישט אין ציבור: הפורש מדרכי ציבור...) און אין משפחה.

צווייטענס, תורה מקבל זיין קען מען בלויז ווען מען לערנט תורה מיט קינדער. חינוך איז א טייל, און א תנאי, פון קבלת התורה. ווי די חז"ל זאגען, אז חינוך פון קינדער איז שוין דעמאלט, ביי מעמד הר סיני, געווען א תנאי, און א גאראנטיע, פאר מתן תורה (בנינו ערבים). האט מען פאר קבלת התורה געבראכט משה'ן זיינע צוויי זין.

דריטענס, און דא ווילען מיר ברענגען א ווארט פונ'ם בעלזער רבי'ן, האדמו"ר ר' אהרן רוקח זצ"ל:

קריעת ים סוף האבען געזען אלע אידען, אלע אן אויסנאם, ווי די חז"ל זאגען: אפילו תינוק במעי אמו, אפילו קינדער אין דער מאמע'ס בויך. ראתה שפחה על הים... א. אז. וו. נאר ווער האט נ י ש ט געזען קריעת ים סוף? משה רבינו'ס קינדער!

מיר האבען דאך ערשט געלערנט ווי יתרו האט געבראכט צו משה'ן זיינע קינדער ערשט נ א ך קריעת ים־סוף, ויקח יתרו... ואת שני בניה... זענען דאך משה'ס קינדער געווען אין מדין בעת קריעת ים־סוף, און האבען ניט בייגעוואוינט דעם נס פון שפאלטען דעם ים.

פארוואס?

ווייל משה'ן איז אנגעזאגט געווארען שוין ביים אנהויב, ביי בא אל פרעה: ולמען תספר באזני בנך — „און כדי דו זאלסט דערציילען אין די אויערן פון דיין זון"... (שמות י', ב'). וואס מיינט „תספר"? לערנען תורה מיט די קינדער.

איז אזוי ווי משה איז דאך געווען משה ר ב נ ו, דער רבי פון כלל ישראל, און דער שליח צו קבלת התורה, האבען זיינע קינדער — די איינציגע צווישען אלע אידען — נישט בייגעוואוינט קריעת ים־סוף, כדי משה זאל זיין

דער, וואָס זאָל אָ נ ה י י ב ע ן דאָס „דערציילען״ די קינדער (ולמען תספר!). דאָס הייסט, וואָס זאָל אָנהייבען לערנען תורה מיט זיינע קינדער, וואָס דאָס איז דער תוך און תנאי פון קבלת התורה.

ווי ווייט דער דאָזיגער טיפער לימוד איז חל אויף די גאַנץ „פּראָזאַ־אישע״ טועכצען אין אונזער וועלטעל, קען מען זען דערפון, וואָס די אַלע מאָדערנע טומלער וועגען חינוך — און עס איז געוואָרען זייער מאָדערן צו טומלען וועגען חינוך — זאָרגען בלויז וועגען י ע נ ע מ ס קינדער, פּונקט ווי עליה איז פאַר אַנדערע אידען... (אין אַ „מאָדערנעם״ סידור ווערט „ותוליכנו קוממיות לארצנו״ איבערגעזעצט אויף ענגליש: „פיר אונזערע ה י י מ ־ ל אַ נ ע אין אונזער לאַנד״, „קוממיות״ ווערט דאָרט איבערזעצט: „דהי האָומלעס״...)

אידען, וואָס אַ פּסוק חומש מיט רש״י איז איבער זייערע כוחות, קאָנגרעסעווען פאַר אידישען חינוך — פאַר יענעמס קינדער...

אַ פּרוי פון „אַלטען אַמעריקאַנער דור״ פלעגט פרייטאָג פאַר ליכט־צינדען אַריינוואַרפען אין דער בית יתומים־פּושקע, האָט זי מתפלל געווען: רבונו של עולם, היט אָפּ מיינע קינדער פון יתומים׳שאַפט... ביי דער שפּיטאָל־פּושקע: היט־אָפּ מיינע קינדער פון קראַנקהייט... ווען זי האָט אַריינגעוואָרפען אין דער ישיבה־פּושקע, האָט זי געגעבען אַ קרעכץ: רבונו של עולם, היט אָפּ מיינע קינדער דערפון אויך...

נאָר די היינטיגע דעה־זאָגערס איבער די קהל׳שע פּושקעס זענען מקיים בײדע: אי זיי היטען־אָפּ ז י י ע ר ע קינדער „דערפון״, אי זיי וואַרפען נ י ש ט אַריין אין דער ישיבה־פּושקע...

משה רבנו׳ס איינזאַמקייט צווישען המון

**יתרו** האָט נישט נאָר געהערט, ער האָט אויך געזען, וואָס אַנדערע האָבען נישט געזען. נעמליך: וירא חותן משה... אתה יושב לבדך וכל העם נצב עליך — „און געזען האָט משה׳ס שווער... דו זיצסט אַליין און דאָס גאַנצע פאָלק שטייט אַרום דיר״ (שמות י״ח, י״ל).

די תורה דערציילט אונז שפּעטער וועגען משה׳ס אַ ל י י ן ־ ז י י ן, וועגען זיין אַליין־אַרויפגיין אויפ׳ן באַרג סיני ביי די צווייטע לוחות. ועלית בבוקר אל הר סיני... ואיש לא יעלה עמך — „און גיי אַרויף איינדערפרי אויפ׳ן באַרג סיני... און קיין מענש זאָל ניט אַרויפגיין מיט דיר״ (שמות ל״ד, ב׳־ג׳). משה שפּאַנט איינער אַליין אויפ׳ן באַרג, ניטאָ מער די ששים רבוא

אידען פון פריער צופוסענס אַרום דעם באַרג. ניטאָ מער די קולות וברקים פון די ערשטע לוחות. משה איז אַליין.

אָבער דאָ איז דאָך משה אַרומגערינגעלט „פון דעם גאַנצען פאָלק”. וכל העם נצב עליך. אַלע קומען צו אים. אַלע פרעגען אים. און דווקא צווישען אַזוי פיל מענשען דערזעט יתרו מיט זיין שאַרפען בליק משה׳ס אַליין־זיין, משה׳ס א י י נ ז א מ ק י י ט צווישען גרויסען המון. מדוע אתה יושב לבדך — פאַרוואָס ביזטו איינזאַם, טראַץ דעם, וואָס וכל העם נצב עליך? פרעגט יתרו.

דאָס איז דער גורל פון גרויסע מנהיגים. זיי זענען איינזאַם — צווישען גרויסע מאַסען. זיי זענען עלענד צווישען המון.

יתרו ראָט דעריבער משה׳ן אויסצוקלייבען מענשען מיטצוטראָגען די לאַסט. אין היינטיגע אַדמיניסטראַטיווע באַגריפען הייסט עס: „דעלעגירען אויטאָריטעט”: ואתה תחזה מכל העם אנשי חיל יראי ה׳... (שמות י״ח, כ״א). יעדעס וואָרט אַנטהאַלט אַ באַזונדערן לימוד. ואתה תחזה, „און דו זאָלסט זען”. פאַרוואָס שטייט נישט „ואתה תבחר”, און דו זאָלסט אויסקלויבען? וועגען דעם גייט דאָך דאָ. אָדער אויב יתרו האָט געוואָלט זאָגען „זאָלסט זען” פאַר־וואָס שטייט נישט ואתה „תראה”, נאָר ואתה „תחזה”? תחזה איז מער ווי זען. דאָס וואָרט אַנטהאַלט אין זיך „חזון”, וויזיע, נביא׳יש פ אָ ר א ו י ס־זען, ווי רש״י זאָגט: ברוח הקודש.

וואָס מיינט דאָ „פאַראויסזען”, אויף דער צוקונפט? ער דאַרף דאָך אויסוויילען א י צ ט?

איז דער ענטפער: ער דאַרף וויילען מיט וויזיע. ער דאַרף זען פאַר־אויס אין דער ווייטער צוקונפט, וואָס עס וועט ו ו ע ר ע ן פון די מענשען, ווען זיי וועלען דערהויבען ווערען צו הויכע אַמטען. ווי אַזוי וועט אויף זיי ווירקען כבוד, ווי אַזוי וועלען זיי ווערען ווען זיי וועלען באַזיצען מאַכט און איינפלוס? וועט דאָס זיי נישט אַמאָל „אַריין אין קאָפּ אַריין”?

וויפיל מאָל זעען מיר ווי אָנשטענדיגע מענשען, וואוילע אידען, ווען זיי ווערען דערהויבען צו אַן אַמט, ווערען זיי קאַליע. און ווען די געוואונען אַ הויכען אַמט, און האַלטען עס אַן יאָרען, ווערען זיי דעגענערירט. זייער כאַראַקטער ליידט אַ י ר י ד ה מיט זייער ע ל י ה. ווי האָט איינער אַמאָל געזאָגט: מאַכט קאָרומפּירט — אַבסאָלוטע מאַכט קאָרומפּירט אַבסאָלוט... מיר זעען מענשען זיצען לאַנגע יאָרען אויף אַמטען, בפרט אומנויטיגע — סיידען פאַר זיי אַליין, — זענען גורם פוסטען טומעל און אָפט קאָרופּציע.

דעריבער האָט יתרו דאָ געראָטען משה׳ן, ער זאָל קוקען אין דער

צ ו ק ו נ פ ט ביים אויסקלייבען די באַאַמטע. אמת. טאַקע אַנשי חיל, יראי אלוקים, טאַקע אנשי אמת, שונאי בצע — אָבער וואָס וועט פון זיי ו ו ע ר ע ן ווען „ושמת", ווען וועסט זיי באַשטימען אויף הויכע אַמטען? דערויף דאַרף מען וויזיע, חזון, ואתה תחזה.

דאַן „מכל העם", זאָלסט אויסקלויבען באַאַמטע נישט פון איין שיכטע אָדער קליקע, נישט פון דעם הערשענדיגען קלאַס אָדער פאַרטיי, נאָר פון ג אַ נ צ ע ן פאָלק. זאָלסט ניט פסל'ען לכתחילה קיין שום גרופּע און זאָלסט ניט צולאָזען קיין מאָנאָפּאָל פון איין גרופּע אויף אַמטען און שררות.

ווייטער, „אנשי חיל, יראי אלוקים". די אנשי חיל, די טויגליכע, אַמ־ביציעזע, טעטיגע, זאָלען אויך האָבען ג־ט אין האַרצען, אַנישט קען די טויג־ליכקייט און געניטקייט באַנוצט ווערען צו שעדליכע טאַטען.

און פאַרקערט אויך. די יראי אלוקים דאַרפען זיין אנשי חיל. נישט בלויז זיין אָפּגעהיטען פון טאָן שלעכטס, נאָר אויך שאַפען, בויען.

צום סוף: אנשי אמת, שונאי בצע — „מענשען פון אמת, און די וואָס האָבען פיינט געלט־רייסעריי". דאָס גייט געפּאָרט. ווי מיר זעען אָפּט אין אונזער ציבור־לעבען ווי מען שאַפט פאַלשע אַמטען, כמו־טעטיגקייטען, פסעוו־דאָ־אַקטיוויטעטען, ערזאַץ־פאַרענישען, פוסטע פּובליסיטי, הוילן איסתרא־בלגינא־טומעל, כדי צו באַרעכטיגען בודזשעטען, כדי צו באַגרינדען אומזי־ניגע און אומנויטיגע הוצאות, פאַרשווענדען קהל'שע געלטער... (ביישפּילען קען זיך יעדער אויסקלייבען...). אָבער מענשען פון אמת זענען שונאי בצע. און פאַרקערט אויך: שונאי בצע גייט געפּאָרט מיט אנשי אמת.

ווייל נישט־יאָגענדיג זיך נאָך געלט, דאַרפען זיי נישט אָנקומען צו יענעם, זענען זיי אומאָפּהענגיג, זענען זיי דעריבער מענשען פון אמת.

די ברכה און די מידה פון דערהערן

דאס הערען איז אַזוי וויכטיג, אַז די גאַנצע סדרה, די גרויסע עשרת הדברות סדרה, ווערט אָנגערופען אויפ'ן נאָמען פון דעם ה ע ר ע ר, מעג עס זיין אַ נישט־איד, יתרו. אַזוי גרויס איז דער שכר פון הערען!

(נאָך אַ סדרה, וואו משה רבנו ברענגט די געטליכע ווערטער צו אידען, ביים סוף פון זיין לעבען, און פאַר'ן סיום פון דער תורה — הייסט ה א ז י נ ו, „ה ע ר ט!")

דער יסודות'דיגער אַקט איז נעשה ו נ ש מ ע: דאָס הערען ווערט

געשטעלט אין איין ריי מיט טאָן. אייגענטליך, אויב דער צוועק פון לערנען איז ב ל ו י ז לשמור ולעשות, בלויז צו וויסען וואָס צו טאָן, מקיים זיין מצוות ה׳, איז דאָך געגוג נעשה, און נשמע קאָן זיין, אין בעסטען פאַל, נאָר אַ מיטעל צו טאָן.

וויזט אָבער אויס פון דעם, אַז דאָס הערען האָט אַ פונדאַמענטאַלע וויכ־טיגקייט. צו קאָנען הערען, און צו ד ע ר ה ע ר ע ן.

דאָס איז סיי אַ ברכה, סיי אַ כשרון, סיי אַ מידה.

אַ ב ר כ ה — אוודאי איז עס אַ ברכה פון ג־ט ווען אַ מענש איז גע־בענשט מיט אַ שמיעה אויפצונעמען די דערהויבענסטע טענער.

אַ כ ש ר ו ן — מ׳דאַרף באַזיצען פעאיגקייט אויסצובילדען די דאָזיגע ברכה, אויסצושאַרפען דאָס געהער, כדי צו קאָנען דערהערען.

אַ מ י ד ה — נאָר מענשען אויסגעאַרבעטע, אויסגעטוענע פון דברים בטלים, באַפרייטע פון עגאָאיזם; אַזעלכע, וואָס זענען נישט פאַרנומען בלויז מיט זיך, און זייער אויער איז אָנגעשטעלט אויף העכערע השפעות, נאָר אַזעלכע מענשען זענען „מוזיקאַליש״, אַזוי צו זאָגען, אויף די הימלישע טענער פון דער סימפאָניע, וואָס הייסט תורה (ווערט דאָך תורה אָנגערופען שירה, וידבר משה את דברי השירה הזאת...).

ביי אַזעלכע מענשען זענען די פיינסטע סטרונעס פון זייער נשמה אָנ־געשטעלט אויף אָפּצוענטפערן צו דעם קול ה׳ מתהלך בגן, און צו דעם געט־ליכען רוף — אנכי.

אוודאי איז וויכטיג די קונסט פון ריידען, אָבער נאָך וויכטיגער איז די קונסט פון ה ע ר ע ן. אויך הערען איז אַ קונסט, וואָס בלויז ווייניגע פאַר־מאָגען עס.

די גמרא דערציילט, אַז ר׳ אליעזר האָט זיך גערימט, אַז „איך האָב קיינמאָל נישט געזאָגט קיין זאַך, וואָס איך האָב נישט געהערט פון מיין רבי׳ן״ — מעולם לא אמרתי דבר שלא שמעתי מפי רבי (סוכה דף כ״ח). אויף אַן אַנדער אָרט זאָגט די גמרא, אַז רבי אליעזר האָט גע׳דרשנ׳ט זאַכען, וואָס קיין שום מענש האָט קיינמאָל נישט געהערט — דברים שלא שמעה אוזן מעולם. איז עס דאָך אַ סתירה. פון איין זייט זאָגט ער, אַז ער האָט נאָכגעזאָגט בלויז וואָס ער האָט געהערט, און פון דער אַנדערער — זאָגט די גמרא, אַז ער האָט געזאָגט אַזעלכעס, וואָס קיין שום מענש האָט נישט געהערט?

איז דער ענטפער: ר׳ אליעזר האָט געהערט פון זיין רבי׳ן אַזעלכעס, וואָס קיין אַ נ ד ע ר ע ר האָט נישט געהערט. בלויז ער האָט פאַרשטאַנען גענוי וואָס דער רבי האָט געמיינט. דאָס הייסט, ער האָט „דערהערט״ תורה.

וואָס מיינט „דערהערען" תורה?

דאָס מיינט, צוצוקומען צום פ ש ט פון תורה. „פשט" הייסט פ ש י ט ת הבגדים, אויסטאָן פון די באַקליידונגען און באַצירונגען, באַפרייען פון די פאַר־שענערונגען און „טרימינגס", און צוצוקומען צום תמצית, דערגרונטעווען צום ת ו ך, דערגרייכען דעם א מ ת.

פשיטת הלבושים, אָדער שבירת הכלים, אין קבלה'שען לשון, מיינט, באַפרייען דאָס פ נ י מ י ו ת. דאָס הייסט, אויסשיילען די „נקודה הפנימית", אין „שפת־אמת"־שפראַך, פון שאָלעכצען און פאַרפּאַקונגען פון קליפות, פון חיצוניות, פון אַריינ'דרשנ'ען און אַרויס'דרשנ'ען וואָס עס איז אין פנימיות ניטאָ, און קאָן נישט זיין. וידעו כי ערומים הם, זיי זענען צוגעקומען צו ו י ד ע ו, צו דעת, ווען זיי האָבען געזען, אַז זיי זענען ערומים, ערום פון ז י י ע ר דעת.

אמת, פאַראַן אַמאָל ווען בגדים זענען נויטיג, פאַרשטייט זיך. די בגדי כהונה; אַ חסרון, אַ פגם אין די בגדי כהונה איז גורם, אַז די עבודה איז פסול. אויך בגדי מלכות זענען וויכטיג. און מען טאָר אין זיי, און בכלל אין וואָסערע ס'איז בגדים, נישט מזלזל זיין.

דוד המלך, וועלכער האָט יאָ מזלזל געווען אין בגדים, ווי עס שטייט: ויקם דוד ויכרות את כנף המעיל אשר לשאול בלט — „און דוד איז אויפגע־שטאַנען און האָט אָפּגעשניטען דעם ברעג פון שאול'ס מאַנטעל שטילערהייט" (שמואל א' כ"ד, ד'); איז באַשטראָפט געוואָרען דערפאַר, ווי די חז"ל זאָגען אויף דעם פסוק: והמלך דוד זקן בא בימים ויכסוהו בבגדים ולא יחם לו — „און מען האָט אים (דוד'ן) צוגעדעקט מיט קליידער, אָבער עס איז אים נישט וואַרים געוואָרען" (מלכים א' א', א'); אַז ווייל דוד האָט מזלזל געווען אין שאול'ס בגד איז ער דערפאַר באַשטראָפט געוואָרען און בגדים האָבען אים נישט געוואַרימט (און פאַרגעסט נישט, אַז דאָס אָפּשניידען די פּאָלע פון שאול'ס מאַנטעל האָט דאָך אים געראַטעוועט דאָס לעבען!).

אויסערליכע פאָרמען, אָנגענומענע האַלטונג, מענשליכקייט, באַנעמונג, („מענערס" אויף ענגליש) נימוסין אין באַציאונגען מיט מענשען שפּילען אַ גרויסע ראָלע.

אָבער מיט איין תנאי: אַז די באַקליידונג זאָל ניט ווערען קיין עיקר; אַז דער תוך זאָל בלייבען; אַז דאָס פנימיות זאָל נישט פאַרדעקט ווערען דורך די אויסערליכקייט־לבושים, נאָר זאָל זיין דער תכלית.

פאַרשטייט זיך, אַז עס איז געווענדעט ו ו ע ר עס טראָגט די מלבושים. די זעלבע מלבושים עשו'ס, וואָס עס פילט זיך פון זיי מיט בלוט ווען עשו

טראָגט זיי, איז ווען יעקב אבינו טוט זיי אָן שמעקט פון זיי דער ריח פון גן עדן, ווי רש״י זאָגט אויף וירח את ריח בגדיו (בראשית כ״ז, כ״ז): מלמד שנכנס עמו ריח גן עדן.

„בגד״ איז אויך פון לשון „בגידה״, פאַרראַטען. ווייל עס פאַרראַט וואָס עס איז אין מענשען, וואָס טראָגט דעם בגד. דעריבער: מנא מכבדותא.

אָבער ביי אַ נביא איז נישט פאַראַן קיין בגדי תפארת. משה רבנו, אפילו אין די טעג ווען ער האָט געטאָן די עבודה, אין די שבעת ימי המלואים, זאָגט די גמרא, אַז ער איז געווען דעמאָלט אָנגעטאָן אין חלוק לבן, אין אַ ווייס בגד. דער נביא ברענגט ג־ט׳ס וואָרט אָן לבושים, אין פשיטת בגדים, אין ריינעם פ ש ט.

צו דערהערען דעם פשט, דאַרף מען, ווי געזאָגט, האָבען אַ באַזונדער געהער. מען דאַרף אויך האָבען אָן אינערליכע ג ב ו ר ה גובר צו זיין די פאַרלאָקונגען פון שיינע ווערטער, פון געלונגענע דרשות, ווי דער פסוק זאָגט: גבורי כח עושי דברו ל ש מ ו ע בקול דברו — „די שטאַרקע אין כח, וואָס פאָלגען ג־ט׳ס וואָרט צו ה ע ר ע ן אין קול פון ז י י ב ע רייד״. הערען די שטים פון תורה און נישט די אייגענע. דערויף זאָגען די חז״ל: שהקדימו נעשה לנשמע, וואָרים זיי האָבען געזאָגט „מיר וועלען טאָן״ פאַר „מיר וועלען הערען״. דורך טאָן אויסאיידלען דאָס געהער.

כדי אויסצואיידלען די שמיעה צו דערהערען ג־ט׳ס וואָרט, דאַרף מען אויסמיידען צו הערען וואָס איז דער היפוך דערפון, ווי: לשון הרע, באַליי־דיגונגען, באַשמוצונגען, האַס און זלזולים.

יתרו האָט געהערט וואָס ער האָט געהערט, ווייל ער האָט נ י ש ט גע־הערט צו פרעה׳ן. ווי די חז״ל זאָגען: שלושה היו באותה עצה, דריי זענען געווען בעת פרעה האָט געפּלאַנט זיינע פלענער געגען אידען. יתרו שמע וברח. יתרו, ווען ער האָט עס דערהערט, איז ער אַנטלאָפען. איוב האָט געשוויגען, און איז נישט אַנטלאָפען, איז ער נענש געוואָרען. בלעם נהרג בחרב. יתרו איז אַנטלאָפען, האָט ער זוכה געווען צו הערען, וישמע יתרו.

און אַז מען הערט, ו ו ע ר ט מען געהערט. יתרו׳ס ווערטער זענען געהערט געוואָרען: וישמע משה לקול חותנו — „משה האָט זיך צוגעהערט צו זיין שווער״. ווי דער מדרש זאָגט אויף והיה אם שמוע תשמעו: אם אתה שומע, ישמעו לך — „ווען דו וועסט הערען ג־ט׳ס וואָרט, וועט מען זיך צו דיר צוהערען״. ווי ס׳שטייט ביי אַזעלכען: דבריו נשמעין, זיינע רייד ווערען געהערט.

וי נידעריג דער באַרג ווען ס׳שטייט אויף אים משה!

די תורה איז געגעבען געוואָרען אויף אַ באַרג, אויפ׳ן באַרג סיני. בערג האָבען געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין אידישער גייסטיגער געשיכטע. דער הר המוריה, דער הר סיני, דער הר נבו, שפּעטער, אין אליהו הנביא׳ס צייט, דער הר הכרמל, און פיל אַנדערע.

ווען מען שטייגט אַרויף אויף אַ באַרג, שטייגט מען אויף אין דער נ ש מ ה. ווען מען הויבט אויף די אויגען צו אַ באַרג, הויבט מען אויף דאָס ה אַ ר ץ. אל ההרים אשא עיני. ווען מען קוקט פון אַ באַרג אַרום, זעט מען מער, בעסער, פאַרשטייט זיך; מען נעמט אַרום ברייטערע האָריזאָנטען. אָבער מען זעט אויך העכער — אין גייסטיגען זין. בלעם האָט געזען דאָס פאָלק ישראל „פון די שפּיצען פון די פעלזען און פון די הויכען״ — כי מראש צורים אראנו ומגבעות אשורנו, און זעענדיג אידען פון די הויכקייטען, האָט ער געזען די אידען׳ס הויכקייטען.

אויף אַ באַרג איז מען עולה, מען שטייגט אַרויף. מען קאָן נישט שטייגען אויף פלאַכלאַנד. ווען משה רבנו איז אַרויפגעגאַנגען אויפן באַרג סיני, איז עס געווען די עליה צו תורה, וועלכע האָט דערהויבען דאָס גאַנצע פאָלק ישראל.

דער באַרג סיני איז ניט געווען קיין הויכער באַרג. פאַרקערט, ער איז פון די קלענערע בערג. און ווי קליין איז דער באַרג ווען אויף אים שטייט משה רבנו!

די חז״ל האָבען געלערנט פון דעם פאַקט, וואָס דער הר סיני איז געווען אַ נידעריגער באַרג. זיי האָבען געלערנט דערפון די מידה פון עניוות. נישט אויף אַ הויכען באַרג איז געגעבען געוואָרען די תורה, נאָר אויף אַ נידעריגען.

פרעגט זיך, אויב אַזוי, פאַרוואָס האָט ג־ט נישט געגעבען די תורה אין אַ טאָל, וואָס איז דאָך נאָך נידעריגער?

איז דער ענטפער: בלויז אַ באַרג קאָן זיין נידעריג, בלויז ווען מען איז ד ע ר ה ו י ב ע ן קאָן מען זיך האַלטען נידעריג. אויב מען איז באמת נידעריג, האַלט מען זיך גרויס.

צווייטענס, י ע ד ע ר באַרג מוז זיין נידעריג ווען אויף אים אַנט־פּלעקט זיך ג־ט.

קבלת התורה איז אַ פּערמאַנענטער אַקט

**מערקווירדיג**, די דאָזיגע יסודות'דיגע פּאַסירונג פון מעמד הר סיני ווערט דערמאָנט זייער זעלטען אין חומש, און אין תנ"ך בכלל, בעת יציאת מצרים ווערט דערמאָנט, לויט אַן אויסרעכענונג, נישט ווייניגער ווי 18 מאָל. פאַרוואָס?

פאַרשידענע מפרשים, קלאַסישע און נייע, שטעלען זיך אָפּ אויפ'ן ענין מעמד הר סיני און גיבען אויפקלערונגען וועגן דעם. פון טייל פון זיי שיילט זיך אַרויס אָט דער געדאַנק:

מען האָט נישט צופיל דערמאָנט דעם מעמד הר סיני צוליב צוויי טעמים. ערשטענס, ווייל מען האָט נישט געוואָלט די דאָזיגע געטליכע אַנט־פּלעקונג מאַטעריאַליזירען, באַקליידען אין רעאַלע דערשיינונגען, אין מאַטער־יאַליסטישע באַגריפען.

צווייטענס, מען האָט נישט געוואָלט, אַז מתן תורה זאָל באַנומען ווערען אַלס איינמאָליגע מאָנומענטאַלע דערשיינונג, וואָס מען דאַרף רימען און פייערן איר — אַ מ אָ ל י ג ע באַדייטונג.

ניין, מעמד הר סיני איז, איינס, אַ געהויבענער רוחניות'דיגער ענין, וואָס קען נישט באַנומען ווערען אין פּשוט'ע באַגריפען. צוויי, מעמד הר סיני איז אַ כולל'דיגער באַגריף. דריי, דאָס איז אַ פּערמאַנענטער, אַ שטענדיג־אַקטיווער, און אַן אומאונטערבראָכענער פּראָצעס, וואָס זיין אייגענשאַפט איז דאָס תמיד דויערן.

דעריבער האָט מען געלערנט צו געדענקען און דערמאָנען מתן תורה נישט אַלס איינמאָליגע דערשיינונג, נאָר אַלס כולל'דיגע, שטענדיקע פּאַסירונג, וואָס האָט פּאַסירט נעכטען און היינט און וועט פּאַסירען מאָרגען.

וואָרים, אייגענטליך, פאַרוואָס דערמאָנט מען ניט, אַלס ספּעציעלע גע־דענק־מצוה, מתן תורה. מיר לייענען דאָך: רק השמר לך ושמור נפשך מאוד פן תשכח את הדברים אשר ראו עיניך... יום אשר עמדת לפני ה' אלוקיך בחורב — „נאָר היט דיך און היט אָפּ זייער דיין נפש טאָמער וועסטו פאַרגעסען די זאכען, וואָס געזען האָבען דיינע אויגען... דעם טאָג, וואָס דו ביזט גע־שטאַנען פאַר דיין ג־ט אין חורב" (דברים ד', ט,־י').

דער רמב"ן שטרייכט אונטער די דאָזיגע מצוה, צו געדענקען מתן תורה מיט אַלע פּרטים. צווישען די מצוות, וואָס דער רמב"ן ווייזט אָן, אַז דער רמב"ם האָט פאַרגעסען אויסצורעכענען אין זיין „ספר המצות", איז צו גע־דענקען שטענדיג מעמד הר סיני.

אָבער הרב יצחק די ליאון האַלט, אַז דער רמב״ם האָט נישט פאַרגעסען, נאָר האָט געהאַלטען אַז דאָס איז „אַן אַרומנעמענדיגע מצוה״, וואָס נעמט אַרום די גאַנצע תורה״ (זאת היא מצוה כוללת כל התורה כולה).

דאָס פאַרהיטען פון באַקליידען מעמד הר סיני אין מאַטעריעלע מאָנו־מענטען זעט מען אויך אין דעם געבאָט וועגען באַרג סיני. פריער ווערט אָנגע־זאָגט שטרענג: כל הנוגע בהר מות יומת — „ווער עס וועט אָנרירען דעם באַרג זאָל שטאַרבען״. דאַן ווערט געגעבען אַן אַנדערער געבאָט: במשוך היובל המה יעלו בהר. אין מאָמענט נאָך דעם ווי די תורה איז געגעבען געוואָרען מעג מען אַרויפגיין אויפ׳ן באַרג. ניטאָ קיין שום גשמיות׳דיגע אייגענשאַפט פון באַרג. קיין קדושה אין הר סיני, נאָר אין מעמד סיני.

אַזוי איז מעמד הר סיני נישט געוואָרען בלויז אַ היסטאָרישע געשעעניש, נאָר די נשמה פונ׳ם פאָלק. מתן תורה איז געוואָרען אַ באַשטאַנדטייל, דער עיקר־באַשטאַנדטייל, פונ׳ם וועזען פון איד. דאָס איז אַ חלק פון זיין „נאַטור״, פון זיין כאַראַקטער.

טאַקע ביים פאַרבאָט אַרויפצוגיין אויפן באַרג סיני פאַר און בעת מתן תורה ווערט שוין אָנגעדייט דער דאָזיגער געדאַנק. עס ווערט, נעמליך, געבאָ־טען: השמרו לכם עלות בהר — „היט אייך פון אַרויפצוגיין אויפן באַרג״ (י״ט, י״ב). דערנאָך לייענען מיר: ויאמר משה אל ה׳, לא יוכל העם לעלות אל הר סיני, כי אתה העדותה בנו לאמור, הגבל את ההר וקדשתו — „און משה האָט געזאָגט צו ג־ט: דאָס פאָלק קען נישט אַרויפגיין אויפ׳ן באַרג סיני, ווייל דו האָסט אונז געוואָרענט: גרעניץ־אָפּ דעם באַרג און הייליג אים״ (י״ט, כ״ג).

די קלאַסישע מפרשים האָבען זיך עפּעס נישט געקענט קיין עצה געבען מיט אָט דעם פסוק. דער „אבן עזרא״ האָט מודה געווען, ווי זיין שטייגער, אַז ער פאַרשטייט אים נישט: אמר הגאון כי שנים רבות חשב בזה הפסוק ולא ידע טעמו — „דער גאון (געמיינט רבי סעדיה גאון), האָט געזאָגט, אַז אַ סך יאָרען האָט ער געטראַכט אין דעם פסוק און ער האָט נישט געוואוסט זיין מיין״.

רשי״ן האָט אויך געאַרט, ווייזט אויס, און ער האָט געשריבען: „איך ברויך זיי נישט וואָרענען, וואָרים זיי זענען שוין געוואָרענט, און זיי וועלען נישט קענען אַרויפגיין אויפ׳ן באַרג, ווייל עס איז זיי פאַרבאָטען״. ולא יוכלו לעלות שאין להם רשות.

„רשות״ איז אַ לעגאַלער טערמין. אין להם רשות מיינט, אַז זיי האָבען נישט דאָס רעכט. דאַגעגען „לא יוכלו״, „נישט קענען״, ווערט געברויכט אויף פיזישע שטערונגען. למשל, ווען דער באַרג איז אַזוי הויך און שפּיציג, אַז מען קען נישט אַרויפקלעטערען, אָדער ווען איינער האָט שוואַכע פיס און קען זיך

נישט אַרויפדראַפּען, דעמאָלט געשיקט זיך דער אויסדרוק „לא יוכלו", אָבער נישט ווען עס איז פאַרבאָטען.

אָבער מיט מתן תורה, און אפילו מיט דער צוגרייטונג דערצו, זענען די ביידע באַגריפען געוואָרען גלייכבאַדייטענד. אויב די תורה הייסט נישט, זאָגט מען נישט „מען טאָר נישט", נאָר „מען ק ע ן נישט". ווי קען אַ איד טאָן אַ דבר איסור? לא י ו כ ל העם לעלות, האָט משה געזאָגט, דאָס פאָלק קען נישט אַרויפגיין.

דער אידישער לעבנס-שטייגער, בפרט אין מזרח-אייראָפּע, און אויך אין מערב-אייראָפּע פון רבי שמשון רפאל הירש'ס שולע, איז געווען אַזעלכער, אַז „נישט טאָרען" איז געווען אידענטיש מיט „נישט קענען". די געבאָטען און פאַרבאָטען פון דער תורה זענען געוואָרען אַן אָרגאַנישער טייל פונ'ם אידישען פאָלקס-כאַראַקטער.

אַ סימן, אַז אפילו אַ סך פון די, וואָס האַלטען נישט אַזוי שטאַרק פון „מ'טאָר נישט" על פּי דין, וועלען נישט עובר זיין אויף געוויסע דינים, ווי, למשל, חזיר א. ד. גל. ווייל זיי „קענען נישט", לא יוכל העם.

פונדעסטוועגען טאָר מען זיך נישט „פאַרלאָזען אויף דער נאַטור", אַפילו נישט אויף דער אידישער פאָלקס-נאַטור. מיר זעען ווי אַ איד ווערט אָפּט דעפאַרמירט, אָפּגעפרעמדט, אויסגעוואָרצעלט פון זיין באָדען, און אין ערגעץ נישט פאַרוואָרצעלט, אויך נישט אין פרעמדען באָדען, מען פלעגט אַמאָל רעדען וועגען די אידישע „לופט-מענשען", וואָס זייערע פּרנסות זענען געווען „לופט-פּרנסות", אָבער נישט ווייניגער טראַגיש זענען די גייסטיגע אידישע „לופט-מענשען", די גייסטיגע „די-פּי'ס", וואָס זענען אַרויס פון זייער פאָלק און סביבה, און זענען אין ערגיץ נישט אַריין.

וואָלט מען היינט געפרעגט: אידען, ווילט איר מקבל זיין די תורה?...

**מתן** תורה איז נישט קיין איינמאָליגע דערשיינונג, נאָר אַ פּערמאַנענטער פּראָצעס. נישט זמן קבלת תורתנו איז שבועות, נאָר זמן מ ת ן תורתנו. ווייל מען גיט די תורה שטענדיג — פאַר די, וואָס זענען זי מקבל.

מיר האָבען אין מזרח-אייראָפּע עס געזען ווי אידען האָבען דורכגעלעבט י ע ד ע ן שבועות מעמד הר סיני. אַ הייליגער שטורעם האָט אַרויסגעריסען די פאַרהאַרעוועטע, פאַרזאָרגטע אידען פון זייער שווער לעבען, און זיי אַ הויב געטאָן ביז צו מעמד הר סיני. מען האָט זיך ניט געטרויט, אַז מען איז אַליין בכוח, מיט אייגענע כוחות צו דערגיין צו אָט דעם אויפשטייג — האָט מען גע-

זוכה אַנשפּאַרעניש ביים רבי׳ן. ערב שבועות זענען די באַנען און וועגען פון פוילען און אונגאַרן געווען פול מיט אידען, וואָס זענען געפאָרען צום רבי׳ן. אַ געטליכער אומרו האָט אַרויסגעריסען די אידען פון זייער איינגעזעסענעם פאַר׳דאַגה׳ט-זיין, און מען איז געפאָרען, ניין, מען איז געפלויגען, על כנפי נשרים פון דערהויבענסטע השגות און שטרעבונגען צו השגות, צו גרויסע אידען.

פאַר מיינע אויגען שטייען איצט די דאָזיגע טייערע, הייליגע אידען, הייליגע ניט בלויז אין זייער קידוש-השם-טויט, נאָר אויך אין זייער קידוש-השם-לעבען. איך זע זיי אויף די באַנען און אין די רבי׳שע הויפען; איך זע זיי, דורך טרערען, אין זייער „שענסטער שעה״... אשרי עין ראתה כל אלה...

כדי צו באַנעמען כאָטש אַ ברוכטייל פונ׳ם חורבן, דאַרף מען געדענקען וואָס עס איז חרוב געוואָרען. ווען אפילו, ווי מיר זאָגען אין אקדמות, „פאַרמעט וואָלטען געווען אַלע הימלען און פענס יעדעס גרעזעל; ווען טינט וואָלטען געווען אַלע ימ׳ען און אַלע טייכען, און שרייבער אַלע ערד-איינוואוי-נער״ — וואָלטען זיי דען אימשטאַנד געווען צו באַשרייבען אַ שבועות ביים רבי׳ן?

אָדער אַן אַנדער פראַגע:

ווען עס שטעלט זיך אויף אין אַזאַ שבועות-וואַך-נאַכט, אינמיטען אָפּ-רעכטען תיקון שבועות ביים רבי׳ן, אין ישיבה, אָבער אין קלויז, בית המדרש צי שטיבעל, ווען אין דעם דערהויבענעם מעמד שטעלט זיך אויף איינער צווישען דער הייליגער עדה און זאָגט אַזוי: אידען, דעמאָלט, ביים ערשטען מעמד הר סיני, האָט מען אונז אַרויפגעצוואונגען די תורה, כפה עליהם הר כגיגית — אָבער היינט, צווינגט מען אייך נישט! קיין שום פאַרפליכטונג, ביי אייך די ברירה... ווילט איר מקבל זיין די תורה, אָדער ווילט איר נישט? ביי אייך די ברירה...

פרעג איך אייך, די וואָס געדענקען דעם נאָענטען אַמאָל, ווען אימיצער שטעלט אַזאַ פראַגע, ווי התלהבות׳דיג וואָלטען די אַלע אידען אָפּגעענטפערט מיט אַ ה׳-הוא-האלוקים-אויסגעשריי: מיר ווילען! מיר ווילען! דער נעשה ונשמע וואָלט דאַך שוין געווען נאָך דעם ווי מיר האָבען געזען ווי די וועלט זעט אויס אָן תורה!

דער נעשה ונשמע וואָלט דאַך שוין געווען פון ש״ס-און-פוסקים-אידען, פון רמב״ם-אידען, פון בעל-שם-אידען — ווי פייערדיג וואָלט געווען אָט דער „מיר ווילען!״

ווער-זשע איז אימשטאַנד צו באַנעמען דעם גרויל פונ׳ם רוצח׳ישען

פּ אָ ל ק און פאַרשניידען אַזעלכע וועלטען, און אין אויסלעשען אַזעלכע ליכטיגקייטען?!.

מיר קענען עס ניט פילען מיט אַרויסרעדען רוטין־מעסיג, אָן אַ ברעקעל חרדת הקודש, די צאָל „6 מיליאָן", מיט וועלכע עס זשאָנגלירען אַלערליי פּראַזען־דרעשער, פאַרשוועכער פון אונזער וויי און פעדלוער מיט'ן אָנדענק פון די קדושים. אָבער מיר קענען עס באַגרייפען דורך איין אומקום, וואָס אַנט־האַלט אין זיך דעם בלוטיגען וויי פון מיליאָנען.

אויפ'ן פסוק: פן יהרסו אל ה' לראות ונפל ממנו רב — „טאָמער וועלען זיי זיך דורכרייסען צו ג־ט, צו זען, און עס וועט פאַלען פון זיי אַ סך" (שמות י"ט, כ"א), זאָגט די מכילתא (שטיצענדיג זיך דערויף וואָס עס שטייט „ונפל", אין לשון יחיד, אָנשטאָט „ונפלו", אין לשון רבים):

יחיד שיפול מהם, הרי עלי ככולכם — „איין יחיד, אַז ער וועט פאַלען, איז עס פאַר מיר ווי אַ ל ע".

די מענשליכע אויפנאַמס־פעאיגקייט פון אומגליק איז באַגרעניצט. דער מענשליכער האַס צו רוצחים האָט אויך זיינע גרעניצען. ווי קען מען איינ־זאַפּען צער פון 6 מיליאָן? ווי קען מען אויסצאָרענען דעם האַס צו רוצחים פון 6 מיליאָן?!

אָבער פאַר'ן הרג'ענען דאָס א י נ ע אידישע קינד צונעמענדיג ביי אים אַן עפּעלע, און עסענדיג עס דערנאָך רואיג, ווי איבערגעגעבען אויף אַ פּראָצעס — אָט די איינציגע רציחה שפּיגעלט אָפּ דעם גרויליגען שאול־תחתיה־ווען פונ'ם דייטש, פון אָט דער גאַנצער אומה בזויה ושפלה שאין לה תקנה. יחיד שיפול הרי הוא ככולכם — לערנט די גמרא.

און זאָל מען ניט צעטיילען דעם איינעם דייטש אויף צוויי, אויף נאַצי און ניט־נאַצי. דאָס איז איינע פון די פיקציעס, וואָס די פאַרדאָרבענע פאַר־געסער האָבען ווילליג איבערגענומען פון דער דייטשער פּראָפּאַגאַנדע. היינט זעט מען שוין, אַז ניטאָ קיין אונטערשייד. פּונקט ווי עס איז ניטאָ קיין אונ־טערשייד צווישען נעכטיגען און היינטיגען דייטש. דער היינטיגער גרייט־צו מאָרד אין קאָרעאָ צו פאַרענדיגען די מלאכה פונ'ם נעכטיגען.

זאָל דעריבער דער צאָרן ניט אויסגעלאָשען ווערען — ווי ניט־אויסגע־לאָשען עס איז דער וויי! ווייל אויב עס איז ניטאָ גענוג געפיל פאַר 6 מיליאָן, איז דאָ גענוג ווייטאָג פאַר דעם איינעם אידישען קינד, וואָס פאַר זיין אומ־ברענגען איז קיין שום שטראָף פאַר אַלע ניט גענוג! ווי די חז"ל לערנען אויפ'ן פסוק אין דער שבועות'דיגער קריאה: איינער, וואָס וועט פאַלען, איז גלייך ווי אַלע. יחיד שיפול הריהו ככולכם.

# מִשְׁפָּטִים

תורה איז ניט קיין „טעאָריע" — תורה איז פּראַקטיק

**ווען** איך זאָל דאַרפן איבערגעבן דעם תוך און תוכן פון דער היינטיגער סדרה אין איין וואָרט, וואָלט דאָס וואָרט געווען: פ אַ ר ו ו י ר ק־ ל י כ ו נ ג.

מיר האָבען אין יתרו געלערנט די פּרשה פון קבלת התורה, מיר האָבען געהערט די קולות וברקים, מיר האָבען געזען די דערהויבענקייט פון מעמד הר סיני — אָבער די אייגענטימליכקייט פון יהדות ליגט אין פאַר־ווירקליכונג.

משפטים איז דער אויסטייטש פון די עשרת הדברות — אין מעשים. די איבערזעצונג פון יסודות — אין לעבען. די פאַרוואַנדלונג פון טעאָריע אין פּראַקטיק.

קריסטענטום האָט זיך באַנוגענט מיט אַבסטראַקטע אידייען, וואָס, אַנ־דערש פון פּלאַטאָ׳ס, זענען זיי ניט קיין אָפּשפּיגלונג פון ווירקליכקייט. פּונקט ווי ווירקליכקייט איז נישט קיין אָפּשפּיגלונג פון די קריסטליכע אידייען. אַזוי איז אין אונזער צייט דאָס קריסטענטום, מיט איר הויפּט, צוגעקומען צו דעם עקסטרעמען היפּוך פון „לא תרצח". מאָרד פון אידען איז געווען אַ טייל פון זייער וועזען. און זייער וועזען איז דאָך געווען קריסטליך.

אין קיין שום תקופה איז ניט געווען אַזוי בולט דער אָפּגרונט צווישען טעאָריע און פּראַקטיק, ווי אין היינטיגען קריסטענטום. אין קיין שום צייט איז ניט געווען אַזוי טיף דער תהום צווישען לערע און לעבען, ווי אין דער קריסטליכער צייט פון אידישען אומקום.

האָט די תורה באַלד נאָך מעמד הר סיני אָוועקגעשטעלט דאָס געבאָט:

ואלה המשפטים, אשר ת ש י ם לפניהם — „דאָס זענען די געזעצן, וואָס זאָלסט ט אָ ן פאַר זיי".

פאַרוואָס „טאָן"? פאַרוואָס ניט פּראָקלאַמירען געזעצן? פאַרוואָס ניט זיי באַשליסען, אָננעמען, לערנען, אַנאַנסירען?

ווייל דאָ גייט אין דער ט אַ ט.

און די ע ר ש ט ע טאַט איז באַפרייאונג. באַפרייאונג פון קנעכט פון קנעכטשאַפט, אַט דאָס איז דאָס ערשטע פון די משפטים.

אין דער סדרה בא, אין דער פרשה „החודש הזה לכם", האָבען מיר גע־לערנט, אַז אַט דער באַפרייאונג־חודש, ניסן, איז „דער ערשטער פון די חדשים פון יאָר", ראשון לחדשי השנה. ווייל פרייהייט איז דאָס ערשטע רעכט פונ'ם מענשען. באַפרייאונג מיינט דעריבער דאָס צוריקשטעלען די אורשפּריגגליכע יסודות פון וועלט־באַשאַף, פון דעם סדר העולם, לויט יהדות.

(אַן אָפּקלאַנג דערפון הערן מיר אין דער אומאָפּהענגיגקייט־דעקלאַראַ־ציע פון אַמעריקע).

דעריבער איז נאָך יציאת מצרים, נאָך קבלת התורה — ווען עס זענען אוועקגעשטעלט געוואָרען די פונדאַמענטען — געקומען דער ערשטער פון די משפטים, כי תקנה עבד עברי... יצא לחפשי...

ווען עס זענען געהערט געוואָרען די עשרת הדברות, זענען די אידען געשטאַנען דערשראָקענע פונדערווייטענס, וינעו ויעמדו מרחוק. עס איז געווען דיסטאַנץ צווישען דעם ברענענדיגען באַרג סיני און צווישען די, וואָס זענען געשטאַנען ציטערדיגע צופוסענס פונ'ם באַרג, בתחתית ההר. דאָ, ביי ואלה המשפטים, איז ניטאָ מער קיין דיסטאַנץ, דאָ איז עס לפניהם, פאַר זיי, צ ו ו י ש ע ן זיי. די דאָזיגע געזעצן זענען געווען אַ טייל פון זייער געזעל־שאַפטליכען געבוי, אַ זייל פון זייער סאָציאַלער סטרוקטור. דאָס איז זייער לעבענס־שטייגער.

„לפניהם" ווינקט אויך אָן דעם מיין פ אַ ר זיי, צום אַלעם ערשטען. און וועגען וואָס זענען די דאָזיגע ערשטע געזעצן? וואָסערע משפטים זענען דאָס דער אריינפיר צו אידישער געזעצגעבונג?

דאָס זענען די געזעצן, וואָס באַצוועקען צו שיצען נישט דאָס אייגענ־טום, נישט די אַנדערע רעכט פונ'ם מענשען, נישט אפילו זיין לעבען, נאָר זיין ווירדע.

בראש פון די משפטים האָט די תורה אַוועקגעשטעלט כבוד האדם.

און וועמענס ווירדע טוט די תורה אַזוי שטרענג באַשיצען?

פון דעם קנעכט, פון דער דינסט און, נישט צו פאַרגלייכען, אַפילו פונ'ם

גנב. און אפילו ווען יענער איז שוין אַזוי ביי זיך געפאַלען, אַז ער פילט שוין ניט דעם בזיון פון קנעכטשאַפט, פילט די תורה זיין בזיון און מאַנט זיין כבוד — ביי אים אַליין.

אפילו ווען דער עבד איז שוין אַזוי אונטערטעניג צו זיין גורל, אַז ווען עס שלאָגט אויס פאַר אים די שעה פון פרייהייט הערט ער נישט; ווען ער איז אַפּאַטיש צו זיין רעכט פון „אין זיבעטען יאָר זאָל ער אַרויסגיין פריי אומזיסט", ובשביעית יצא לחפשי חנם — דאַן קומט די תורה און טרייסעלט אים אַרויס פון זיין הינערפלעט — מיט אַ שטראָף!

און די שטראָף איז אַ מאָדנע. מען בויערט אים דאָס אויער, ורצע אדוניו את אזנו, און מען טוט עס ביי דער טיר, והגישו אל הדלת (שמות, כ"א, ו').

פאַרוואָס עפּעס דאָס אויער? און פאַרוואָס ביי דער טיר?

ווייל ער האָט געזינדיגט מיט דער ש מ י ע ה, מיט ניט-הערען. און געזינדיגט האָט ער ביים ט ו י ע ר, ביים טויער פון פרייהייט, וואָס האָט זיך אויפגעפּראַלט פאַר אים — אומזיסט. ער איז נישט אַרויס צו פרייהייט.

רש"י זאָגט: „דאָס אויער, וואָס האָט געהערט אויפ'ן באַרג: ווייל צו מיר זענען זיי קנעכט, און נישט קנעכט צו קנעכט — און אָט דער וויל בלייבען אַ קנעכט צו אַ מענשען, דאַרף זיין אויער געבויערט ווערען".

זעט מען דאָ, אַז אויפ'ן באַרג סיני איז אויך געגעבען געוואָרען דאָס געבאָט צו פרייהייט. נאָך „אנכי" שטייט אשר הוצאתיך מארץ מצרים, וואָס דערפון איז געדרונגען, אַז „אנכי ה'" און „הוצאתיך" זענען געבונדן. „אנכי" איז פרייהייט; קנעכטשאַפט איז עבודה זרה.

אויב אַ איד דערהערט נישט דעם רוף צו פרייהייט, באַגייט ער אַ זינד. קומט אים אַ שטראָף. און אידען זענען ניט איינמאָל ביטער באַשטראָפט געוואָרען פאַר אָט דער זינד, וואָס זיי זענען באַגאַנגען...

און וואָס טייל אידען באַגייען נאָך היינט, זיצענדיג אין פוילען, למשל, און מען פאַרעט זיך אַרום זיי מיט „באַשרייבעכצען" און טומלענישען... אויב ניטאָ קיין אין ישיבה דאָרט — און עס איז ניטאָ — מעגען זיין אידישע טעאַטערס, און „קולטור", וואָס איז הוילער אַנשטעל, ערזאַץ און מאַסקעראַדע — מיינט עס אונטערגאַנג. אפילו אויב דער אַנטיסעמיטישער וואולקאַן זאָל דערווייל יאָ געצוימט ווערען. פונדעסטוועגען אַקצעפּטירט מען די לא־אצא־לחפשי־קנעכטשאַפט און אהבתי־את־אדוני־עבדות...

די תורה הייסט: אַרויס פון גייסטיגער קנעכטשאַפט ווי פון פיזישער. דאָס איז סיי צוליב קיום און המשך און סיי צוליב דער מענשליכער ווירדע.

מיר געפינען נאָך אַ צווייט מאָל אין דער תורה די זאָרג פאַר מענשלי־כער ווירדע. מיר לערנען: כי יגנוב איש שור או שה וטבחו או מכרו, חמשה בקר ישלם תחת השור וארבע צאן תחת השה — „אַז אַ מאַן וועט גנב׳ענען אַן אָקס אָדער אַ שעפּס און וועט אים שעכטען, אָדער ער וועט אים פאַרקויפען, זאָל ער באַצאָלען פינף רינדער פאַרן אָקס און פיר שאָף פאַר׳ן שעפּס״ (שמות כ״א, ל״ז).

פאַרוואָס פאַר אַן אָקס פינף און פאַר אַ שעפּס בלויז פיר?

ר׳ יוחנן בן זכאי, וועלכער האָט געלעבט בזמן החורבן, האָט דאָ גע־לערנט אַ לעקציע אין רעספּעקטירען מענשליכע ווירדע, אין מכבד זיין כבוד האדם אין י ע ד ע ן מענש:

„האָט געזאָגט ר׳ יוחנן בן זכאי: ג־ט היט דעם כבוד הבריות. אַן אָקס, וואָס גייט אַליין און דער גנב איז נישט דערנידריגט געוואָרען דורך טראָגען אים אויפן אַקסעל, באַצאָלט ער פינף מאָל אזוי פיל; אָבער אַ שעפּס, וואָס דער גנב האָט עס געדאַרפט טראָגען אויפ׳ן אַקסעל, באַצאָלט ער בלויז פיר מאָל אזוי פיל, ווייל ער איז דערנידריגט געוואָרען דורך אים״ (בבא מציעא ס״ז, און רש״י).

איר הערט וועגען וועמענס בזיון עס רעדט זיך דאָ? וועגען בזיון פון אַ גנב. פאַר ז י י ן בזיון ווערט אים אָראָפּגערעכענט פון דער שטראָף.

דאָ גייט נישט וועגען כבוד התורה, וועגען כבוד ישראל, אָדער פון אַ חשוב׳ען אידען, נאָר וועגען כבוד פון אַ גנב; און אויך זיין כבוד היט די תורה! אַזוי לערנט מען צו רעספּעקטירען יענעמס ווירדע — אפילו פונ׳ם קלענסטען! אפילו דער נידעריגער טאָר ניט דערנידעריגט ווערען!

און די גמרא האָט, אין אויספירונג און פאַרווירקליכונג פון לימודים פון דער תורה — ווי מיר האָבען אָנגעוויזען אין אָנהויב וועגען דעם מיין פון ואלה המשפטים — גאָר שאַרף באַשטראָפט דעם, וואָס פאַרשעמט אַ צווייטען. די שטראָף איז אויף אים אַרויפגעלייגט געוואָרען אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט. אין לו חלק לעולם הבא — האָבען די חז״ל אָפּגע׳פסק׳ענט.

אַזוי זיינען אַוועקגעלייגט געוואָרען די פונדאַמענטען

**ואלה** המשפטים אשר ת ש י ם לפניהם — „און דאָס זיינען די געזעצען, וואָס זאָלסט ט אָ ן פאַר זיי״. פאַרוואָס „טאָן״? פאַרוואָס נישט געבען געזעצען, אָננעמען געזעצען, אָדער לערנען דינים?

ווייל דאָ גייט אין דער גרויסער ט אַ ט — פון אַוועקלייגען פונדאַמענטען. פון אויפשטעלען יסודות, און זיי אַזוי איינגלידערן, נישט בלויז אין די געזעץ־ביכער, אין די „סטאַטוטען", נאָר אין ל ע ב ע ן פון פאָלק, אַז אויף זיי זאָל געבויט ווערען זיין גאַנצער סאָציאַלע, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע סטרוקטור. מיר ווייסען דאָך, אַז אָפט איז צווישען געזעץ און לעבען אַ תהום. האָט מען דאָ אָנגעזאָגט, אַז דאָס געזעץ פון פרייהייט דאַרף פאַרווירקליכט ווערען אין לעבען.

אין יסוד פון די דאָזיגע יסודות איז געלעגען, פאַרשטייט זיך, גערעכטיגקייט, צדק. אָבער גערעכטיגקייט מיט נ ש מ ה, מיט מ ע נ ש ל י כ ק י י ט. חסידות, אין ברייטסטען זין, האָט עס אויסגעדריקט אין „לפנים משורת הדין". דאָס מיינט ווייניגער ווי דער דין, אָבער פאַקטיש איז עס געווען מער ווי דער דין. און אפשר איז עס גאָר געווען דער אמת'ער דין.

מען דערציילט, אַז אַן אָרימע אלמנה איז אַמאָל געקומען צו ר' נפתלי ראָפשיצער, זצ"ל, און האָט פאַר אים געוויינט, אַז דער בעל הבית פון איר דירה האָט זי אַרויסגעוואָרפען מיט די קינדער, די יתומים, אויף דער גאַס. זאָגט צו איר ר' נפתלי: רופט אים צו אַ דין תורה. ענטפערט די אומגליקליכע אלמנה: רבי, איך האָב אים שוין גערופען צום רב און כ'האָב פאַרלוירען די דין־תורה.

זאָגט ר' נפתלי: גייט צוריק צום רב און זאָגט אים ער זאָל נאָך אַמאָל נאָכקוקען אין חושן משפט, ער האָט געמוזט האָבען אַ טעות...

האָט די פרוי אַזוי געטאָן. דער רב, הגם ער האָט נישט אָנערקענט ר' נפתלי'ן פאַר אַן אויטאָריטעט, האָט דאָך נאָכאַמאָל דורכגעטראַכט די טענות; ער האָט ווידער אַריינגעקוקט אין חושן משפט, אין די מפרשים און שאלות ותשובות, און — אויסגעפונען אַז ער האָט טאַקע געמאַכט אַ טעות!

קומט דער רב צו ר' נפתלי ראָפשיצער און זאָגט: רבי, איך האָב נישט געוואוסט, אַז איר זענט אַזאַ גאון און בקי. איר האָט געטראָפען גענוי אַ סברה פון אַ קדמון, וואָס איך האָב פאַרזען. איר, רבי, זענט גערעכט. איך בין מודה, איך האָב געהאַט אַ טעות.

ענטפערט אים ר' נפתלי: איך האָב נישט געדענקט די סברא, נאָר היות די אָרימע אַלמנה האָט פאַר מיר שטאַרק געוויינט, האָט מיין האַרץ אין מיר מיטגעוויינט פאַר רחמנות, האָב איך ביי זיך געקלערט: א י ך האָב אויף איר רחמנות — און די תורה נ י ש ט? דאָס קען נישט זיין! דער רב האָט געמוזט דאָ האָבען אַ טעות...

### אײן גאַנצקייט

בשלח־יתרו־משפטים בילדען אײן גאַנצקייט, ווי פאַרשי־דען עס זאָלען נישט זיין די ענינים פון די דאָזיגע דריי סדרות. בשלח: באַ־פרייאונג פון קנעכטשאַפט. יתרו: קבלת התורה. משפטים: די דערגאַנ־צונג פון באַפרייאונג פון קנעכטשאַפט און פון מקבל זיין די תורה. משפטים איז די פאַרווירקליכונג פון באַפרייאונג און פון קבלת התורה. משפטים איז די אויספירונג פון גאולה און פון מעמד הר סיני.

וואָרים יציאת מצרים איז נישט בלויז באַפרייאונג פון אַ געוויסער גרופּע, ציַ אַ פאַלק, נאָר איז דער גרויסער אָפּפרעג פון דער אידייע פון עבדות. און ווי אַזוי וואָלט דער דאָזיגער אָפּפרעג אויסגעזען ווען עס וואָלט דערנאָך עקזיסטירט עבדות אין אידענטום?

ווייל מתן תורה איז נישט קיין טעאָרעטיש לערנען, כדי צו וויסען, נאָר אַ קאָנקרעטע אויספאָרמונג פון׳ם כאַראַקטער פון׳ם פאַלק, כדי לויט דער אויספאָרמונג צו לעבען. איז דאָס מקיים זיין פון די עשרת הדב־רות — משפטים, די געזעצען וואָס רעגולירען דאָס טאָגטעגליכע לעבען. ווייל וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט דאָס אָננעמען מצד פעלקער אַ טייל פון די עשרת הדברות, ווי, לאָמיר זאָגען, לא תרצח — טעאָרעטיש?

און וואָסער מין רעכט אַנטהאַלט משפטים?

געוויינליך וואָלט מען געקענט דערוואַרטען, אַז ווען די אידען האָבען געהאַלטען זיך אויסבויען אַלס אַ פאַלק און אַ שטאַט, ערב דעם איינעמען אַ לאַנד, איז אויב שוין צוגרייטן געזעצען, זאָל דאָס זיין אַ קאָנסטיטוציאָנעלע געזעצגעבונג, מלוכה־רעכט. וואָס זעען מיר אָבער דאָ?

די ערשטע געזעצען, וועלכע דאַרפען בילדען דעם יסוד פון דער קומענ־דער מלוכה, זענען נישט קיין קאָנסטיטוציאָנעלע געזעצען, נאָר דווקא דאָס ציווילע רעכט, די פערסאָנאַלע רעכט, די רעכט פון דעם יחיד. די דאָזיגע רעכט בילדען דעם פונדאַמענט פון׳ם מלוכה־וועזען. די ערשטע צווישען זיי איז דער דין וועגען עבד עברי, וועלכער איז די „מאַגנאַ טשאַרטאַ״ פאַר אָפּשאַפען קנעכטשאַפט.

דאָס וואָס איז מיט יאָרטויזענטער שפּעטער אויסגעקעמפט געוואָרען אין אַמעריקע אין בירגער־קריג, און איז ניט דערגרייכט געוואָרען ביז׳ן היינטיגען טאָג אין רוסישען בית עבדים — איז אָוועקגעשטעלט געוואָרען אַלס יסוד פאַר דער מלוכה־שאַפונג, איידער נאָך אידען האָבען באַזעסען אַ לאַנד און אַ שטאַט.

מיר האָבען געזאָגט, אַז צוערשט איז געקומען דאָס ציוויל־רעכט, אָבער באמת איז נישטאָ קיין וועזענטליכע טיילונג צווישען די פאַרשידענע געביטען פון רעכט ביי אידען. עס זענען פאַראַן פ אָ ר מ ע ל ע אָפּטיילונגען פון רעכט, לשם סדר, אָבער נישט קיין באַזונדערע געזעצען־גרופּען, סעפּעראַטע אין מ ה ו ת. עס איז, נעמליך, נישטאָ קיין טיילונג צווישען רעליגיעזע און וועלט־ליכע געזעצען. וכי יפתח איש בור איז פונקט אַזוי תורה ווי קדושים תהיו. שור שנגח את הפרה איז פונקט אַזאַ דין ווי די עבודה אין יום כפור אין קדשי קדשים.

נישטאָ, און עס קען נישט זיין, קיין „טיילונג צווישען קירכע און שטאַט", פשוט דערפאַר, ווייל עס איז נישטאָ קיין „קירכע" ביי אידען, און נישטאָ קיין קירכליך רעכט, דאָס וואָס די קריסטען רופען „קאנאניש רעכט".

דת ביי אידען נעמט אַרום דאָס גאַנצע לעבען אין אַלע געביטען און דערשיינונגען. דת איז רעליגיע, אמונה, גלויבען, און אויך געזעץ, „לאָ".

בלויז באַשרענקטע מענשען טיילען אָפּ צווישען דת און וועלטליכקייט ווען עס קומט צו דין. גרויסע אידען, אידען מיט אַ טיפער און אַלעס־אַרומ־נעמענדיגער השקפה האָבען נישט אָנערקענט אַזאַ טיילונג. אמת, מען רעדט וועגען מילי דשמיא און מילי דעלמא, „הימלישע זאַכען" און „וועלט־זאַכען", אָבער דאָס זענען בלויז פאָרמעלע קאַטעגאָריעס, אין תוך איז אַלעס, לויט העכערער יהדות השקפה, מילי דשמיא.

רבי ישראל סאַלאַנטער זצ"ל האָט אַמאָל געפירט אַ וויכוח מיט זיין ווייב. האָבען די תלמידים זיך געוואונדערט: וואָס איז דאָ פאַראַן זיך מתוכח צו זיין? איז עס מילי דעלמא דאַרף דאָך דעצידירען דאָס ווייב, איז עס מילי דשמיא דאַרף דאָך דעצידירען דער מאַן, לויט די חז"ל. האָט ר' ישראל מסביר געווען: אין דעם גייט עס טאַקע, פאַר איר איז אַלעס מילי דעלמא, פאַר מיר איז אַלעס מילי דשמיא...

פרייהייט איז אַ פליכט

**דער** ערשטער געבאָט נאָך מתן תורה, וואָס איז געגעבען געוואָרען אין מתן תורה (מה הראשונים מסיני אף אלו מסיני — רש"י), איז וועגען אָפּשאַפען קנעכטשאַפט.

די תורה לערנט, אַז די באַפרייאונג פון די אידען פון עבדות איז נישט געווען עפּעס אַן עפּיזאָד, נאָר אַ י ס ו ד פון לעבענס־השקפה. און אַ פונדאַ־מענט — דאָס ערשטע געזעץ — פון אידישער געזעצגעבונג.

די טאט פון פארזעצען די קנעכטשאפט נאך די זעקס יאר ווערט דאך באגאנגען סיי דורכ'ן האר און סיי דורכ'ן קנעכט — פארוואס קומט בלויז דעם קנעכט צו באשטראפען און נישט דעם האר?

קען מען ענטפערען, אז עס ליגט שוין אין דער נאטור פונ'ם אדון, פונ'ם טיראן, צו פארשקלאפען, איז אויב דער עבד לאזט זיך נאך דערצו — איז שווער מיט אים, דעם אדון, צו טענה'ן, אדער אפילו אים דראען.

די איינציגע האפענונג אויף פרייהייט איז אויף דעם עבד. מען קען נישט אננעמען, אז דער דיקטאטאר וועט תשובה טאן, אז ער וועט ענדערן זיין פעל — מען קען נישט דערווארטען פון אים קיין דעמאקראטיע. איז די איינציגע האפענונג — דער פארשקלאפטער, אז ע ר וועט אראפווארפען די קייטן. אז ער וועט רעוואלטירען געגען טיראניי.

דעריבער אויב דער עבד זאגט אהבתי את אדוני און מאכט שלום מיט זיין עבדות, נעמט ער דאך אוועק יעדע האפענונג אויף פרייהייט, פארניכטעט ער דאך א יסוד פון וועלט־ארדענונג — קומט אים צו באשטראפען.

נאך עפעס, די פ ר י י ה י י ט פונ'ם מענשען איז, לויט דער השקפה פון יהדות, נישט זיין פ ר י װ א ט איינגענטום בלויז — דאס איז אויך דער באזיץ פונ'ם כ ל ל. ווייל קיין מענש איז נישט קיין אינזעל פאר זיך. אויב אימיצער איז פארשקלאפט ווערט ד י י ן פרייהייט געמינערט. אויב אימיצער ווערט גע'רודפ'ט איז ד י י ן זיכערקייט באדראט.

קומט אויס, אז א מענש טאר זיך נישט אפזאגען פון זיין פרייהייט ווארים דאס איז נישט בלויז זיין באזיץ, נאר אויך פון זיינע מיט־מענשען — א בשותפות'דיגער באזיץ.

דעריבער לערנט אונז דא די תורה א דין, וואס איז איינציגארטיג צווישען געזעצגעבונגען פון אלע פעלקער. ביי אנדערע פעלקער איז פרייהייט א ר ע כ ט. פון א רעכט האט מען דאס רעכט זיך אפצוזאגען. ווען איינער זאגט: כ'וויל נישט זיין פריי — קומט מיר עפעס דערפאר?... אבער ביי אידען איז פרייהייט א פ ל י כ ט. פון א פליכט קען מען זיך נישט „אפ־זאגען".

לערנען מיר דא אין דער ערשטער פרשה פון דער סדרה, אז דו מ ו ז ט זיין פריי.

וואָס מיינט מחדש זיין אין תורה?

**ואלה** המשפטים... זאָגט דערויף רש״י:

„ואלה״ גיט צו צו די „ערשטע״. ואלה מוסיף על הראשונים. פשוט טייטשט דאָ רש״י וואָס עס מיינט די „וואָוו״ אין ואלה. אָבער מען קען אויך זאָגען נאָך אַ מיין:

דאָס „מוסיף זיין״ איז אַ באַשטאַנדטייל פון תורה־לערנען. וואָס מיינט מוסיף זיין? נישט צוצוגעבען נייע דינים. דערויף איז פאַראַן אַ פאַרבאָט: „לא תוסיפו״, איר זאָלט נישט צוגעבען! נאָר דאָס מיינט, אויסצוגעפינען דעם זין פון די ענינים און פסוקים פון דער תורה, דעם טיפערן זין, דעם אמת׳ן.

דאָס מיינט, אַז ווען מען לערנט גרינטליך און מען דרינגט אַריין אין די טיפענישען פון תורה ווערט מען אינספּירירט צו אייגענע, נייע געדאַנקען, צו חידושים. דער סימן פון ריכטיגען לימוד איז ווען דער גייסט ווערט באַ־פרוכפּערט צו נייע געדאַנקען, צו אַ נייעם „דערהער״, אָדער גע־פינען אַ נייעם זין און מיין.

ווען ווייסט מען, אַז אַ געוויסער חידוש איז ריכטיג, ווען ער באַוועגט צו אַ נייעם חידוש. ווען די מחשבה ווערט אויפגעוועקט צו — אַ נייער מחשבה.

דער אמת׳ער לימוד הייסט ניט אָנזאַמלען ידיעות. ניט קיין פּאַסיווער „רעזערוו״ איז תורה, נאָר אַן אַקטיווע שעפערישקייט. וואָרים תורה איז נישט קיין סטאַטישע פאַרגליווערטקייט, חלילה, נאָר דינאַמישער פערמענט, וואָס ברויזט און שאָפט און — באַנייט.

דאָס מיינט רש״י׳ס „ואלה מוסיף על הראשונים״.

גערעכטיגקייט אַלס צווייטע נאַטור

**די** דאָזיגע געזעצען מוזען ווערען דער זעלבסטפאַרשטענדליכער באַזיץ פון יעדען מאַן, פרוי און קינד. זיי מוזען זיין אַזוי נאַרמאַל פאַר זייער דענקען, פילען און טאָן, ווי די לופט, מיט וועלכער זיי אָטעמען, און דאָס ברויט, וואָס זיי עסען.

די צוגעבונדענקייט צו גערעכטיגקייט דאַרף זיין אַזוי אוניווערסאַל, אַזוי לעבענס־וויכטיג און קאָנסעקווענט, אַז די פאָלקס־געשיכטע, אַלצאיינס אין וואָסער פאָרם זי דריקט זיך אויס, דאַרף זיין גלייך ווי שאַלענדיגער אויסרוף פון גערעכטיגקייט.

„און וואו איז יושר ?״

דאס דאָזיגע ספּעציפיש אידישע גערעכטיקייטס־געפיל דריקט זיך אויס אין אַ „זאָג״, וועלכער שטייט העכער ווי אַלע יורידישע פּאַראַגראַפען און לעגאַליסטישע קלאוזולען, נעמליך:

„...און וואו איז יושר ? !״

דאָס איז אַזאַ מין טענה, קעגען וועלכער ס׳העלפט נישט קיין שום אַפּעלאַציע. אַן אייגענאַרטיגער אידישער לעגאַלער אַרגומענט. דאָס איז דער אַפּיל צו דער העכסטער אינסטאַנץ, צום געוויסען.

חוקים און משפטים

אויף „כי תקנה עבד עברי״ זאָגט רש״י: מה הראשונים מסיני אף אלו מסיני״, „אַזוי ווי די ערשטע געבאָטען זענען פון סיני (עשרת הדברות), אַזוי זענען אויך די וויטערדיגע געזעצען, די משפטים, פונ׳ם סיני״. דעריבער שטייט „ואלה״, „און די דאָזיגע״.

אין די דאָזיגע ווערטער פון רש״י ליגט אַ טיפער געדאַנק. די חוקים, די מצוות בין אדם למקום, פאַרשטייט מען, אַז זיי זענען פון סיני, אָבער די משפטים, די מצוות שכליות, די וואָס „לייגען זיך אויפ׳ן שכל״ פון זיך אַליין, קען מען זיך טועה זיין, אַז זיי זענען פון מענשליכען שכל. דערויף זאָגט רש״י, אַז דערפון, פון די דינים פון עבד עברי זעט מען, אַז אויך די ציווילע געזעצען, די משפטים וועגען די באַציאונגען צווישען מענש און מענש, זענען מסיני.

אַ ראיה: כי תקנה עבד עברי — האָט דען דעמאָלט, מיט 4 טויזענט יאָר צוריק די מענשליכע פאַנטאַזיע געקענט חלומ׳ען אפילו וועגען אַזעלכע רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען פון סאָציאַלער גערעכטיגקייט, וואָס אפילו אין פרייען אַמעריקע האָט עס געמוזט נעמען אַ בלוטיגע בירגער־מלחמה (1861־1865), „דער ציווילער קריג״, כדי אָפּצושאַפען פאַרשקלאַפונג ?

איז אויב דעמאָלט האָט שוין די תורה געלערנט וועגען סאָציאַלער גע־רעכטיקייט, קעגען קנעכטשאַפט, איז עס דאָך אַ באַווייז, אַז דאָס זענען ניט קיין מענשלעכע געדאַנקען, נאָר אַ געטליך געזעץ. לערענט מען דעריבער „כי תקנה עבד עברי״, אַז מה הראשונים מסיני, אַזוי ווי די עשרת הדברות זענען מסיני, אף אלו מסיני, אַזוי זענען אויך די משפטים מסיני.

פייער פון מחלוקת

„אז א פייער וועט ארויסגיין און אנטרעפען דערנער..." כי תצא אש ומצאה קוצים וכו' (כ"ב, ה').

זאגט דערויף דער של"ה הק' („שני לוחות הברית" פון רבי ישעי' הורוויץ, זצ"ל): „דא איז פאראן א רמז אויף דעם פייער פון מחלוקת און כעס וואס מען דארף זיך זער היטען דערפון..."

דערצו אן אנדער רמז: ומצאה קוצים: ווען איינער הייצט איין א מחלוקת טרעפט דאס מחלוקת אן אויף קוצים, אויף דערנער, אויףליידיגע, שטעכיגע מענשען, וואס כאפען זיך אן אין פייער...

געדאנקען — בליצען

ונקרב בעל הבית אל האלוקים — אם שלח ידו במלאכת רעהו... (כ"ב, ז').

ווען קען א מענש זיך דערנענטערען צו ג־ט, זיין נאענט צו ג־ט, ונקרב בעל הבית אל האלוקים? ווען ער רירט נישט אן יענעמס באזיץ, יענעמס הארעוואניע — ווען לא שלח ידו במלאכת רעהו. די ערליכקייט אין האנדעל־וואנדעל, אין באציאונגען מיט מענשען, מאכט א מענשען ג־ט־נאענט.

***

אם כסף תלווה את עמי... „אז דו וועסט לייען געלט מיין פאלק"... (כ"ב, כ"ד).

ווי לייעט מען עפעס געלט דעם פ א ל ק, אם כסף תלווה את ע מ י? מען לייעט א אידען א גמילות חסד, אבער ווי אזוי לייעט מען דעם גאנצען פאלק?

זאגט הגאון הרב ר' פנחס הירשפרונג, שליט"א, פון מאנטרעאל, אז דאס קען מען מקיים זיין בלויז דורכ'ן י ש ר א ל ב א נ ד — און ער אליין איז טאקע אזוי מקיים (ס'איז געמאכט א היתר עיסקא).

***

לא תהיה לו כנושה — „זאלסט נישט זיין צו אים (צו דיין בעל חוב) ווי א מאנער" (כ"ב, כ"ד).

די גמרא דרינגט דערפון אַרויס פאַלגענדען דין: אַז אויב אימיצער האָט אַ צווייטען געליגען געלט און ער ווייסט, אַז דער לייער האָט נישט אָפּ־צוגעבען, טאָר דער מלוה זיך נישט ווייזען פאַר זיין בעל חוב.

אַזוי לערנט די גמרא אין בבא מציעא (ע״ה, ב׳):

„ווען רבי דימי איז געקומען האָט ער געזאָגט, פון וואַנען איז געדרונגען, אַז ווען אימיצען קומט ביי אַ צווייטען אַ הונדערטער (אַ געוויסע סומע), און ער ווייסט, אַז יענער האָט נישט אָפּצוגעבען, טאָר ער, דער מלוה, זיך נישט ווייזען פאַר׳ן בעל חוב, ווייל עס שטייט: לא תהי׳ לו כנושה, זאָלסט אים נישט זיין ווי אַ מאָנער״ (מנין לנושה בחברו מנה ויודע שאין לו, שאסור לעבור לפניו, תלמוד לומר, לא תהי׳ לו כנושה).

דאָ זעט מען ווי די תורה לערנט, אַז נישט בלויז טאָרסט נישט דריקען אַ געדריקטען מענש מיט מאָנען ביי אים אַ חוב, וואָס ער האָט נישט אָפּצו־געבען, נאָר טאָרסט אפילו אים נישט דערמאָנען וועגען דעם מיט דיין אַנווע־זענהייט. קומט אויס, אַז בעת געוויינליך באַהאַלט זיך אויס אַ בעל־חוב פאַר דעם, וואָס ער איז אים שולדיג, איז לויטן מוסר פון תלמוד, דאַרף גאָר דער מלוה זיך באַהאַלטען פאַר׳ן בעל חוב. דאָס איז נישט בלויז מוסר, צי אַ מדת חסידות, וואָס איז לפנים משורת הדין — דאָס איז טאַקע דער דין.

***

ונשיא בעמך לא תאור... — „און אַ פירער אין דיין פאָלק זאָלסטו נישט שעלטען״... (כ״ב, כ״ז).

פרעגט זיך: עס ווערט דאָך אָנגעזאָגט ואהבת לרעך כמוך, אַז דו דאַרפסט יעדען ליב האָבען, ווי אַזוי־זשע איז מעגליך גאָר שעלטען? נאָר נאָך ליב צו האָבען אַן עסקן, אַ מנהיג — דאָס וואָלט שוין געווען צופיל פאַרלאַנגט, זאָגט מען אָן: ליב האָבען, מילא, — אָבער שעלט אים כאָטש נישט...

***

מלאתך ודמעך לא תאחר (כ״ב, כ״ח). רש״י טייטשט, אַז מלאתך מיינט מען, פון דער „פולקייט״ פון דיין תבואה, מלאָה, דאָס הייסט ביכורים, דמעך מיינט מען תרומה, רש״י גיט דאָ צו אויף זיין אייגענטליכען באַשיידענעם אופן: ואיני יודע מהו לשון דמע — „און איך ווייס נישט וואָס דער אויס־דרוק דמע מיינט דאָ״.

רש״י האָט זיך נישט געשעמט צו זאָגען איני יודע. רבי חיים בריסקער, זצ״ל, האָט געזאָגט, אַז אַ גדול איז דער, וואָס קען זאָגען „איני יודע״, און — נישט אַלע קשיות איז מען מחויב צו פאַרענטפערען . . .

אָבער אין ספר „זית רענן״ ווערט געזאָגט דערויף פאָלגענדער טייטש: מ ל א ת ך — ווען דו ביזט מנדר ווען עס איז פול ביי דיר, ווען דיין הויז איז פ ו ל מיט אַלעם גוטען און דיין האַרץ מיט שמחה; ד מ ע ך מיינט, ווען דו ביזט מנדר אין ט ר ע ר ע ן, ווען דו ביזט אין אַן עת צרה און ביזט מנדר, כדי זאָלסט געהאָלפען ווערען, ביידע סאָרטען נדרים — לא תאחר, זאָלסט נישט פאַרשפעטיגען אָפּצוצאָלען.

***

מדבר שקר תרחק... — „פון אַ פאַלשקייט זאָלסטו זיך דערווייטערן״... (כ״ג, ז׳). האָט מען אַמאָל געפרעגט רבי חיים בריסקער, זצ״ל, וועגען דער גמרא כיצד מרקדין, ווי אַזוי קען מען שטענדיג זאָגען כלה נאה וחסודה, לויט די בית הלל, עס שטייט דאָך פאַרט מדבר שקר תרחק?

האָט רבי חיים געענטפערט:

עס שטייט דאָך נישט כיצד מנגנים, אָדער כיצד שרים, נאָר כיצד מ ר ק ד י ן , „ווי אַזוי טאַנצט מען״ — איז אויב דו ווילסט זיין אַן איש אמת, ווער הייסט דיך אַרומטאַנצען?... טאַנצט מען נישט... וד״ל.

ארץ ישראל איז ווי אַזוי מ׳גרייט זיך

**ולהביאך** אל המקום אשר הכינותי — „און כדי דיך צו ברענגען צום אָרט, וואָס איך האָב אָנגעגרייט״ (כ״ג, כ׳). דער מהות פונ׳ם אָרט, פון ארץ ישראל, זאָגט ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל, איז לויט דעם ווי דו האָסט עס דיר אָנגעגרייט. יעדער האָט זיין ארץ ישראל, לויט זיינע השגות און לויט זיין רוחניות׳דיגער גרייטקייט אויפצונעמען ארץ ישראל. ולהביאך, איך וועל דיך ברענגען — אשר הכינותי, לויט די צוגרייטונגען דיינע.

ווי מיר לייענען ווייטער: עלה אלי ההרה והיה שם — „גיי־אויף צו מיר אויפ׳ן באַרג און בלייב דאָרט״. וואָס מיינט „דאָרט״? עס דאַרף דאָך זיין „דאָ״?

איז דער ענטפער: אַמאָל איז מען עולה און מען בלייבט ווי מען איז געוועזן (און פאַרקערט אויך...). דאָס מיינט והיה שם, זיי דאָרט, וואו דיין נפש־דיגע הכנה האָט דיך אַרויפגעבראַכט.

## דער דין און זין פון „עין תחת עין״

פון אַ שיעור פון הרב קלמן כהנא, שליט״א

אין דער סדרה קומט־אויף די פראַגע פון באַציאונג צווישען תורה שבכתב און תורה שבעל־פה, צווישען תנ״ך און גמרא. דאָס פּראָבלעם קומט אויף אין פסוק: עין תחת עין — „אַן אויג פאַר אַן אויג״ (שמות כ״א, כ״ד).

שטייט דאָך בפירוש „אַן אויג פאַר אַן אויג״. קומט די גמרא און זאָגט: „געלט פאַר אַן אויג״, ממון תחת עין (בבא קמא פ״ד). ווי געשיקט זיך עס? דאָס איז דאָך, אין פלוג, אַ סתירה צווישען תורה שבכתב, און תורה שבעל־פה, צווישען חומש און גמרא? אָט די פראַגע, ברענגט אויף דעם גאַנצען פּראָבלעם פון באַציאונג צווישען תנ״ך און ש״ס.

דער אויסטייטש „געלט פאַר אַן אויג״ אין דער גמרא איז ניט, חלילה, עפּעס אַן אויסבעסערונג, אַן „אַמענדמענט״ מצד די חכמי התלמוד, ניט קיין נייער „מער הומאַניטאַרער צוגאַנג״, ווי עס ווילען האָבען געוויסע משכיל׳ישע „קאָמענטאַטאָרען״, וואָס האָבען זיך צוגעטשעפּעט צו אָט דעם פסוק און צו דער גמרא. ניין, ממון תחת עין, געלד פאַר אויג, איז דער אייגענטליכער און אײנציגער פּשט אין פסוק. די חכמי התלמוד זענען געווען אַזוי פעסט איבערצייגט, אַז דאָס, און נאָר דאָס, האָט געקענט פאַרשטאַנען ווערען, אַז ווען ר׳ אליעזר האָט געזאָגט „עין תחת עין ממש״, טאַקע אַן אויג פאַר אַן אויג, האָט עס אַרויסגערופען איבעראַשונג ביי די אַנדערע תנאים. זיי האָבען אים געפרעגט מיט פאַרוואונדערונג: טאַקע אַן אויג פאַר אַן אויג ממש — ווי קען דיר איינפאַלען אפילו, אַז דאָס זאָל מיינען די תורה? ממש? סלקא דעתך?!

וואָלט ניש ט געווען דער לכתחילה׳דיגער פּשט „געלט פאַר אויג״, נאָר דאָס וואָלט געווען דער שפּעטערדיגער דרש פון די תנאים — וואָלט דאָך גאָר ר׳ אליעזר זיך געדאַרפט וואונדערן. וואָלט ע ר דאָך געדאַרפט ז י י פרעגען: סלקא דעתך? ווי קומט איר צו זאָגען אַנדערש ווי דער פסוק?

נאָר זיי האָבען געזאָגט ניש ט אַנדערש. וואָרים די דריי ווערטער, עין תחת עין, דאַרפען געלערנט ווערען אין צוזאַמענהאַנג מיט׳ן פריערדיגען פסוק. וואָרים זיי זענען אַ פאַרזעצונג פון „ו נ ת ת נפש תחת נפש״, און דער „ונתת״ גייט אַרויף אויך אויף עין תחת עין.

דערפון איז קלאָר, אַז דאָ רעדט זיך וועגן באַצאָלען. וואָרים אַנישט, וואָס הייסט „ונתת", „און זאָלסט געבען"? וואָסער געבען איז דאָ שייך? נאָר דאָס מיינט ממון תחת עין. וואָרים, וואָלט דער פסוק באמת געמיינט עין תחת עין ממש, דאָס הייסט, אויסשטעכען אַן אויג, וואָלט מען עס געזאָגט אַזוי, וואָלט געשטאַנען בפירוש „ונקרת עין תחת עין", זאָלסט אויסשטעכען אַן אויג פאַר אַן אויג". אַחוץ דעם, ווען מען אַנאַליזירט דאָס וואָרט „תחת" אין גאַנץ תנ"ך, זעט מען, אַז דאָס מיינט באַצאָלען.

צו פרשת שקלים

**פרשת** שקלים לערנט אונז וועגען תכונת הנפש פון דערהויבונג דורך געבען.

דער מחצית השקל לערנט צוויי זאַכען. ערשטענס, בנוגע דעם א י כ ו ת, וועגען ו ו י א ז ו י געבען. צווייטענס, בנוגע כ מ ו ת, וועגען ו ו י פ י ל געבען. בנוגע דעם ערשטען רעדט מען וועגען מטבע של אש. געבען אַזוי, אַז עס זאָל זיך אָפּשפּיגלען אין דער נתינה דאָס פייער פון'ם נדבנ'ס נשמה. בנוגע דעם „וויפיל" ווערט געבאָטען מ ח צ י ת השקל, אַ האַלבער שקל.

כדי צו לערנען, אַז קיין מענש איז נישט גענוג פאַר זיך אַליין. אפילו ווען דו גיסט אַ מטבע של אש, דאַרפסטו נאָך אָנקומען צו אַן א נ ד ע ר ע ן איד ער זאָל דערגאַנצען מיט דער אַנדערער העלפט פון דעם שקל. דער רייכס־טער דאַרף נאָך אָנקומען צום אָרימען פאַר דער אַנדערער מחצית השקל, דער ברייטהאַרציגסטער מוז נאָך אָנקומען צו כלל־ישראל.

זה יתנו... בשקל ה ק ו ד ש — „דאָס זאָלען זיי געבען... אין הייליגען שקל", ווערט געבאָטען. געלט איז דאָך נישט דווקא קדושה. אַמאָל איז עס דאָך גאָר ווייט פון קדושה. אָבער מען קען עס פאַרוואַנדלען אין הייליגקייט. אַ פשוט'ע מטבע, ווען זי ווערט געגעבען אויף אַ הייליגע צוועק, קען ווערען אַ שקל הקודש.

דער אַקט פון געבען, ווען עס ווערט געגעבען פאַר אַ גוטער זאַך, איז אַ רעליגיעזער אַקט, אַן עבודת הקודש, לערנט אונז די פרשה פון שקלים.

אין דער הפטרה פון פרשת שקלים (אין מלכים ב', קאַפּיטלען י"א־י"ב), רעדט זיך ווי אַזוי עס איז א ו י ס ג ע פ י ר ט געוואָרען דאָס געבאָט פון שקלים אין דער צייט פון מלך יהואש און כהן גדול יהוידע.

אין פאַרלעצטען פסוק פון דער הפטרה לייענען מיר: כי באמונה הם עושים — „וואָרים מיט אמונה טוען זיי" (י"ב, ט"ז). דאָס באַציט זיך אויף די טוער פאַר'ן פאַרריכטען די מויערן פונ'ם בית המקדש, בדק הבית.

„כי באמונה הם עושים" איז די גרעסטע אויסצייכענונג פאַר טוער פאַר אידישע מוסדות. אמונה מיינט סיי ערליכקייט אין פאַרוואַלטען מיט קהל'־שע געלטער, סיי גלויבען אין דער זאַך, פאַר וועלכער מען זאַמעלט, און סיי אמונה אין פשוט'ן, ווערטערליכען זין.

מיר וועלען דאָס נאָך בעסער פאַרשטיין פון דער משנה אין שקלים.

אין דער משנה ווערט געזאָגט: באחד באדר משמיעין על השקלים ועל הכלאים — „אין ערשטען טאָג אדר רופט מען אויס אויף שקלים און אויף כלאים".

וואָסער שייכות איז פאַראַן צווישען דיביידע, צווישען שקלים און כלאים? אַחוץ דעם זענען עס צוויי ערליי סאָרטען אויסרופען. דער ערשטער, אַ פּאָזיטיווער — י אָ צו געבען שקלים; דער צווייטער, אַ נעגאַטיווער — נ י ש ט צו מאַכען כלאים. ווי פאַרען זיך די ביידע אויסרופען צוזאַמען?

היינט, ווען מען זעט ווי מען „פאַרפאַרט" אַמאָל אין „פאַנד רעיזינג", ווי דאָס געלט־זאַמלען איז אָפט נישט פאַסיג לויט'ן צוועק, און ווי נישט יעדער צוועק איז פאַסיג — איז פאַרשטענדליך דאָס וואָרענען געגען כלאים, טאַקע ביי מכריזין על השקלים.

מען האָט נעמליך, אַנגעזאָגט, אַז ביי מכריזין על השקלים זאָל נישט זיין קיין כלאים, זאָל מען נישט אויסמישען מיט זאַכען און וועגען, וואָס פאַסען נישט פאַר שקלים און זייער הייליגען צוועק. מען זאָל נישט אויסמישען קודש מיט חול, אָדער ערגער . . .

# תְּרוּמָה

### תורה דאַרף וואַקסען אויף אַ נאַטירליכען אופן

די סדרה באַהאַנדעלט דעם ענין פון מקום קדוש אַלס צענטער פון אידען. צי דאָס איז אַ משכן, אָדער בית המקדש; צי דאָס איז אַ שוהל, אָדער בית המדרש.

דער שליסעל־פסוק איז דאָ: ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם — „און זיי זאָלען מיר מאַכען אַ הייליגטום און איך וועל רוּען אין זיי" (שמות כ"ה, ו'). געדאַרפט האָט געזאָגט ווערען, לויט דקדוק, ושכנתי ב ת ו כ ו , „און איך וועל רוען אין אים", אין מקדש, און ניט ב ת ו כ ם, „צווישען זיי".

דער ענטפער איז, אַז דער מקדש, די שוהל, דער מקום קדוש, איז ניט מער ווי אַן אינסטרומענט, אַז ג־ט זאָל רוען אין מענשען, און ניט בלויז אין בנין. ווארים דער ענין מקדש איז נוגע, לויט דער באַקאַנטער ישיבה'שער טערמינאָלאָגיע, דעם „גברא" און נישט דעם „חפצא", דעם מענש אַלס סוביעקט, און נישט דעם אָביעקט צי דעם אינסטרומענט. דער „ושכנתי", די געטליכע אַנטפּלעקונג, דאַרף זיין ניט בלויז אין בנין, וואָס ער בויט־אויף פאַר געטליכקייט, נאָר אויך, און בעיקר, אין בנין, וואָס ער בויט־אויף אין ז י ך , צו וואָס דער מקדש איז אַ מיטעל.

אויב אין דער סדרה איז דאָס בלויז אָנגעוואונקען, איז עס קלאָר אַרויס־געבראַכט אין דעם קאַפּיטעל, וואָס מיר זאָגען אין דער הפטרה (מלכים א' ו', י"ב־י"ג): „דאָס דאָזיגע הויז,וואָס דו בויסט — אויב דו וועסט גיין אין מיינע חוקים, און מיינע געזעצען וועסטו טאָן, און וועסט היטען אַלע מיינע געבאָטען צו גיין אין זיי, וועל איך מקיים זיין אויף דיר מיין צוזאָג... און איך וועל רוען צווישען די קינדער פון ישראל" (הבית הזה אשר אתה בונה, אם תלך

בחוקותי ואת משפטי תעשה ושמרת את כל מצוותי ללכת בהם והקמותי את דברי אתך... ושכנתי בתוך בני ישראל).

וואָס זעען מיר דאָ? דער דגש ווערט געלייגט אויף דעם מענש, וואָס קומט אין בנין, און ניט אויפ׳ן בנין — ווי פּרעכטיג ער זאָל ניט זיין.

אין אונזער צייט איז די שוהל, די סינאַגאָגע, דער „סענטער״, געוואָרען דער מיטעלפּונקט פון אידישען ל ע ב ע ן, און ניט בלויז פון דאַווענען (אַמאָל — אָנשטאָט דעם דאַווענען...). טייל שוהלען האָבען מער מעמבערס אײדער מתפּללים. אָפט דינט דער בית התפילה אַלערליי צוועקען — אַ חוץ תפילה.

דאָס ווערט קריטיקירט פון רעכטס און פון לינקס. פון רעכטס — צו־ליב פאַרשטענדליכע טעמים. אָבער פון וועלטליכען לאַגער האָט מען פאַר־איבעל הלמאי די שוהל „מישט זיך״ אין „זייערע״ ענינים, אין פּאָליטישע פראַגען, אויף וועלכע די זעלבסט-געווילטע אויף לעבענסלענגליכען טומלען אויף „קאָנגרעסען״ און זייערע „פירער״ האָבען אַ מאָנאָפּאָל״, כידוע...

דאָ גייט ניט אין פּאָלעמיק. דאָ ווערט בלויז פעסטגעשטעלט, אַז די שוהל איז פון אור־אַלטע צייטען געווען דער מיטעלפּונקט פונ׳ם ציבור־לעבען. דאָס איז אַ היסטאָרישע אַנטוויקלונג, און אַ נאַטירליכע און געזונטע. ניט מער וואָס דער ק אָ ל ע ק ט י וו ע ר כאַראַקטער פון דער שוהל, צי פון דער סינאַגאָגע, צי פון טעמפּעל איז די סומע פון די א י נ ד י ו ו י ־ ד ו ע ל ע כאַראַקטערן פון זייערע מעמבערס.

ר׳ שמשון רפאל הירש האָט געזאָגט, אַז אין געגענזאַץ צו ניט-אידישע אמונות, איז דער איד אין שוהל אויך אַ מענש און אין דער היים הערט ער ניט אויף צו זיין אַ איד.

פון שטאַנדפּונקט פונ׳ם אַלגעמיינעם אידישען אינטערעס איז דער פאַקט, וואָס די שוהלען און סינאַגאָגעס, און נישט די קלובען, סאָסייעטיס און „אָר־גאַניזאַציעס״, זענען היינט צו טאָג דער מיטעלפּונקט פון אידישען לעבען — דווקא אַ פּאָזיטיווע דערשיינונג. ווייל די איינציגע פאַרבינדונג צווישען אידען איז פאָרט דת, צי דאָס איז אין אַמעריקע, צי אין סאָוועט רוסלאַנד. דאָס אידישע היימלאַנד אין מאָסקווע, צי אין קיעוו, איז די שוהל, און נישט דאָס „סאָ־וועטישע היימלאַנד״ — אַפילו ווען עס איז געדרוקט אין צעקלויצעטע פאַר־שוועכטע אידישע אותיות.

און דאָס ביסעל אידיש וויסען, וואָס עס איז פאַראַן — אויב עס איז פאַראַן — איז פאָרט ביים רב, צי אפילו ביים ראַבאַי, און נישט ביי די וויסטע עם-הארצים פון די „אָרגאַניזאַציעס״...

נאָך עפּעס, די שוהלען, און די ישיבות, וואָס די בײדע זענען פאַר־בונדען אײנס מיט׳ן אַנדערן, זענען ניט מער קײן פרעמד געוויקס אויפ׳ן אַמע־ריקאַנער באָדען. זײ ווערען אַלץ מער אַן אָרגאַנישער באַשטאַנדטײל פון דער אַזוי־גערופענער „אַמעריקאַנער אידישער סצענע״.

און עס דאַרף אַזוי זײן. מיר לערנען: ועשית את הקרשים למשכן עצי שטים ע ו מ ד י ם — „און דו זאָלסט מאַכען די ברעטער צום משכן פון שטים־האָלץ, שטײענדיג״ (שמות כ״ו, ט״ו), וואָס מײנט עפּעס עומדים, שטײ־ענדיג? אוודאי ווען מען שטעלט אויף דאָס משכן זענען די ברעטער שטײ־ענדיג און נישט ליגענדיג, ניט אַזוי?

לערנט דערפון די גמרא: „אַלע מצוות איז אַ מענש ניט יוצא נאָר לויט׳ן אופן פון זײער וואַקסען, ווײל עס שטײט „עצי שטים עומדים״, מײנט עס, אַז זײ שטײען אַזוי ווי זײ וואַקסען״. כל המצוות כולן אין אדם יוצא אלא דרך גדילתן, שנאמר עצי שטים עומדים, שעומדים דרך גדילתן. — (סוכה דף מ״ה, עמוד ב׳).

פשוט מײנט עס, אַז ווען מען שטעלט־אויף די ברעטער פונ׳ם משכן זאָלען זײ אַזוי שטײן ווי זײ וואַקסען, דער טײל, וואָס צום וואָרצעל־צו, זאָל זײן אַראָפּ און דער טײל, וואָס איז צו די צווײגען־צו, זאָל שטײן אַרויף. און דאָס איז גילטיג אויף אַלע מצוות. למשל, דעם לולב, די הדסים און די ערבות ביי אתרוג־בענשען דאַרפען געהאַלטען ווערען ווי זײ וואַקסען, און ניט איבער־געקערט „מיט׳ן קאָפּ אַראָפּ און די פיס אַרויף״.

אָבער דער דין האָט נאָך אַן אַנדערן לימוד, נעמליך: זאָלסט ניט בלויז א ו י פ ב ו י ע ן אַ משכן, נאָר זאָלסט אים אויך א י י נ פ ל אַ נ צ ע ן. דאָס הײסט, אַז אידישקײט זאָל ווערען אַ נ אַ ט י ר ל י כ ע ר באַשטאַנדטײל פונ׳ם לעבען. תורה זאָל ווערען אַן אָ ר ג אַ נ י ש ע ר עלעמענט פון דער סאָציאַלער און קולטורעלער סטרוקטור, פונ׳ם געזעלשאַפטליכען געבוי, פונ׳ם לעבען — דאָס, וואָס די מאָדערנע אָרטאָדאָקסיע באַמיט זיך צו דערגרײכען אין מאָדערנעם לעבען אין אַמעריקע. דאָס פאַרלאַנגט שאַפען אַ גינסטיגען קלימאַט, אַ פרוכטבאַרען באָדען, אַ פּאַסיגע אַטמאָספערע ד ו ר ך און פ אַ ר תורה.

דאָס מײנט, ניט איבערלאָזען תורה אין אַ זײטיג ווינקעל, אין אַ קרן זווית, אין אַ „זומער־הויז״ פון גלעזערנע קאַסטענס מיט קינסטליכער באַהײ־צונג, נאָר שאַפען נאַטירליכע באַדינגונגען פאַר׳ן אָרגאַנישען וואַקסען און געדײען, כדי ניט קײן עקזאָטישע, טראָפּישע, פרעמד געוויקס זאָל זײן תורה, נאָר דרך גדילתן, נאָר אויף דעם וועג פון נאָרמאַלען וואוקס.

דער דרך גדילתן איז גילטיג סיי אויף דער שוהל, סיי אויף יהדות בכלל, ווייל די גמרא זאָגט דאָך: כל המצוות אין אדם יוצא אלא דרך גדילתן.

ווי, למשל, די בית יעקב שולען, וואו אונזערע טעכטער וואַקסען נאַטירלעך, אָן דרוק, אָן אָנטרייבען און צורעדען, ווי בלומען אין אַ שיינעם זוניגען קלימאַט...

אָט דאָס איז דער טיפערער מיין פון עצי שטים עומדים, פון דער מצוה „דרך גדילתן".

די אַרכיטעקטור פון ג־ט׳ס הויז

דער משכן און מקדש, וועלכע זיינען דאָס ווערק פון מענשען, פאַר ג־ט, זענען דער היפוך — און די דערגאַנצונג פונ׳ם מענשען, וועלכער איז דאָס ווערק פון ג־ט. צוערשט האָט דער מענש א ל י י ן געזאָלט זיין אַן אָרט פאַר ג־ט׳ס גייסט, אָבער דאָס איז נישט דערגרייכט געוואָרען. וואָרים ג־ט׳ס גייסט רוט בלויז אין געציילטע. און אויך ביי זיי אין געציילטע מאָמענטען. אָבער דאָס ל ע כ צ ע נ י ש נאָך ג־ט איז פאַרבליבען אין דער נשמה פון יעדען מענשען, וועלכער איז דאָך דאָס ווערק פון ג־ט. דאָס דאָזיגע לעכצעניש איז באַפרידיגט געוואָרען אין שאַפען פונ׳ם משכן. איז דער משכן אַן אויסדרוק פון דעם מענש׳ס בענקעניש צו ג־ט.

דעריבער שטייט דאָ קחו מ א ת כ ם תרומה לה׳, נעמט פון א י י ך, פון אייער אינערליכען וועזען; פון אייער פנימות׳דיגער פערזענליכקייט שיידט אָפּ אַ תרומה צו ג־ט.

דאָס געבען פאַרבינדט דעם יחיד סיי מיט משכן אלוקים, אַלס אויסדרוק פון שטרעבונג צו העכערקייט צו דערהויבונג, סיי מיט כלל ישראל, אַלס אויסדרוק פון התחברות אין אחדות האומה.

דעריבער שוועבט איבער׳ן גאַנצען פראָזאאישען ענין פון גאָלד און זילבער אַ ה ע כ ע ר ע ר גייסט. אַ ה ת ר ו מ מ ו ת רוחניות, וואָס דריקט זיך אויס אין די ווערטער און אין סטיל פון די באַטרעפענדע פסוקים.

הערט זיך גוט איין אין קלאַנג פון אָט די ווערטער:

אשר נ ש א ו ל ב ו... אשר נדבה ר ו ח ו... אשר נשאו ל ב ו אותו ב ח כ מ ה ... ויהי זהב ה ת נ ו פ ה ... „וואָס זיין ה א ר ץ האָט אים ד ע ר ה ו י ב ע ן מיט ח כ מ ה ... און ס׳איז געווען דאָס גאָלד פון א ו י פ ה ו י ב ו נ ג ..."

זעט מען דאָ ווי די תורה האָט דערהויבען דעם פשוט'ן ענין פון געבען — וואָס איז נישט אַזוי פשוט.

דאָס זעלבע איז אויך אין ענין שקלים.

שוין דער אַריינפיר צו פרשת שקלים ווייזט אויף דערהויבונג: כי תשא את ראש בני ישראל... „ווען דו וועסט א ו י פ ה ו י ב ע ן דעם קאָפּ פון די אידען..."

אין דער מצוה פון שקלים גופא ווערען אויך באַטאָנט די אייביגע צוויי פאַקטאָרען, די א י י נ ה י י ט פונ'ם פאָלק און די ד ע ר ה ו י ב ו נ ג פונ'ם יחיד. ביידע ענינים זענען ענג פאַרבונדען, ווייל ס'איז נישטאָ קיין אחדות אָן דערהויבונג און נישטאָ קיין דערהויבונג אָן אחדות.

דאָס זענען די למודים פון דער פרשה וועגען שקלים:

ערשטענס, אַלע אידען באַשטייערן זיך צו א י י ן צוועק — וועלכער פאַראייניגט זיי אַלע.

צווייטענס, אַלע אידען ברענגען דעם זעלבען ביישטייער, איטליכער אַ האַלבען שקל. דאָס דריקט אויס די אידייע פון גלייכקייט אין קרבנות.

דריטענס, יעדער ברענגט אַ ה אַ ל ב ע ן שקל; דאָס דעמאָנסטרירט, אַז איטליכער יחיד, מעג ער זיין ווי רייך און מעכטיג, איז נישט „זעלבסט-גע־נוגענד", קען נישט אויסקומען אַליין, נאָר מוז אָנקומען צו אַ צווייטען, כדי צו ווערען גאַנץ, אַ גאַנצער איד; ער מוז אָנקומען צו כלל-ישראל נאָך שלימות.

פערטענס, ס'ליגט אין געבען קדושה; וואָס פליסט אַרויס סיי פון דעם אַ ק ט פון געבען, סיי פון דעם ג ע ב ע ר, ד. ה. פון דער אינערליכער קדושה, וואָס שטראַלט פון דער אידישער פערזענליכקייט. נישטאָ קיין קדושה אין אַ חפץ פון זיך אַ ל י י ן, סיידען דורך דער פ ע ו ל ה פונ'ם מענשען. און דער פאַקט, אַז אַ איד ק ע ן הייליגען, מקדש זיין, איז אַ באַווייז, אַז ער ב אַ ז י צ ט אינערליכע קדושה, וואָרים מ'קען נישט געבען וואָס מ'האָט נישט, — אין אדם מקנה דבר שאינו שלו או שאינו ברשותו. דערפון זעט מען, אַז ס'איז פאַראַן קדושה אין אידען.—

דאָס קען מען זען אויך פון דעם וואָס אין דער גאַנץ טעכנישער און פּראָזאַאישער, וואָלט זיך געדאַכט, פּלאַנונג און באַשרייבונג פון דעם תבנית המשכן, בנין המשכן, חזר'ט זיך איבער פיל מאָל אַ וואָרט, וואָס פּאַסט לגמרי נישט אַריין אַהער, נעמליך „לב", חכמי לב, נשאו לבו, נדבת לבם, א. אַז. וו. ווי קומט דאָ האַרץ? האָט איר שוין באַגעגענט אין אַ טעכנישען פּלאַן, אין אַ „בלופּרינט" פון אַן אַרכיטעקט פאַר אַ בילדינג, דאָס וואָרט „האַרץ"? האָט איר אָנגעטראָפען אויף „האַרץ" אין וואָסער ס'איז טעכנאָלאָגישען האַנדבוך?

נאָר דאָ זעען מיר דעם אייגנאַרטיגען יהדות־עלעמענט אין דער אַקטיוויטעט פון אַ מענשען פאַר העכערע ענינים. דאָס איז דער עלעמענט פון ק ד ו ש ה. און קדושה קומט נישט פון לאָגישער אויסגערעכענטקייט, נאָר פון רגש'דיגער דערהויבונג. קדושה קומט נישט פון קאַלטען שכל'דיגען אויס־חשבונ'ען, נאָר פון פנימיות'דיגע נשמה־קוואַלען.

איז דערצו נישט גענוג קיין חכמה, קיין קלוגשאַפט און געניטשאַפט, נאָר ס'מוזען זיין חכמי־ל ב, ס'מוזען זיין ה אַ ר ץ ־קלוגע.

דאָס איז אַן אייגנאַרטיגער באַגריף, וועלכען איר געפינט נישט ערגעץ אַנדערש, און וועלכער איז דער היפוך פון די אַנגענומענע פרינציפען אין די פראַקטישע אַקטיוויטעטען. ווער האָט געהערט פון „הארץ", פון סענטי־מענטען אין ריעל־עסטעיט, אין ביזנעס, אין בויען? און איז דאָך „עמאָציעס", דאָס הייסט נאָרמאַלע מענשליכע רגשות אַ „פאַרברעכען" אין פאָליטישע און סאָציאַלע באַציאונגען! (באַשולדיגט מען דאָך די ווידערשפעניגע געגען ברו־דערן זיך מיט דייטשען, ימ"ש, אין „עמאָציעס"...).

די מאָדערנע ציוויליזאַציע האָט באַוויזען צו פאַרוואַנדלען דעם מענש אין אַ נשמה־לאָז „שרייפעל" אין דער טעכניק, אין אַ מאַשין־טייל, אין אַ „ראָ־באָט", — יהדות האָט אַריינגעגעבען נשמה און האַרץ אין טעכנישע אַקטיווי־טעטען, אין בויען און שאַפען.

נישט דער קאָנטראַקטאָר, דער אונטערנעמער און דער טעכנישער אויס־פירער איז דער בויער פון ג־ט'ס הויז, נאָר דער וואָס באַהויכט עס מיט דער נשמה, באַשטראַלט עס מיט קדושה. נישט חירם, דער געניטער בויער און זיינע פעאיגע אַרבעטער, האָבען געמאַכט ג־ט'ס הויז פאַר ג־ט'ס הויז, נאָר שלמה המלך. נאָך „ויכל חירם לשעות את המלאכה", שטייט: והבית אשר בנה המלך ש ל מ ה לה' (מלכים א', ו'־ז').

וואָרים דער יסוד פונ'ם בניין און זיין קרוין איז: „דאָס דאָזיגע הויז וואָס דו בויסט, אויב דו וועסט גיין אין מיינע חוקים, און מיינע געזעצען וועסטו טאָן, און וועסט היטען אַלע מיינע געבאָטען צו גיין אין זיי..." הבית הזה אשר אתה בונה אם תלך בחוקותי ואת משפטי תעשה ושמרת את כל מצוותי ללכת בהם... (מלכים א', ו' י"ב).

אַזוי זעען מיר דאָ אַ גאַנץ אַנדערען פאַקטאָר אין בויען ג־ט'ס הויז, אַן אַנדערען פון די פיזישע בוי־מאַטעריאַלען — דאָס האָלץ און די שטיינער, דאָס געלט און דאָס זילבער — נעמליך, דעם מ ה ו ת פונ'ם בויער, דעם כאַראַקטער פונ'ם גייסטיגען אַרכיטעקט.

דערציילען חסידים: ווען מ'האָט פאַרענדיגט דעם בוי פון דער פרעכ־

טיגער קלויז פונ׳ם טשאַרטקאָווער רבי׳ן ר׳ ישראל פריעדמאַן זצ״ל אין טשאַרטקאָוו, האָט עמיצער געפרעגט דעם רבי׳ן: ווי אַזוי וועט מען האַלטען וואַרעם אַזאַ גרויסען בנין? האָט דער רבי צוריקגעפרעגט: „ווי באַלייכט מען אַזאַ קלויז?...״

יאָ, דער פנימיות׳דיגער מהות, אָט דאָס איז דער כוח, וואָס גיט אַריין קדושה אין בנין. אין וואָס ער ס׳איז בנין. ווי קליין איז געווען דאָס שטעטעלדיגע חסידים־„שטיבעל״, און ווי ענג איז דאָרט געווען — מן המצר קראתי י־ה — און דאָך, ווי בהרחבה׳דיג און תוכן־פול איז דאָרט געווען — ענני במרחב י־ה! און ווי פוסט און שטיקענדיג־ליידיג ס׳איז אָפט אין אַ מיליאָן־דאָלאַרדיגען טעמפעל!

די אינערליכע אויסשטראַלונג פון דער אידישער פערזענליכקייט, די טיפע נשמה׳דיגע באַלייכטונג, אָט דאָס איז דער פאַקטאָר וואָס מאַכט אַ בית הכנסת פאַר אַ מקום קדוש, פאַר ג־ט׳ס הויז.

גיבענדיג — נעמט מען

אויף ויקחו לי תרומה פרעגן די מפרשים פאַרוואָס שטייט „ויקחו״, זיי זאָלען נעמען, בעת עס האַנדעלט זיך דאָך אין געבען? דאַרף דאָך שטיין „ויתנו״, זיי זאָלען געבען.

דער „שפת אמת״ ברענגט דעם מדרש אויף דעם ערשטען פסוק פון דער סדרה, וועלכער גייט אַזוי: ויקחו לי תרומה — הדא דכתיב: כי לקח טוב נתתי לכם, „דערויף שטייט: אַ גוט נעמען האָב איך אייך געגעבען״... וואָס מיינט עס? וואָסער שייכות האָט דער פסוק כי לקח טוב מיט׳ן פסוק ויקחו לי תרומה?

איז דער ענטפער: די תורה ווערט געגעבען דעם אידען אויף אַזוי פיל וויפיל ער נעמט. ווייל די תורה איז אומענדליך און אַלץ־אַרום־נעמענדיג, אָבער דער מענש באַקומט נישט פון דער תורה וואָס זי איז, נאָר וואָס ער איז, ד. ה. אַזוי פיל וויפיל זיין אויפנאַם־פעאיגקייט גרייכט. אין חסיד׳ישער שפּראַך: ווי גרויס עס איז זיין בית הקיבול. און ווי ווייט גרייכט די אויפנאַם־פעאיגקייט? אַזוי ווייט ווי עס איז זיין ווילען אויפצונעמען (אין „שפת אמת״ לשון: „כי הכל יש בתורה רק לכל אדם ניתן לפי רצונו באמת״).

דער חידושי הרי״ם, דער ערשטער גערער רבי, האדמו״ר ר׳ יצחק מאיר זצ״ל, האָט געטייטשט ענליך: ברוך הגבר, אשר יבטח בה׳, והיה ה׳

מבטחו. „געבענטשט איז דער מענש וואָס וועט זיין זיכער אין ג־ט, וועט ג־ט זיין זיין זיכערקייט״. דאָס מיינט, אַז דער מענש איז אַזוי פיל זיכער, באַזיצט אַזוי פיל „זיכערקייט״ — וויפיל ער האָט בטחון אין ג־ט, די מאָס פון זיין זיכערקייט, דער ה׳ מבטחו, איז אָפּהענגיק פון דער מאָס פון זיין יבטח בה׳.

אַזוי איז עס אויך מיט תורה. דער איד איז מקבל אַזוי פיל תורה, פאַר וויפיל ער גרייט צו זיין אייגענעם בית קיבול, זיינע „כלים״. און וואָס זענען די כלים? דער ר צ ו ן מקבל צו זיין.

דער חידושי הרי״ם האָט דערביי געזאָגט: די חז״ל זאָגן: יגעתי ומצאתי תאמין, ווען איינער זאָגט, אַז ער האָט זיך באַמיט און האָט געפונען, זאָלסטו אים גלויבען. פרעגט זיך: מציאה מיינט דאָך אַ זאַך וואָס אימיצער געפינט פלוצים, אומגעריכט, פון זיך אַליין, בהיסח הדעת, וואו־זשע קומט יגיעה צו מציאה?

איז דער ענטפער: ווען מען באַמיט זיך שטאַרק, דאַן באַקומט מען אומ־געריכט, במתנה. מען דאַרף אָנשטרענגען דעם רצון, כדי צו באַקומען — במתנה.

דאָס מיינט דער פסוק ווען עס ווערט געזאָגט ויקחו לי תרומה און נישט ויתנו. דער כוח פון ג ע ב ע ן איז אָפּהענגיג פונ׳ם ווילען צו נ ע מ ע ן, „נעמען״ נדבנות, נעמען ברייטהאַרציגקייט, נעמען תורה, נעמען מענשליכקייט. פשוט, וואָס מער אַ מענש ווערט אויסגעאיידעלט, ד. ה. לערנט, זאַפּט זיך אָן מיט גוטע מידות — אַלץ גרעסער ווערט זיין פעאיגקייט צו געבען, און מאַ־טעריעלען זין ווי אין גייסטיגען זין.

דער כוח צו געבען איז אַ מתנת אלוקים, וואָס מען דאַרף האָבען דעם רצון, און די אידעלקייט, זי צו נעמען.

בכלל האָבען די חז״ל און די מפרשי התורה פיל פאַרטיפט און פאַר־ברייטערט דעם ענין פון געבען. און דורות אידען פון אַלע שיכטען האָבען אַזוי שטאַרק אַנטוויקעלט די דאָזיגע מידה פון נדבנות, אַז אויך אין אַמעריקע, ווען פיל פון דער גייסטיגער ירושה איז אַראָפּגעוואָרפען געוואָרען, איז גע־בליבען די מצווה און די מידה פון חסד, פון גוטס־טאָן, פון געבען מיט אַ ברייטער האַנט. די צדקה און הילף פון אַמעריקאַנער אידען פאַר זייערע ברידער איבער דער גאַנצער וועלט, איז דער ליכטיגער שטראַל אין דער חושכ׳דיגער צייט.

נאָך מער, דאָס געבען, די „פאַונד רייזינג״, די „אַפּילס״, דער „יונייטעד דזשואיש אַפּיל״, צי די ניט־יונייטעד אַפּילס, זענען געוואָרען אַ גרויסער בויענדיגער פאַקטאָר פון דעם גאַנצען ציבור־לעבען אין אידישען אַמעריקע.

די דאָזיגע מידה איז אויסגעאַרבעט געוואָרען אין משך פון דורות, דורך לערנען תורה און מקיים זיין תורה. איצט, בעת די יוגנט, די יונגע אינ־טעליגענץ, די קאַלעדזש באַיעס, כמעט אַלע אַמעריקאַנער געבוירענע, וואָס זענען אָפּגעריסען פון אידישען מקור, פון אידישען ציבור און פון אידישען עבר — ווען ז י י הויבען אָן צו בילדען דעם גרויסען רוב פון אַמעריקאַנער אידענטום, שטייט אונטער אַ גרויסען פראַגע־צייכען די גאַנצע צדקה־טעטיג־קייט, די נדבנות פון אַמעריקאַנער אידען וואָס האָט באַוויזען וואונדער.

דער נייער דור, אויסגעליידיגט פון תורה, פון אמונה — פונוואַנען זאָלען זיי געבען, אַפילו ווען זיי זענען רייך אין דאָלאַרען? זיי זענען דאָך, נעבעך, אָרים ווי די פינסטערע נאַכט — אין יהדות.

וואָרים דאָס געבען איז דאָך פאַר ועשו לי מקדש ושכנתי ב ת ו כ ם, פאַר ג־ט׳ס הייליגטום, כדי השי״ת זאָל רוען, נישט בלויז בתוכו, אין דעם מקדש, נאָר בתוכם, צווישען ז י י, צווישען די געבערס, צווישען אידען. דאַרף מען דאָך מאַכען פּלאַץ פאַר׳ן רבונו של עולם, נישט אין טעמפּעל, נאָר אין דער נשמה.

א איד איז אן ארון קודש

(פון דעם הושיאַטינער רבי׳ן האדמו״ר רבי יעקב פרידמאַן, זצ״ל, אין „אהלי יעקב״)

אויף ועשו לי מקדש ושכנתי ב ת ו כ ם — „און זיי זאָלען מיר מאַכען אַ הייליגטום און איך וועל רוען אין ז י י״, זאָגט דער של״ה הקדוש („שני לוחות הברית״ פון ר׳ ישעי׳ הלוי הורוויץ זצ״ל): עס שטייט נישט „בתוכו״, אַז ג־ט וועט רוען אין בית המקדש, נאָר „בתוכם״, וואָס דאָס מיינט: צווישען זיי, אין זיי, אין די אידען.

אין מדרש אויף תרומה ווערט געפרעגט, פאַרוואָס שטייט: ו ע ש ו את הארון — „און ז י י זאָלען מאַכען דעם ארון״, בעת ביי אַלע אַנדערע כלים פונ׳ם משכן שטייט: ו ע ש י ת — „און ד ו זאָלסט מאַכען״, דאָס הייסט, אַז משה רבנו זאָל מאַכען די כלים.

איז דער ענטפער: ג־ט האָט געזאָגט צו משה׳ן: זאָלען אַלע קומען און עוסק זיין אין ארון, כדי זיי זאָלען אַלע האָבען אַ רעכט צו דער תורה, זאָלען אַלע באַקומען תורה (כדי שיזכו כולם בתורה).

פרעגט זיך, ווי קענען ששים רבוא, 600 טויזענט מענשען, בויען אַן ארון? ענטפערט דערויף דער רמב״ן, אַז דאָס קען געשען אויף איינעם פון

די פאָלגענדע דריי אופנים: ערשטענס, איטליכער זאָל מנדב זיין גאָלד אויפ׳ן ארון; צווייטענס, זיי זאָלען העלפען בצלאל׳ן ביים בויען דעם ארון; דריטענס, זיי זאָלען מכוון זיין, זיי זאָלען געבען גייסטיגע הילף, מאָראַלישע שטיצע, ווי מיר וואָלטען עס היינט געזאָגט, צום אויפבוי פונ׳ם ארון.

פונדעסטוועגען, דאַרף מען זיך פאַרטראַכטען, ווייל ס׳איז פאָרט שווער צו פאַרשטיין. ווי קענען 600 טויזענט מענשען העלפען בויען פערזענליך? איז דער ענטפער: אידישע נשמות זענען בבחינת לוחות, זענען אידען בבחינת אָרון הקודש. געפינען מיר דאָך ביי גרויסע אידען, אַז זיי ווערען בפירוש אָנגערופען אין דער גמרא אָרון הקודש, ווי ביי רבי׳ן אין דער מסכת כתובות דף ק״ד.

איז געווען דער רצון ה׳, אַז יעדער איד זאָל שאַפען אַן אָרון הקודש — פון ז י ך.

דאָס קען געשען ווען תורה ווערט איינגעזאַפּט אין וועזען פון אַ אידען, ווי דוד המלך האָט געזאָגט: ותורתך בתוך מעי. דאָס הייסט, אַז די תורה איז געוואָרען אַן עצם פונ׳ם מענשען.

דאָס מיינט נישט בלויז לערנען תורה, נאָר איינגלידערן תורה אין מענשען׳ס מ ה ו ת, אַזוי, אַז דער מענש אַליין ווערט אַנדערש, ווערט תורה׳דיג.

עס איז פאַראַן אַמאָל, אַז אַ מענש איז באַקאַנט אין תורה, איז אַ גרויסער בקי אין תנ״ך, אָבער קיין אָרון קודש איז ער פאָרט נישט. וואָס דען איז ער? די גמרא האָט אַ באַזונדערן אויסדרוק דערויף: צנא מלא ספרי — „אַ קויבער פול מיט ספרים״. אויב אַ מענש ווערט אויסגעאיידעלט, אויסגעהייליגט דורך תורה, דאַן איז ער בבחינת אָרון קודש. אויב אָבער ער איז בלויז באַהאַוועגט אין לערנען, איז ער נאָר אַ צנא מלא ספרי, אַ ספרים־שאַנק — וואָס דאָס איז, אגב, אויך אַ מדרגה.

מיר קענען עס בעסער פאַרשטיין דורך צוויי באַציכענונגען אין דער גמרא פון צוויי גרויסע מענשען. ריש לקיש האָט מספיד געווען איינעם אין ארץ ישראל, וועלכער האָט געלערנט משנה מיט 24 שורות תלמידים. האָט ער געזאָגט: „ווי, ארץ ישראל איז פאַראָרימט געוואָרען מיט אַ גרויסען מענשען״. דאַגעגען אַן אַנדערן, וואָס האָט געלערנט ספרא, ספרי און תוספתא, האָט ר׳ נחמן בר׳ יצחק מספיד געווען אַלס „צנא מלא ספרי״. אויבענאויף זעט עס אויס ווי אויפ׳ן צווייטען איז געזאָגט געוואָרען אַ גרעסערער שבח. אין דער אמת׳ן אָבער זאָגט די גמרא: „זע דעם אונטערשייד צווישען די שטאַרקע פון ארץ ישראל און די חסידים פון בבל״ (סוטה מ״ט). דער ערשטער איז געווען

פון ארץ ישראל, איז אויף אים געזאָגט געוואָרען: גברא רבה — „אַ גרויסער מענש", דאָס הייסט, ער איז געוואָרען ג ר ו י ס דורך תורה, בעת דער צווייטער איז בלויז געוואָרען פ ו ל מיט תורה, אַ קויש פול מיט ספרים.

עס גייט דאָ נישט אין כ מ ו ת פון תורה־לערנען, נאָר אין א י כ ו ת. נישט ו ו י פ י ל איז דעצידירענד, נאָר ווי אַ ז ו י. און בעיקר, ווי אַזוי דאָס לערנען האָט געווירקט אויפ׳ן מענשען, אויף זיין אינערליכען מהות.

אַ יונגערמאַן איז געהאַט געקומען צום קאָצקער רבי׳ן, ר׳ מענדעלע, זצ"ל, און האָט זיך באַרימט, אַז ער האָט אויסגעלערנט ש"ס. האָט דער רבי אים געפרעגט: און וואָס האָט ש"ס ד י ך אויסגעלערנט?...

ווען עס רעדט זיך וועגען כ ל ל ישראל — און ביי דער עבודה פאַר׳ן משכן רעדט זיך דאָך וועגען כלל ישראל — האָט די תורה אויסגעפורעמט דאָס וועזען פונ׳ם פאָלק.

די מדרשים אויף תרומה האָבען זיך אָפּגעשטעלט מער אויף דעם אויספאָרעמען דאָס פ אָ ל ק, איידער אויף דעם אויספאָרעמען פונ׳ם מ ש כ ן. זיי האָבען געזען אין די געבאָטען אין תרומה סימבאָלישע אָנווייזונגען ווי אַזוי צו געשטאַלטען דאָס וועזען פון אידען. למשל, דער ענין פון נדבת לב, פון געבען מיט האַרץ.

שלמה׳ס שטאַטסמענערישע חכמה

מיר לייענען אין דער הפטורה אויף תרומה (אין מלכים א׳ ה׳, כ"ו):

וה׳ נתן חכמה לשלמה כאשר דבר לו — „און ג־ט האָט געגעבען צו שלמה׳ן קלוגשאַפט ווי ער האָט אים צוגעזאָגט". אין וואָס איז באַשטאַנען שלמה׳ס קלוגשאַפט, די באַרימטע „חכמת שלמה"?

ויהי שלום בין חירם ובין שלמה, ויכרתו שניהם ברית — „און עס איז געווען פרידען צווישען חירמ׳ען און צווישען שלמה׳ן, און זיי האָבען ביידע געשלאָסען אַ בונד".

די קלוגשאַפט פון שלמה׳ן איז באַשטאַנען אין דריי זאַכען: ערשטענס, אין געווינען שלום מיט די שכנות׳דיגע פעלקער; צווייטענס, אין בויען, אין אויפשטעלען דעם בית המקדש — נישט קיין „חכמה" פון דעסטרוקטיווער מחלוקת, נאָר פון קאָנסטרוקטיווען בנין; דריטענס, אין טיפער אמונה, וואָס דורך דעם האָט ער אויפגעשטעלט דאָס פאָלק.

די קלוגשאַפט פון אַ שטאַטסמאַן ווערט נישט געמאָסטען מיט די „איי־שוס", וועלכע ער פאַרשאַפט, אָדער מיט די פּראָבלעמען, וואָס ער דער־

פינדט — אין צוגאָב צו די, וואָס יעדער שטאַטסמאַן האָט סיי ווי — און נישט מיט די רייבונגען און שפּאַנונגען, וואָס ער פאַראורזאַכט, נאָר פאַרקערט, די גרויסקייט פון אַ מנהיג ווערט געמאָסטען מיט זיין פעאיגקייט אויסצוגלייכען קאָנפליקטען, פאַרגלעטען סכסוכים, אַרויסבּרענגען די פאַראייניגענדע פאַק־טאָרען פון פאָלק און שמידען די אחדות האומה.

מיר טרעפען אָן אָפּט אויף „חכמות״ פון אידישע מנהיגים, וואָס פאַר־אורזאַכען פּירוד הלבבות, אָדער פאַרשאַרפען די אַזוי אויך עקזיסטירענדיגע מיינונגס־פאַרשידענקייטען, אָדער שאַפען סתם שפּאַנונגען און סכסוכים, פּלאָ־קערן־אויף מחלוקת׳ן מיט גרופּען, וואָס „גיבען זיך נישט אונטער״... דאָס דאַרף זיין אַ סימן פון „טעטיגקייט״, פון „אַקטיוויטעט״, פון „דינאַמישער פירונג״...

אָבער נישט דאָס איז די חכמה פון פירערשאַפט. און, ווי האָט אַמאָל געזאָגט אַ קלוגער אידישער עסקן: „ווען דער עם חכם ונבון וואָלט נאָך דערצו געהאַט אַ קאַפּיטשקע שכל״... דאָס איז נאָך מער נוגע געוויסע קלוגע און איבער־קלוגע מנהיגים, וואָס עס פעלט זיי די חכמה פון פאַרשטיין יענעם, און פון פאַרשטענדיגונג מיט אַנדערש־דענקענדיגע.

שלמה המלך, באַזיצענדיג אָט די שלום־קלוגשאַפט, האָט באַוויזען צו שאַפען נישט בלויז אחדות פון פאָלק, נאָר אויך שלום און אַ בונד פון האַנ־דעלס־באַציאונגען מיט צידון און לבנון, מיט פרעמדע לענדער, נאָענטע און ווייטע. ער האָט אויפגעבויט דעם בית המקדש, און דעם „בית המקדש״ פון אַ פאַראייניגטער כנסת ישראל.

אָבער בויענדיג מיט פעסטע מאַטעריאַלען קאָלאָסאַלע בנינים, האָט שלמה דערהערט דעם געטליכען רוף וועגען ת ו כ ן פון אָט די בנינים, וועגען ו ו ע ז ע ן פון זיין מלוכה. נאָכ׳ן אויסרעכענען די אַלע בוי־מאַטעריאַלען און די וואונדער פונ׳ם בנין לייענען מיר ביים סוף:

ויהי דבר ה׳ אל שלמה, לאמור — „און עס איז געווען ג־ט׳ס וואָרט צו שלמה׳ן, אַזוי צו זאָגען״.

דער אויסדרוק „ויהי״ איז, לויט די חז״ל, אַ סימן פון צער. דבר ה׳ קלינגט ווי אַ וואָרענונג, און נישט צו זיין קעניגרייך, וואָרים עס ווערט נישט געזאָגט אל המלך שלמה, נאָר אל שלמה סתם.

און וואָס ווערט געזאָגט אין דער דאָזיגער וואָרענונג ?

הבית הזה אשר אתה בונה, אם תלך בחוקותי ואת משפטי תעשה ושמרת את כל מצוותי ללכת בהם, והקימותי את דברי אתך, אשר דברתי אל דוד אביך (ו׳, י״ב). —

„דאָס דאָזיגע הויז, וואָס דו בויסט, אויב גיין וועסטו אין מיינע געזעצען

און מיינע רעכטען וועסטו טאָן, און וועסט אָפּהיטען אַלע מיינע געבאָטען, צו גיין אין זיי, וועל איך פאַרווירקליכען מיינע רייד מיט דיר, וואָס איך האָב גע־רעדט צו דיין פאָטער דוד".

דאָס איז דער תנאי, וואָס ווערט אויסגענומען ביים אויפבויען דעם בית המקדש. דאַן קומט די געטליכע הבטחה. און עס איז אינטערעסאַנט, די אזהרה ווערט געגעבען צו שלמה'ן פּערזענליך, ווי געזאָגט פריער — אָבער די הבטחה ווערט געגעבען צו כלל ישראל. פריער הערען מיר די רייד, וואָס זענען געווענדעט צו שלמה'ן. איצט הערען מיר וועגען גאַנצען פאָלק ישראל. און דערמאָנען נישט די דאָזיגע ווערטער אין דעם אורשפּרינג־ליכען געבאָט־צוזאָג „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם" פון דער סדרה? אויך אין דער סדרה שטייט ועשו, אַז זיי, די אידען, זאָלען אויפבויען דעם בית המקדש — אין געגענזאַץ צו אַנדערע געבאָטען, וואָס זענען געווענדעט צו משה'ן. און אויך דאָ, אין מלכים, נאָך דער וואָרענונג צו שלמה'ן לייענען מיר:

ושכנתי בתוך בני ישראל ולא אעזוב את עמי ישראל — „און איך וועל רוען צווישען די קינדער פון ישראל און איך וועל נישט פאַרלאָזען מיין פאָלק ישראל" (מלכים א' ו', י"ג).

דער פּסוק אַנטהאַלט צוויי טיילען, אַ פּאָזיטיווען, ושכנתי, און אַ נעגאַטיווען, ולא אעזוב. אין ערשטען טייל ווערט געברויכט דער אויסדרוק „בני ישראל"; אין צווייטען — „את עמי ישראל", וואָס איז אַ לשון חיבה. ווי מען וואָלט געזאָגט: ולא אעזוב את עמי ישראל, יאָ בית המקדש, נישט בית המקדש — אָבער ווי קען איך פאַרלאָזען מיין פאָלק ישראל?

וואו טרעפט זיך אַ איד מיט ג־ט?

**ויקחו** לי תרומה — „און זיי זאָלען נעמען צו מיר אַביישטייערונג". דאָס וואָרט תרומה האָט זיין שורש אין „רום", דאָס הייסט, הויכקייט.

אידען האָבען אַ כוח צו דערהויבען פּשוט'ע, פּראָזאאישע ענינים צו צו הויכקייטען. פון געלט ווערט געשאַפען הייליגקייט.

די דאָזיגע אומוואַנדלונג פון גשמיות אין רוחניות, פון מאַטעריעלע זאַכען אין גייסטיגע ווערטען, איז נישט בלויז אַן אומוואַנדלונג אין אָביעקט, אין געגענשטאַנד, נאָר אויך אין סוביעקט, אין מענשען, וואָס טוט די פּעולה.

פונקט ווי עס איז פאַראַן חובת חפצא און חובת גברא, די פליכט פון אָביעקט און פונ׳ם מענטשן — אין ישיבה׳שער טערמינאָלאָגיע — אַזוי איז אויך פאַראַן אין אונזער פאַל, אין געבען תרומה, אַ ווירקונג אויפ׳ן חפץ, אויפ׳ן געלט, און אַ ווירקונג אויפ׳ן מענטשן, וואָס גיט.

די תרומה, די „אָפּשיידונג", איז אַן אָפּשיידונג צו אַ העכערן צוועק. אַ דערהויבונג צו אַ העכערער מדרגה.

און פונקט ווי ביי תרומה, וואָס ווערט געגעבן דעם כהן, שטראַלט אויס די קדושה פון דער תרומה אויך אויף דעם איבערגעבליבענעם, אַזוי איז עס אויך ביי י ע ד ע ן געבען פאַר אַ דבר טוב. דער אַקט פון געבען ווירקט הייליגענדיג סיי אויף דעם געגעבענעם און סיי אויף דעם, וואָס בלייבט ביים געבער.

נאָך מער, די דערהויבונג, דער „רום" פון תרומה, באַווירקט נישט בלויז דאָס „אָפּגעשיידטע", נאָר אויך דעם „אָפּשיידער", דעם געבער. אויך ער ווערט דערהויבן דורך דער תרומה.

אויב אַזוי מוז דערביי זיין דער עלעמענט פון אינערליכען, פרייען ווילען. דעריבער שטייט נישט ו י ת נ ו לי תרומה, וואָס דאָס וואָלט דאָך געווען אַ געבאָט, נאָר ו י ק ח ו לי תרומה, וואָס דאָס מיינט פרייוויליג געבען, ווי עס ווערט געזאָגט ווייטער: מאת כל איש אשר ידבנו לבו תקחו את תרומתי — „פון יעדען מענטשן, וואָס זיין האַרץ וועט אים באַווילליגען, זאָלט איר נעמען מיין תרומה".

דער מענטש, וואָס גיט, קומט אין אים פאָר אַ פּסיכאָלאָגישער אַקט. אַן אויסאיידעלונג־פּראָצעס. זיין אינערליך וועזען ווערט באַאיינפלוסט פון דעם מוותר זיין אויף אַ חלק פון זיין פאַרמעגען לטובת אַ הויכער זאַך. פילט איר נישט קיין התרוממות הנפש ווען איר גיט?

און באַאיינפלוסט ווערט סיי דאָס ג ע פ י ל און סיי דער ג ע ד אַ נ ק. מיר לערנען דאָ: אשר ידבנו ל ב ו. זיין האַרץ באַווילליגט אים. דאָס איז דער ערליכער אינערליכער אימפּולס. אָבער אויך דער געדאַנק, די שכל׳דיגע, לאָגישע באַרעכענטקייט — בפרט ביי „באַרעכענטע" מענטשן — דאַרף זיין דערביי. ווי די גמרא זאָגט: תרומה ניטלת ב מ ח ש ב ה — „תרומה ווערט גענומען אין ג ע ד אַ נ ק" (גיטין ל"א, א׳).

פונדעסטוועגען האָבען דווקא די בעלי מ ח ש ב ה אין יהדות פאַרגע־צויגען דעם ספּאָנטאַנעם אימפּולס איבער דעם טרוקענעם, אויסגע׳חשבונ׳טען געבען (וואָס באַרעכענט אפשר אויך דאָס אַראָפּרעכענען פון אינקאָם טעקס...).

מען האָט פאַרלאַנגט אַ מאָמענטאַנעם, שקול־ראשונ׳דיגען אָפּענטפער: „איך גיב!" אָן צו טראַכטען און באַדענקען זיך.

אין „תנא דבי אליהו" ווערט געזאָגט: כיון שאמרו ישראל נעשה ונשמע מיד אמר הקדוש ברוך הוא למשה, ויקחו לי תרומה — „ווי נאָר די אידען האָבען געזאָגט: „מיר וועלען טאָן און הערען", האָט באַלד ג־ט ברוך הוא געזאָגט צו משה׳ן: „און זיי זאָלען נעמען צו מיר תרומה".

וואָס פאַר אַ שייכות איז דאָ צווישען די ביידע, צווישען נעשה ונשמע און ויקחו לי תרומה?

נאָר פונקט ווי ביי נעשה ונשמע איז עס געווען אַ ספּאָנטאַנער ענטפער, אָן חשבונות, אַזוי דאַרף אויך ביי געבען, דער ענטפער זיין ספּאָנטאַן, אָן חשבונות: איך גיב!...

אַן אַנדער שייכות צווישען נעשה ונשמע און ויקחו לי תרומה איז דאָס:

ווי נאָר די אידען האָבען אַזוי ג ע ז אָ ג ט האָט ג־ט באַלד געבאָטען צו משה׳ן, זאָלען זיי זייער דאָזיגע אַנטשלאָסענהייט באַווייזען מיט עפּעס אַ ט אַ ט. זאָלען זיי דעם ענטוזיאַסטישען ענטפער נעשה ונשמע באַקרעפטיגען און מאַניפעסטירען מיט אַ מעשה, ויקחו לי תרומה. זאָלען זיי די טעאָריע פאַר־ווירקליכען — באַלד — אין דער פּראַקטיק. איידער עס קילט זיך אָפּ ביי זיי.

דער לימוד דערפון איז אויך, אַז מען זאָל נישט עוסק זיין אין „רעזאָ־לוציעס" — ווי דער סדר איז אויף קאָנגרעסען, קאָנווענשאָנס און קאָנפערענ־צען, וואָס זענען אָפט „במקום" מעשים, אַן ערזאַץ פון שאַפען און בויען...

בטבעות הארון יהיו הבדים, לא יסורו ממנו — „אין די רינגען פונ׳ם ארון זאָלען די שטאַנגען זיין, זיי זאָלען ניט אָפּגעטאָן ווערען פון אים" (כ"ה, ט"ו).

די שטאַנגען אין די רינגען פונ׳ם ארון האָבען געהאַט דעם צוועק צו מאַכען דעם אָרון באַוועגליך. מען האָט אָנגענומען ביי די שטאַנגען און אַזוי איבערגעפירט דעם אָרון פון אָרט צו אָרט.

פרעגט זיך אָבער: האָט מען דאָך געקענט אַוועקשטעלען ערגיץ די שטאַנגען און זיי אַריינטאָן אין די רינגען דעמאָלט ווען מען וועט עס דאַרפען, ווען מען וועט ברויכען איבערפירען דעם אָרון?

זאָגט אָבער אָן די תורה, ניין, ש ט ע נ ד י ג זאָל מען האַלטען די שטאַנגען אין די רינגען. פאַרוואָס?

כדי דער ארון, דאָס הייסט, די תורה, די שני לוחות הברית, וואָס זענען

דאָרט געלעגען, זאָלען קענען שטענדיג, און מאָמענטאַן, איבערגעפירט ווערען. די תורה זאָל זיין טראַנספּאָרטאַבעל, אַזוי צו זאָגען, אין יעדען מאָמענט.

דאָס לערנט, אַז זאָלסט נישט מיינען, אַז די תורה איז „צוגעקאָוועט" צו אַן אָרט, אָדער צו אַ צייט; אַז זי איז אָפּהענגיג פון געוויסע באַדינגונגען פון'ם לאַנד צו פון דער תקופה.

די תורה איז נישט „איינגעזעסען" אין אַ געוויס אָרט — זי איז חל אויף אַלע ערטער. די תורה איז נישט תלויה בארץ — אין ו ו אָ ס ע ר עס איז לאַנד — זי איז אויספירבאַר אין אַ ל ע באַדינגונגען.

עס איז געווען דער פאַטאַלער טעות פון די „קדמונים" אַמעריקאַנער אימיגראַנטען, אַז יהדות איז „נישט פאַר היינט" אָדער נישט פאַר דאָ, „נישט פאַר אַמעריקע", ווי מען האָט געפלעגט זאָגען אין די פריערדיגע יאָרען — נישט היינט געדאַכט... אַרויסגעוויזען האָט זיך גאָר, אַז דווקא די „ערזאַץ־ווערטען", מיט וועלכע מען האָט געוואָלט אויספילען דעם חלל — סאָציאַליזם, דאָקטרינערישער אידישיזם, אַנעמישער אַמעריקאַניזם — זענען געווען קיקיון־דיונה'דיגע פאַרבייגייענדיגע פאַסירונגען, בעת די אייביגע ווערטען זענען — אייביג.

ווי מיר לייענען ווייטער: ונועדתי לך שם, ודברתי אתך מעל הכפורת, מבין שני הכרובים אשר על ארון העדות.. — „און איך וועל זיך דאָרט אָנט־פלעקען צו דיר און וועל ריידען מיט דיר איבער'ן כפורת, פון צווישען די צוויי כרובים, וואָס איבער דעם ארון פון געזעץ".. (כ"ה, כ"ב).

זאָגט דערויף די גמרא: „וואָס מיינט כרוב? דאָס געשטאַלט פון אַ קינד" (ומאי כרוב, אמר ר' אבהו... תינוק — סוכה דף ה', עמוד ב').

און וואָס מיינט ונועדתי לך שם?

ג־ט וועט זיך טרעפען מיט אידען „דאָרט" — וואו דאָרט? וואו וועט השי"ת באַגעגענען אידען? וואו וועט ג־ט זיך מגלה זיין צו יעדען איינעם פון די אידען? מבין שני הכרובים, וואָס די גמרא טייטשט: כרוב — דאָס ג ע ש ט אַ ל ט פון אַ קינד.

די ג ע ש ט אַ ל ט ו נ ג פון דיין קינד, דאָס הייסט, דער ח י נ ו ך פון דיין קינד, באַגעגענט דיך מיט השי"ת. דער דמות תינוק, דאָס געשטאַלט פון'ם קינד, ווי אַזוי דיין קינד זעט אויס, איז קובע וועגען דיין טרעפען זיך מיט ג־ט, דיין ונועדתי לך שם (יכול כל אדם מישראל להיות כמשה). גיסטו דיין קינד אַ יהדות־דערציאונג ווערט אין דיר מקויים די געטליכע הבטחה: ונועדתי לך ש ם, „דאָרט", בין שני הכרובים, צווישען דיינע קינדער, וואָס דו דערציסט אין תורה'דיגען חינוך.

מ׳ווערט דערהויבען דורך געבען

**תרומה** קומט נאָך משפטים, כדי צו לערנען, אַז צוערשט זאָל דאָס געלט, וואָס דו גיסט אויף גוטע צוועקען, זיין לויט משפטים, דאָס הייסט: ערליך געלט, כשר געלט, קענסט נישט „רייניגען״ נישט־ערליך געלט דורך „טשאַריטי״...

דורךביישטייערן צו הייליגע צוועקען ווערט מען נשמה׳דיג צוגעבונ־דען צו די מוסדות, אינסטיטוציעס און ענינים, אין וועלכע מ׳לייגט אַריין געלט, אין וועלכע „מ׳אינוועסטעסט״.

די מפרשים פרעגען: פאַרוואָס שטייט „ויקחו לי תרומה״, „איר זאָלט נ ע מ ע ן״ און נישט ויתנו לי תרומה, „איר זאָלט ג ע ב ע ן פאַר מיר תרומה״?

זענען פאַראַן פאַרשידענע אויסטייטשונגען.

די בעסטע פון זיי איז פאַרט רש״י׳ס. רש״י זאָגט: לי — לשמי, דאָס הייסט, אַז דאָס געבען זאָל זיין לשם שמים.

ווערט טאַקע דערפאַר געזאָגט „ויקחו״ און נישט „ויתנו״ ווייל די ג ע ב ע ר מיינען דאָך זיכער ערליך, זיי גיבען דאָך זיכער לשם שמים (דע־מאָלט איז נאָך נישט געווען די מחלה פון ביליגער פובליסיטי פאַר נדבנים...), דאַרף מען אָנזאָגען בלויז די נ ע מ ע ר, אַז זיי זאָלען נעמען לשם שמים, לי — לשמי.

אַ אידיש הויז — אַ הייליג הויז

**ועשו** לי מקדש ושכנתי בתוכם (כ״ה, ח׳), „זיי זאָלען מיר מאַכען אַ בית המקדש און איך זאָל רוען צווישען זיי״. דורך דעם געבען אויף הייליגע ענינים, דורך ועשו לי מקדש, רוט ג־ט אין זיי: ושכנתי בתוכם. וואוינט ג־ט אין זייערע הערצער און אין זייערע הייזער. וואָרים ס׳שטייט דאָך נישט „ושכנתי בתוכו״, נאָר ושכנתי „בתוכם,״ דאָס מיינט צו זאָגען, אַז אין זיי אַליין, צווישען זיי אַליין, און נישט בלויז אין בית המקדש, וועט השי״ת וואוינען.

רבי שמשון רפאל הירש זצ״ל האָט געזאָגט, אַז אַ קריסט איז אַ קריסט בלויז אין טשוירטש, אין קירכע; אָבער אַ איד איז אַ איד נישט בלויז אין בית התפילה, נאָר אויך אין זיין היים.

כי ביתי בית תפלה יקרא לכל העמים, וואָס ביי די פעלקער איז בית תפלה איז ביי אידען „ביתי", מיין הויז, מיין היים. אַן אמת אידיש הויז איז אַ הייליג הויז, אַ מקום קדוש, אויך אין אַן אמת אידיש הויז רוט די שכינה.

### תורה איז נישט אָפּהענגיק פון אָרט

די בדים סימבאָליזירען די אויפגאַבע איבערצוטראָגען דעם אָרון און וואָס איז אין אים אויסער זיין תחום — ווען די שעה פאַרלאַנגט עס. דער לאו פון „לא יסורו" ביי די בדים גילט אַלס סימבאָל פון אומאָפּהענגיקייט פון דער תורה פון לאָקאַלע באַדינגונגען — וואָס איז נאָך מער בולט אין קעגענזאַץ צום שולחן און מנורה, וועלכע זענען יאָ אָפּהענגיג פונ׳ם אָרט, וואָס ביי זייערע בדים ווערט נישט אָנגעזאָגט „לא יסורו".

„ס׳ווערט דאָ אויסגעדריקט דער געדאַנק, אַז דער שולחן און מנורה — ד. ה. דאָס מאַטעריעלע לעבען און דאָס גייסטיגע אין זיין פולען שוואונג — זענען טאַקע צוגעבונדען צו ארץ ישראל — בלויז אין א״י קענען זיי דער־גרייכען די פולסטע אַנטוויקלונג — אָבער די תורה איז נישט אָפּהענגיק". (רבי שמשון רפאל הירש זצ״ל אין פירוש אויף חומש).

### משה רבנו׳ס ענוות

ווי אַזוי האָט משה רבנו געקענט זיין אַן „עניו מכל האדם על פני האדמה", ווען ער האָט געזען, אַז השי״ת רעדט דאָך פאַרט נאָר מיט אים פנים אל פנים, און נישט מיט קיין אַנדערען?

דערויף האָבען מיר באַקומען פון אַלע טיילען לאַנד אַ ריי אינטערע־סאַנטע אויפקלערונגען פון בני תורה און בעלי רעיון:

ר׳ בנימין מאַלאָוויצקי, מאָנטרעאָל, קאַנאַדע, ברענגט דערויף אַן ענט־פער פון הגאון רבי אברהם גראָדזענסקי, הי״ד, דער משגיח פון סלאָבאָדקע, וועלכער האָט זייענדיג אין דער קלעצקער ישיבה, געזאָגט אַזוי: דער פסוק זאָגט נישט, אַז משה האָט נישט געוואוסט פון זיין גרויסקייט; ער האָט יאָ געוואוסט. אַיי, ווי אַזוי האָט ער געקענט זיין אַן עניו מכל האדם? ווייל ער האָט געהאַלטען, אַז אין כלל ישראל זענען פאַראַן די גרעסטע און בעסטע און שענסטע מדות. איז די גרויסקייט פונ׳ם גרעסטען י ח י ד גאָרנישט לגבי דער גרויסקייט פון כ ל ל ישראל. דעריבער האָט משה געקענט זיין אַן עניו מ כ ל

האדם; ער האָט זיך געהאַלטען קלענער פון דער גאַנצקייט פון כנסת ישראל. דער ג ר ע ס ט ע ר פון אַלע אידען איז נישט גרעסער פון אַ ל ע אידען צוזאַמענגענומען.

ר׳ יצחק טיקטין, תלמיד פון מתיבתא רבנו יעקב יוסף אין ניו יאָרק, ברענגט אַן אויסטייטשונג פון זיין גרויסען זיידען, הגאון ר׳ יצחק טיקאָ־צינסקי זצ״ל פון ירושלים: משה איז געווען אַן עניו, ווייל השי״ת האָט אים אויסגעקליבען מכל האדם, פון צווישען כלל מענשען, פון פ ש ו ט ׳ ע מענשען — און נישט פון י ח י ד י סגולה, כדי צו ווייזען, אַז כ ל אָדם, יעדער מענש קען קומען צו הויכע מדרגות אין תורה, יכול כל אדם להיות כמשה רבנו.

(לאָמיר דאָ ציטירען פרעזידענט איינברעהעם לינקאָלן: „ג־ט האָט ליב דעם פשוט׳ען מענש — אַ סימן — ער האָט באַשאַפען אַזוי פיל פון דעם סאָרט״ . . .).

מרס. פעסע רבקה וויינשטאָק, טאָראָנטע, קענעדע, שרייבט, אַז משה׳ס נאָענטקייט צום רבונו של עולם האָט אים געבראַכט צו זיין עניוות. וואָרים לגבי גדלות הבורא — ווי קליין איז דער מענש! איז ווייל ג־ט האָט מיט אים גערעדט פנים אל פנים, איז ער געווען דער עניו מכל האדם. דער באַגריף עניו מיינט דאָ לגבי השם. ווי ס׳שטייט: והצנע לכת עם ה׳ אלוקיך (מיכה ו׳ ח׳ ח׳), „און גיי באַשיידען מיט השם, דיין ג־ט״, די באַשיידענקייט איז לגבי ה׳.

לאָמיר צוגעבען פון אונזער זייט פון דעם ליובאַוויטשער געדאַנקענגאַנג. משה רבנו איז געווען אַן עניו, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז „אין עוד מלבדו״, ווי דער תניא זצ״ל טייטשט, אַז אפילו „עוד״, אַ טפל איז אויך נישט קיין שום „יש״ אַנטקעגען רבש״ע. ווי דער תניא זאָגט אויף אַן אַנדער אָרט: אתה מחי׳ את כולם מיינט ואתה מהווה, אין יעדער רגע מאַכט הקב״ה „זיין״ דעם מענשען, האָט משה רבנו געוואוסט, אַז דער כח עצמי פונ׳ם מענשען עק־זיסטירט כלל נישט. ווי דער בעש״ט האָט געזאָגט: לך ה׳ הממלכה, אפילו דאָס וואָס אַ איד איז דיך ממליך איז אויך פון ה׳. האָט משה געוואוסט, אַז דאָס וואָס ג־ט רעדט מיט אים איז דעריבער ווייל ער זעלבסט איז גאָרנישט, וואָרים וואָלט ער געפילט אַ מציאות עצמית, וואָלט עס געווען עבודה זרה. דער אויסדרוק „מכל האדם על פני האדמה״ מיינט, אַז קיין שום מענש האָט נישט געפילט אַזוי גרינטליך דעם בטול היש כלפי השי״ת ווי משה רבנו!

הרב ר׳ מאיר שאַרף, ברוקלין, נ. י. שרייבט ענליך: משה האָט באַ־

זעסען די חכמה פון בטול המציאות, (חכמה — „כח מה") לויט'ן „מגן אבות" פון אדמו"ר מקאָפּוסט זצ"ל. דעריבער האָט ער געקענט זיין אַן עניו.

הרב אהרן גרשון סינגאַלאָווסקי, דזשורזשי סיטי, נ. דזש. שרייבט: וואָס גרעסער ס'איז דער מענש אַלץ גרעסער זענען זיינע פליכטען, אַלץ מער פאַר־לאַנגט מען פון אים. קומט אויס, אַז משה רבנו, וועלכער איז געווען דער גרעסטער, האָט געפילט, אַז ס'ליגט אויף אים אומגעהויערע חובות — לגבי וועלכע ער איז קליין. דעריבער איז ער געווען אַן עניו.

דר. אברהם לעבאָוו, ניו יאָרק, האַלט, אַז וואָס גרעסער דער מענש אַלץ טיפער קען ער אַריינדרינגען אין די סודות פונ'ם קאָסמאָס, און וואָס מער ער ווייסט אַלץ קלענער ווערט ער ביי זיך. ווייל מיט'ן וואַקסען פון וויסען וואַקסט — אין פיל גרעסערער פּראָפּאָרץ — דער שטח פון אומוויסען (תכלית הידיעה שלא נדע). כי אראה שמיך מעשה אצבעותיך וכו' מה אנוש וכו'. היות משה האָט געהאַט פיל דעת איז זיין עניוות אויך געווען גרויס.

ר' משה קיימאַן, מאָנטרעי, מעקסיקאָ, ברענגט אַ וואָרט פונ'ם רבי ר' בונם זצ"ל, אַז משה האָט זיך באַטראַכט ווי אַ מענש וואָס מ'האָט אים אַרויפ־געשטעלט אויף אַ הויכען דאַך, וד"ל.

הרב אברהם בוקשפּאַן, פילאַדעלפיע, פּאַ. זאָגט, אַז עניוות איז דאָך שייך נאָר ביי אַ מענשען מיט מעלות און מדות, וואָס האָט אויף וואָס באַשיידען צו זיין, אַנישט — מיט וואָס קען ער זיין אַן עניו. קומט דאָך אויס, אַז וואָס גרעסער דער מענש אַלץ גרעסער זיין עניוות.

ר' יואל סעלצער, לאָורעלטאָן, ל. אַ. שרייבט: „משה רבנו האָט געזען אַז השי"ת האָט זיך באַוויזען צו אים אין סנה און נישט אין אַ הויכען בוים; אַז השי"ת האָט געגעבען די תורה אויפ'ן הר סיני, אויף אַ נידעריגען באַרג און נישט אויף אַ הויכען — האָט ער פאַרשטאַנען, אַז השי"ת איז נישט מיט די וואָס האַלטען זיך גרויס; אַז השי"ת איז מיט די קליינע. דעריבער, אויב ג־ט איז נאָענט צו אים, צו משה'ן, איז עס ווייל ער איז קליין. איז ער געווען אַן עניו.

ר' ג. לעפקאָוויטש, ברוקלין, ברענגט אַן ענטפער פונ'ם אבן עזרא: „במשקל שלו והטעם שלו בקש גדולה על אחיו", וואָס דאָס מיינט, אַז זיין עניוות איז געווען לויט זיין מדרגה. זע דעם פירוש פונ'ם „תפארת ישראל" אויף מאוד מאוד הוי שפל רוח: „עניו הוא המכיר גדולת ערכו, בעל שפל רוח הוא שלבו נשבר בקרבו בידעו כל חסרונותיו". קומט אויס וואָס גרעסער די מדרגה — אַלץ גרעסער די עניוות.



מ׳דאַרף אויך ליכט אויפ׳ן חורבן

פינף ענינים:

איינס, די אייביגקייט פון ליכט, וואָס דאַרף באַלייכטען סיי דעם בית המקדש, סיי דעם ח ו ר ב ן בית המקדש.

צוויי, מ׳דאַרף רעדען צו יעדען אין ז י י ן שפּראַך.

דריי, נעמען זאָל מען מיט ח כ מ ה און מיט ה אַ ר ץ.

פיר, עס ליגט אַ זין אין אַ נ אָ מ ע ן.

פינף, ג ע ד ע נ ק ע ן איז אַ יסוד פון יהדות און פון אידישען קיום.

איצט לאָמיר לערנען די פּרשה חומש, און זען אינעווייניג אָט די פינף ענינים:

איינס — אָנהייבען הייבען מיר אָן מיט „אויפצוברענגען אַ שטענדיג ליכט", להעלות נר תמיד, און ענדיגען די קריאה ענדיגען מיר ווען ס׳פאַלט פּרשת זכור, מיט דער פּרשה פון געדענקען. די תורה זאָגט אָן דאָפּעלט די אייביגקייט פונ׳ם ליכט. איין מאָל „נר תמיד", אַן אייביג ליכט, און דאַן: „אַן אייביג געזעץ פאַר זייערע דורות פון די קינדער פון ישראל", חוקת עולם לדורותם מאת בני ישראל (שמות כ״ז, כ״א). פאַרוואָס דער דאָפּעלטער געבאָט?

ווייל פונ׳ם נר תמיד, דעם שטענדיגען ליכט, ווערט אַן אייביג ליכט, אויף דורות, לדורותם. דער נר תמיד וועט איבערדויערן דעם בית המקדש. דאָס ליכט, דאַרף, נעמליך, באַלייכטען סיי דעם בית המקדש און סיי דעם ח ו ר ב ן בית המקדש. אויך דער חורבן טאָר ניט פאַרזינקען ווערען און פינסטערניש. אויך דער חורבן טאָר ניט פאַרהילט ווערען אין פאַרגעסענקייט. בנוגע אונזער חורבן פון אידישען פאָלק אין אייראָפּע, טאָר דער תהום ה כ ל י ה נישט ווערען אויך אַ תהום ה נ ש י ה. דער אָפּגרונט פון א ו מ ק ו ם טאָר

נישט זיין אויך דער אָפּגרונט פון פ אַ ר ג ע ס ע ן. מען דאַרף געדענקען דעם אומקום פון אידען אין אונזער צייט, און ו ו ע ר עס האָט אים דורכ־געפירט.

דאָס געדענקען דעם חורבן בית המקדש איז תמיד געווען דער נר תמיד, וואָס האָט באַלויכטען מיט גאולה־בענקשאַפט און מיט גאולה־וויזיע. און דאָס פאַרגעסען דעם חורבן — אויך דעם חורבן פון גלות אין אונזער צייט, וואָס איז גרעסער פון דעם חורבן בית המקדש — קען, חלילה, ברענגען חורבן.

רעליגיעזע אידען געהערען ניט צו דער „חברה שכחה״, ווייל דאָס איז געגען דער תורה. פאַרגלייכט, למשל, דאָס פּרעדיגען שכחה לגבי דעם פויפּסט פּיוס דעם צוועלפטען, פונ׳ם דירעקטאָר דווקא פון „ים ושם״, וואָס דאַרף עוסק זיין אין דערמאָנען.

די גמרא דערמאָנט, ניט בלויז דעם חורבן, נאָר אויך די מ ח ר י ־ ב י ם — אָבער וועגען דעם ביים פרשת זכור.

צוויי — רעדען צו איטליכען אין זיין שפּראַך. צו די אידען אין אַלגעמיין דאַרף מען באַפעלען: ואתה תצוה. צי די האַרץ־קלוגע, צו די חכמי־לב, דאָס הייסט די, וואָס ניט בלויז זיי פאַרשטייען מיט׳ן מוח, נאָר זיי פילען אויך מיט׳ן האַרץ — צו די איז געגוג צו רעדען: ואתה תדבר אל כל חכמי לב — (שמות כ״ז, כ׳; כ״ח, א׳־ג).

דריי — וועגען נעמען מיט קלוגשאַפט און מיט האַרץ: ואתה תדבר אל כל חכמי לב... ועשו — „און דו זאָלסט רעדען צו אַלע קלוגע אין האַרצען... און זיי זאָלען טאָן״ (שמות כ״ח, ג׳־ה). מיר געפינען אויך דעם זעלבען אויס־דרוק אין פסוק: חכם לב יקח מצוות — דער קלוגער אין האַרצען וועט נעמען אַ מצוה״. וואָס די גמרא זאָגט דערויף, אַז דאָס גייט אַרויף אויף משה רבנו, וואָס בעת אַלע אידען האָבען גענומען די ביזת מצרים ביים אַרויסגיין פון מצרים, האָט משה מיטגענומען יוסף׳ס ביינער זיי אַריבערצופירען קיין ארץ ישראל. (משלי מ׳, ח׳).

לערנען מיר, אַז מען דאַרף האָבען חכמה צום נעמען, צו וויסען וואָס צו נעמען, און ווי אַזוי, און נישט סתם זיין אַ „פּאַנד רעיזער״ און כאַפּען וואָס מער פאַר וואָס ווייניגער וויכטיגע צוועקען און מיט וואָס ווייניגער אָנשטענ־דיגע מעטאָדען, וד״ל.

פיר — עס ליגט אַ זין און אַ מיין אין נאָמען. מיר לערנען: ונשא אהרן את שמות בני ישראל בחושן המשפט על לבו — „און אהרן זאָל טראָגען דעם משפט פון די אידען אויף זיין האַרץ״ (שמות כ״ח, כ״ט־ל׳).

זעט מען, אַז אין נאָמען ליגט מער ווי אַ בלויזע באַצייכענונג — עס

ליגט דאָ דער מהות פון מענשען, זיין „משפט", ווי דער פסוק דריקט עס אויס, וואָס דאָס מיינט: דער וועזען און גורל פון אידען. דעריבער איז אַזוי וויכטיג דער נאָמען, אַז דאָס גאַנצע צווייטע ספר פון חומש, דאָס ספר פון יציאת מצרים, פון די עשרת הדברות, הייסט „שמות". ווי מיר האָבען עס אַרויס־געבראַכט אין דער סדרה שמות.

פינף — וועגען געדענקען, און דאָ האַלטען מיר שוין ביי פרשת זכור. קיינמאָל פריער האָב איך נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס האָט מען געדאַרפט אַזוי פיל מאָל אָנזאָגען ביי עמלק'ן „געדענק!" אַזש דריי מאָל אין יאָר לייענען מיר די פרשה זכור, אין בשלח, אין כי תצא און ווידער אין פרשת זכור. אין דער פרשה גופא ווערט אָנגעזאָגט: געדענק! זכור. זאָלסט נישט פאַרגעסען, לא תשכח! און אַז עס איז אַ מלחמה פון דור צו דור. צו וואָס דאָס אַזוי פיל אָנזאָגען, באַפעלען, דערמאָנען? פאַרוואָס אַזוי פיל וואָרענען?

אפילו נאָך אונזער חורבן דורך די דייטשען, האָב איך עס נאָך אַלץ ניט באַנומען. ווי ק ע ן מען דען פאַרגעסען? ווער עס האָט איבערגעלעבט די דייטשע רציחות — איז מעגליך, אַז ער זאָל זיי ניט געדענקען ביז'ן לעצטען אָטעם?

היינט פאַרשטייען מיר עס. ווען דער טייוולאָנישער געבעלס־אַפּאַראַט, וואָס איז איבערגעגאַנגען אינגאַנצען צום אַדענאַוער־ערהאַרד ו'עזשים, באַ־וועגט, מיט דער מיטאַרבעט פון געוויסע אידען, דעם עקלהאַפּטסטען שכחה־קאַמפּעין אין דער היסטאָריע — דאַרף מען האַלטען אין איין דערמאָנען.

ריזיגע סומעס, מעכטיגע פאַרבינדונגען, דייטשע „גענייטקייט" אַרבעטען אוימאויפהערליך פאַר פאַרגעסען־מאַכען. און אפילו דער „יד־ושם" דירעקטאָר האָט באַזייטיגט פונ'ם יזכור נאָך די קדושים דאָס דערמאָנען די רוצחים, די דייטשען. אַקעגען זיי שטייען איינצעלנע, הילפלאָזע און שוואַכע ניט־פאַר־געסער — פונקט ווי די שוצלאָזע אידען אין געטאָ אַקעגען דער אומגעהויער מאַכט פון די דייטשען. טאָרען די דערמאָנער ניט מיד ווערען, און טאָרען זיך ניט שרעקען!

וואָרים דאָס איז דער הייסעסטער וואונש, דער לעצטער, פון די מאַר־טירער! וואָרים דאָס איז די צוואָה פון אונזערע קדושים! געדענקט, אידען, געדענקט, אָט דאָס איז געווען זייער לעצטער גסיסה־געשריי.

און דעם לא־תרצח־פאָלק האָט די תורה געבאָטען קיינמאָל ניט שלום מאַכען מיט'ן רוצחים־פאָלק. ביטאָ דעריבער קיין שלום צווישען איד און דייטש! אפילו ווען ס'זענען פאַראַן דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען!

ווייל אַנדערע פעלקער וועלען שוין ווי נישט איז קומען צו אַן עמק

השוה מיט'ן דייטש. זיי האָבן באַלד זיך אויסגעגליכן מיט עמלק'ן. אפילו די פרייע פעלקער, וואָס זענען געגאַנגען אין מלחמה און געבראַכט קרבנות, כדי צו באַזיגען דעם עמלק־דייטש, האָבן באַלד זיך איבערגעבעטען מיט אים, גלייך ווי עס וואָלט זיך געהאַנדעלט אין עפּעס אַ קליינעם „אינצידענט״, אין אַ פאַרגענגליכען „עפּיזאָד״־צי — אין אַ נאָרמאַלער מלחמה. ניט בלויז האָט מען שלום געמאַכט מיט עמלק'ן און מען האָט אים אַרויפגעקלעפּט נייע, אָדער אַלט־נייע, „עפּאָלעטען״, נאָר מען האָט אים אויך געמאַכט מעכטיג און רייך — אין צוגאָב צום אַנגערויבטען פאַרמעגען פון זיינע אידישע קרבנות — און מען האָלט אפילו ביי אַריינגעבען אין די בלוטיגע לאַפּעס פון דער גרויליגסטער חיה אַטאָם־וואָפען! (מען באַרעכענט זיך אפילו נישט, אַז דאָס מיינט דאָך געבען דאָס געפערליכסטע געווער ניט בלויז צו די כלומר'שטע „גוטע״ דייטשען, נאָר אויך צו אָבערלענדער'ן, גלאָבקע'ן, קריגער'ן, די באַוויזענע רוצחים־מיניסטאָרען!)

אויב אַזוי, איז ווען מ י ר וועלען פאַרגעסען — ו ו ע ר וועט געדענקען? אויב אויך אידען וועלען זיך ברידערן מיט עמלק'ן — ו ו ע ר וועט געגען אים וואָרענען? אויב אויך דער קרבן וועט דעם תליין ליבען און הייבען ו ו ע ר וועט אויף אים אויסקריצען דעם קין־צייכען? אויב אויך דער איד וועט שלום מאַכען מיט'ן דייטש — ו ו ע ר וועט אים שטיין אין וועג אין זיין מאַרש צו ווידער באַהערשען און ווידער ברענגען אַ בלוטיגען מבול און וועלט־חורבן?

דעריבער זאָלען מיר זאָגען שבת פ' זכור מיט מער כוונה אָט די תפילה פון יוצר לפרשת זכור:

עברתם שמורה נצח מלשכחה, ספרם חתום ליום תוכחה —

„אָפּגעהיט איז זייער צאָרן אויף אייביג ניט צו פאַרגעסען,
זייער בוך גע'חתמ'עט איז צום טאָג פון שטראָף!״.

דאָס אָנצינדען די מנורה אין בית המקדש פון אידישע נשמות

**ואתה** תצוה... זעלטען איז אַזוי געגעבן אַזוי געווען און בפרטיות אָנגעזאָגט געוואָרען וואָס, ווען, ווער און ווי אַזוי צו טאָן, ווי ביי דעם אָנצינדען די מנורה. אַזש צוויי סדרות הויבען זיך אָן מיט דעם געבאָט פון אָנצינדען די מנורה, דאָ, תצוה, און בהעלותך. די תורה זאָגט אָן דאָ: „ויקחו אליך שמן זית זך, כתית למאור, להעלות נר תמיד — „זיי זאָלען דיר ברענגען ריינעם, געשטויסענעם בוימעל פאַר דער לייכטונג, אויף אָנצינדען אַ ליכט תמיד״.

און דאָן ווייטער: **באהל מועד מחוץ לפרכת, אשר על העדות יערוך אותו אהרן ובניו, מערב עד בוקר, לפני ה׳** — „אין אהל מועד, דרויסען פון פרוכת, וואָס פאַר די לוחות העדות, זאָל אהרן און זיינע קינדער עס איינ־ריכטען״.

אין בהעלותך, ווידער, ווערט געזוי אָנגעוויזען ווי אַזוי אָנצוצינדען און ווי אַזוי די מנורה דאַרף זיין: **בהעלותך את הנרות...**

און דאָן: **וזה מעשה המנורה** — „און דאָס איז דער ענין פון דער מנורה״.

און נאָך דעם אַלעמען האָט משה דאָך נישט באַנומען דעם ענין פון דער מנורה. רש״י זאָגט פונ׳ם ספרי, אַז משה האָט געהאַט שוועריגקייטען ביים פאַרשטיין די מנורה, און השי״ת האָט אים געמוזט ווייזען אַ מוסטער פון אַ מנורה.

איז שווערליך צו פאַרשטיין. משה רבנו וואָס זיין מוח האָט משיג געווען די העכסטע מיסטעריעס פון געטליכקייט; משה רבנו, וואָס זיין שכל האָט אַריינגעדרונגען אין די טיפסטע סודות פון וועלט און באַשאַפען, און וואָס האָט פאַרשטאַנען יעדען דינסטען רמז, יעדע קלענסטע אַנדייטונג, איז, ווען עס איז געקומען צו מנורה, האָט ער עס נישט געקענט באַנעמען — טראָץ דעם, וואָס מען האָט אים בפירוש, גענוי און בפרטיות אַלץ געלערנט און אויפגעקלערט. ווי געשיקט זיך עס? ווי קען מען פ אַ ר ש ט י י ן משה׳ס נ י ש ט־פאַרשטיין?

נאָר דאָס אָנצינדען אַ מנורה, אין סימבאָלישען זין, מיינט דאָך לאָזען אויפלייכטען אַ ליכט אין מענשליכע נשמות. דאָס איז אַ גאָר אידעלע מלאכה. דאָס איז גאָר אַ דעליקאַטער און הויכער ענין.

די השפעה, וואָס אַן אויפלייכטער, דאָס הייסט, אַ מדריך, אַ משפיע, אַ מחנך, האָט אויף מענשען, איז אומקאָנטראָלירבאַר. דאָס מיינט, אַז דער משפיע קען נישט אויסרעכענען גענוי ווי אַזוי זיין השפעה וועט אַבסאָרבירט ווערען אין דעם וועזען פונ׳ם מושפע. דער משפיע איז אויך נישט אימשטאַנד צו קאָנ־טראָלירען די רעזולטאַטען פון זיין השפעה ביז די לעצטע קאָנסעקווענצען.

דאָס איז פונקט ווי איינער לאָזט אַרויס אַ פייל פון אַ בויגען — נאָך דעם ווי די פייל איז אַרויסגעלאָזט, קען דער צילער זי מער נישט קאָנטראָ־לירען. אָבער פאַראַנטוואָרטליך איז ער יאָ, לויט׳ן דין. ווי די גמרא באַצייכענט עס „אשו משום חצו״, אַז אַ מענש צינדט אָן אַ פייער איז ער פאַראַנטוואָרטליך פאַר די שאָדענס, וואָס ווערען פאַראורזאַכט אפילו אומדירעקט, פונקט ווי איינער וואָס שיסט אַרויס אַ פייל.

בכלל לעבען טאַטען מיט זייער אייגענעם לעבען. אָפט איז דער מענש נישט מער קיין בעל־הבית איבער אַן אָפגעטאָענער טאַט. די טאַט ווירקט נישט תמיד לויט דער כוונה און לויט דעם ווילען פונ׳ם טוער, נאָר מיט איר אייגענער ווירקונג. די רעזולטאַטען פון אַ מענשענ׳ס מעשים זיינען בכלל שווער צו קאָנטראָלירען.

אַ קל־וחומר, ווען אַ מענש באַאיינפלוסט גייסטיג אַנדערע מענשען, קען ער אוודאי נישט קאָנטראָלירען אַלע קאָנסעקווענצען פון אָט דעם איינפלוס. וואָרים דער באַאיינפלוסטער איז דאָך נישט קיין אויטאָמאַט. ער פאַרדייעט אָרגאַניש די השפעה אויף זיין אייגענעם שטייגער, לויט זיין אינדיווידועלען כאַראַקטער און לויט זיינע פּערזענליכע השגות.

דאָס, די דאָזיגע זעלבסטשטענדיגע פערמענטירונג, איז אייגענטליך דער צוועק פון יעדער פאַרשטענדיגער השפּעה, וועלכע איז נישט, און דאַרף נישט זיין, קיין „מינקת" אויף שטענדיג. ווי רש"י זאָגט עס אין בהעלותך: שצריך להדליק עד שתהא שלהבת עולה מ א ל י ה — „ער דאַרף אַזוי צינדען, אַז דער פלאַם זאָל אויפגיין פון ז י ך אַ ל י י ן".

דעריבער דאַרף מען זיין זער פאָרזיכטיג ביי משפּיע זיין גייסטיג. דעריבער דאַרף מען זיין זער געוואָרענט ביי געשטאַלטען אידייען, אַרויסזאָגען מיינונגען, בפרט אין דער עפענטליכקייט.

נישט אַלע הענדלער מיט „עפענטליכער מיינונג", צי מיט „געראַנגלען"; נישט אַלע שרייבער, רעדנער, פּאָליטיקער, מנהיגים און פּסעוודאָ־מנהיגים — פילן דאָס דאָזיגע אחריות. און ווייניג באַזיצען דעם טאַלאַנט, דאָס וויסען און די ערליכקייט צו זיין „באַלייכטער", אָדער דערציער.

לאָמיר זאָגן, למשל, אַ קינסטלער סקולפּטאָר. ער באַזיצט קודם־כל טאַלאַנט, אַמאָל גאונות, און דערנאָך שטודירט ער גרינטליך די פאָרמען און די נאַטור און די אַנאַטאָמיע פונ׳ם אָביעקט, וואָס ער גייט אויסשניצען (פון אַבסטראַקטער קונסט רעדט זיך ניט — דאָס איז צו אַבסטראַקט פאַר אונז...); נישט יעדער פּאַרטאַטש וועט זיך נעמען דערצו. און נאָך דעם אַלעמען קומט אַרויס אַ — טויטע פאָרם, אַ קינסטליכע געשטאַלט — אויב עס איז קונסט.

אָבער צו פאָרעמען לעבעדיגע מענשליכע וועזענס, דאָס הייסט, צו זיין אַ פּאָליטיקער, וואָרט־זאָגער, פירער, אָרגאַניזאַטאָר — דערצו נעמען זיך אָפט אומוויסענדע און אומפעאיגע טומלער, וואָס טויגען נישט צו קיין שום ערליך פאַך, וואָס זענען ניט פעאיג צו קיין שום פּראָדוקטיווער אַרבעט.

זיי נעמען זיך די ראָל פון „סקולפּטאָרען" פון מענשליכע וועזענס. וואָס זיי ווייסען נישט — און זייער וויסען איז אוניווערסאַל — גיבען

זיי צו פאַרשטיין אַנדערע... זיי זענען מרביץ עם־הארצות מיט אימפעט און ווירקזאַמקייט. עם־הארצותם אומנתם — דאָס איז זייער „פּראָפעסיע״... אידען, געשלאָגענע, נעבעך, אויף דער עברי, וואָס אַ פסוק חומש מיט רש״י איז איבער זייערע כוחות, נעמען זיך „לייזען״ דעם חינוך־פּראָבלעם „אויף אַ וועלט־מאַסשטאַב״ און „גלאָבאַלען פאַרנעם״ — דורך פליען יעדען זומער, אין די הייסע וואַקאַציע־חדשים, אויף קאָנפערענצען און קאָנגרעסען, פאַרשטייט זיך, על חשבון הקהל, כדי צו „לייזען דערציאונגס־פּראָגען״; ז י י — אַלס מחנכים... אומוויסענדע — אַלס וויסען־פאַרשפּרייטער . . .

אַזעלכע צינדען אָן אַ קאַלט, שטרויען פייער, וואָס וואַרימט נישט און לייכט נישט — נאָר פאַרבלענדט: פייערווערק . . .

משה רבנו, דער בחיר פונ׳ם מענשליכען מין, האָט זיך געמאַטערט ווי אַזוי באַלייכט מען מענשליכע נשמות, ווי עס שטייט: נתקשה משה במעשה מנורה — און זיי, די וויסטע איגנאָראַנטען, טראָגען זייער עם־־הארצות ווי אַ פאָן, טוען זייער מלאכה פון „באַלייכטען״ מיט גרויס לייכטקייט...

זיי זענען שטענדיג גרייט זיך צו טיילען מיט זייער אומוויסען — דורך רעדעס, סטייטמענטס, פּרעסע־„ריליסעס״... אַזעלכע פאַרנעמען דאָס אָרט פון אמת׳ע לומדים, געלערנטע, קענער — פאַר וועלכע עס איז קיין פּלאַץ נישטאָ אין דער „מאָדערנער געזעלשאַפט״. זיי, די איגנאָראַנטען, האָבען שוין אויס־געפּילט אַלע פּלעצער, פאַרנעמען אַלע פּאָזיציעס און „באַקליידען״ אַלע אַמטען...

לערנט אונז דאָ די תורה ווי מען דאַרף צוגיין מיט אַ גרויס אחריות־געפיל און מיט אַ הייליגען ציטער צו צינדען די מנורה אין — בית המקדש פון אידישע נשמות.

עס איז אויך געווענדט צו ו ו ע מ ע ן מען רעדט. מען דאַרף געפינען די פּאַסיגע שפּראַך, פּאַסיג פאַר׳ן הערער, מקבל. ווייל דאָס מקבל זיין השפּעה איז אָפּהענגיג פון יענעמ׳ס „כלים״. פון זיין אָבסאָרבירונגס־פעאיגקייט.

דאָס איז אָנגעדייט אין תצוה. מיר טרעפען דאָ, אין דער פּרשה, דריי־ערליי אויסדרוקען ביים הייסען די אידען עפּעס טאָן:

א. ואתה ת צ ו ה את בני ישראל — „און דו זאָלסט ג ע ב י ט ע ן די אידען״ (כ״ז, כ׳).

ב. ואתה ת ד ב ר אל כל חכמי לב — „און דו זאָלסט ר י י ד ע ן צו די האַרץ־קלוגע״ (כ״ח, ג׳).

ג. ואתה ה ק ר ב אליך את אהרן אחיך — „און דו ד ע ר נ ע ב־ ט ע ר צו דיר דיין ברודער אהרן״ (כ״ח, א׳).

פאַרוואָס די דריי פאַרשידענע אויסדרוקען?

ווייל סתם אידען דאַרף מען ה י י ס ע ן , געביטען, תצוה. צו חכמי לב איז גענוג אַז מען ז אָ ג ט בלויז, תדבר. אָבער אהרנ׳ען דאַרף מען נישט זאָגען אפילו — עס איז גענוג, אַז ער זאָל זיין ג אָ ע נ ט צו משה רבנו, וועט ער שוין במילא טאָן, וואָס ער דאַרף טאָן. ואתה הקרב.

אַזוי צינדען, אַז דער פלאַם זאָל אויפגיין אַליין

אין דעם געבאָט פון אָנצינדען די מנורה איז פאַראַן אין פלוג אַ סתירה אין רש״י׳ס טייטש. דער פסוק זאָגט: להעלות נר תמיד. „אָנצינדען אַ ליכט תמיד״, דאָס מיינט, אַז מען דאַרף שטענדיג אומאויפהערליך צינדען. ווי עס שטייט ווייטער: מערב עד בוקר לפני ה׳, חוקת עולם לדורותם מאת בני ישראל. „פון אָוונט ביז אינדערפרי פאַר ג־ט (דאַרף מען אָנצינדען דעם נר תמיד), אַן אייביג געזעץ אויף זייערע דור־דורות פאַר די קינדער פון ישראל״ (כ״ו, כ״א), רש״י זאָגט אויף דעם פסוק: מדליק עד שתהא שלהבת עולה מאליה, ער דאַרף אַזוי צינדען, אַז דער פלאַם זאָל אויפגיין פון זיך אַליין.

איז עס דאָך פון אויבען אויף אַ ווידערשפרוך. דאָ ווערט געבאָטען, אַז ער זאָל האַלטען אין איין צינדען און צינדען, שטענדיג, אייביג, אָן אָן איבער־רייס, אָן אָן אויפהער, און דאָ קומט גאָר רש״י און זאָגט, אַז ער דאַרף אַזוי צינדען, אַז דער פלאַם זאָל אויפגיין פון זיך אַליין, שתהא שלהבת עולה מאליה. ווי געשיקט זיך עס?

ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז אַ חוץ דעם פשט איז דאָ פאַראַן נאָך אַ סימבאָלישער מיין, נעמליך, אַז די מנורה סימבאָליזירט, אין איבערטראַגענ־דיגען מיין, דאָס ליכט פון תורה, לערנט דאָ דער פסוק און רש״י אָט וואָס:

אַ איד איז קיינמאָל נישט פטור פון לערנען תורה מיט זיין קינד. דאָס איז דער פונדאַמענטאַלער חוב. דער אב מלמדו תורה איז די לכתחילה׳דיגע, יסודות׳דיגע מצווה — ערשט שפּעטער האָבען די חכמים מתקן געווען מלמדים, מורים, ישיבות. — דאָס אָנצינדען דעם אור תורה איז אַ פערמאַנענט געבאָט, אַן אייביגער חוק, חוקת עולם, אויף אַלע דורות, לדורותם.

מען דאַרף אָבער אַ ז ו י צינדען ,אַז דער פלאַם זאָל אויפגיין פון זיך אַ ל י י ן . אַז עס זאָל גענוגען אויף דורות, דאָס הייסט, אַז די קומענדיגע דורות זאָלען באַלויכטען ווערען פונ׳ם ליכט — און זאָלען ווייטער צינדען — אַליין, אפילו ווען דו וועסט שוין נישט זיין דערביי.

מען דארף אַזוי לערנען מיט'ן קינד תורה, אַז דאָס קינד זאָל ווערען אַ גדול הסמוך על שולחן עצמו, אין גייסטיגען זין, און עס זאָל זיין פעאיג ווייטער איבערצוגעבען.

הייסט עס, אַז דאָס לערנען תורה מיט קינדער דאַרף טראָגען אַ צוויי־פאַכיגען כאַראַקטער. ערשטענס, מוזטו שטענדיג לערנען, אין אַלע צייטען און אין אַלע מקומות, אין אַלע תקופות און אין אַלע לענדער — תורה איז נישט קיין מצוה התלויה בארץ, אָדער בזמן — דערביי דאַרפסטו אַזוי לערנען, אַז דיין לערנען זאָל נישט זיין מער נויטיג, אַז דער תלמיד זאָל שפּעטער אַליין לער־נען, און, פאַרשטייט זיך, אַליין מקיים זיין וואָס ער לערנט, שתהא שלהבת עולה מאליה.

דעם דאָזיגען פּשט לערנט אונז די היינטיגע צייט אין אַמעריקע. מיר לעבען אין אַן איבערגאַנגס־תקופה. עס ווירקט נאָך דער רעזערוואואַר פון תורה און יראת השם פונ'ם מזרח־אייראָפּעאישען תורה־אידענטום. דער יונגער דור אָבער איז שוין אַ „היגער", אַן אַמעריקאַנער געבוירענער. דאָס שליחות פון צינדען דעם נר תמיד ווערט דערפילט דורך ראשי ישיבות, דורך גדולי התורה, דורך מסירת־נפש'דיגע מחנכים (האָט איר אַמאָל געהערט לערנען די קינדער אין דער סטאָלינער ישיבה?). און מיט הצלחה, ב"ה. די מי איז, חלילה, נישט אומזיסט.

די גורל־פראַגע פאַר'ן היגען אידענטום איז אָבער: צי עס וועט זיין שלהבת עולה מ א ל י ה . צי עס ווערט געשאַפען אַזאַ ס ב י ב ה און אַט־מאָספערע, און בעיקר אַזאַ התמדה אין תורה און נאָר אין תורה, אַז עס זאָל פון די היגע געבוירענע תלמידים אַרויסשפּראָצען אַ טופח־על־מנת־להטפיח־כוח, אַז עס זאָלען אויסוואַקסען גדולי התורה, אַזעלכע וואָס זאָלען מיט אייגענע כוחות לייכטען און צינדען, און דינען אַלס מוסטער?

אָט דאָס איז די שיקזאַל־פראַגע פאַר'ן היגען אידענטום, אויף וועלכער די ישיבות מיען זיך צו געבען אַ תשובה. און דאָס טאַקע שוין, ווען עס הויבען אָן אַרויסצוקומען די ערשטע רייף־געוואָרענע פירות.

אַ צווייטע פראַגע איז: צי וועט דער תורה־חינוך פאַרבלייבען אין אַ ווינקעל, אָדער וועט ער זיך אויסברייטערן און אויסשפּרייטען אויף גרויסע שטחים, איבער די מ אַ ס ע ן , און נישט בלויז אין דער מעטראָפּאָליע, נאָר אויך איבער דער גאַנצער ברייט און לענג פונ'ם אַמעריקאַנער קאָנטינענט?

מענשליכע ווערטען און עטישע געבאָטען

**ואתה** תדבר אל כל חכמי לב אשר מלאתיו רוח חכמה...
„און דו זאָלסט רעדען צו אַלע קלוגהאַרציגע, וואָס איך האָב זיי אָנגעפילט מיט אַ גייסט פון חכמה" . . . (כ"ח, ג').

די וואָס האָבען אויסגעאַרבעט די כלים פונ'ם משכן, די בגדי כהונה, א. ד. ג ל. זענען נישט געווען קיין געוויינליכע בעלי־מלאכות; זיי האָבען געמוזט האָבען באַזונדערע קוואַליפיקאַציעס. און די קוואַליפיקאַציעס זייערע איז נישט געלעגען אין די ה ע נ ט, נאָר אין ק אָ פּ און אויך אין ה אַ ר ץ.

און די באַצייכענונגען פון אָט די אַרבעטער זענען אַ לימוד פאַר אונז, ווי אַלץ, וואָס שטייט אין דער תורה. מיר לעבען אין אַ צייט פון היפּער־מעכאַניזאַציע. דער מענש ווערט איבערוועלטיגט פון דער מאַשין. נישט קיין דינער איז די מאַשין ביים מענשען, נאָר פאַרקערט, דער מענש ווערט אַ קנעכט פונ'ם מעכאַניזם. דער מענש פאַרלירט זיין אינדיווידואַליטעט, זיין פּערזענליכקייט, זיין „איך". ער איז נישט מער ווי אַ שרייפעל אין דער מאַשין. ער איז אַן אויטאָמאַט.

דערפון נעמט זיך דאָס מזלזל זיין אין לעבען פון מענש, דאָס גרינגשעצען זיין כבוד, זיין ווירדע. די גאַנצע געזעלשאַפט ווערט מעכאַניזירט.

אמת, מ'האָט דערגרייכט די גרעסטע וואונדער פון טעכניק, ערפינדונגען, ציוויליזאַציע; „אַלץ קלאַפּט" אין דער בעסטער אָרדענונג — אַ חוץ דאָס מענשליכע האַרץ . . .

ס'פעלט האַרץ דער היינטיגער ציוויליזאַציע. ס'פעלט נשמה אין דער מאַטעריעלער קולטור. ממילא פעלט גערעכטיגקייט, עטיק. איר האָט היינט אַלץ — נאָר נישט אַ קאַפּיטשקעלע — יושר . . .

זאָגט אונז אָן דאָ די תורה ווען מ'איז געגאַנגען אויפשטעלען אַ משכן, ווען מ'איז געגאַנגען אויפשטעלען אַ מנהיג, אַ כהן גדול: —

ואתה תדבר אל כל ח כ מ י ל ב . . . הערט זיך גוט איין צו וועמען השי"ת האָט געהייסען משה'ן רעדען: „צו די קלוגע פון האַרץ", אל כל חכמי לב, וואָסער וואונדערליכע באַצייכענונג!!

פאַראַן פאַרשידענע סאָרטען קלוגשאַפט. פאַראַן קלוגע פון מוח און קלוגע פון האַרץ. פאַראַן געקליגעלטע, היפּער־קלוגע, הינטערלוסטיגע, ערמה'דיגע און מרמה'דיגע כיטראַקעס — זיי זענען אויך קלוגע, אָבער פון אַ גאַנץ

אַנדערן סאָרט. זיי זענען פקחים אויף לשון קודש, אָבער נישט קיין חכמים. ווי רש״י זאָגט אויף קורח׳ן: קורח שפיקח היה מה ראה לשטות זה, האָט רבי מנחם זעמבא, הי״ד געזאָגט דערויף: קורח איז געווען אַ פיקח — וואָס־זשע איז ער באַגאַנגען אַזאַ שטות צו זיין — אַ פיקח?... אָמאָל איז עס די גרעסטע נאַרישקייט צו זיין אַ פיקח.

נעמט טאָקע רש״י׳ן אַליין; וויפיל הייליג־טיפע און הימליש־הויכע חכמה שטעקט אין זיינע פירושים, אָבער וואָסערע מאָנומענטאַלע פשטות און קרישטאָל־ערליכע גראַדליניגקייט אין אים!

זאָגט אַן די תורה דאָ: דער וואָס איז עוסק אין אַ מלאכה, דאַרף זיין אַ קלוגער, אָבער פון דעם סאָרט פון חכמי ל ב.

זאָל די לאָגיק זיין אַן אייזערנע אָבער נישט האַרט ווי אייזען — האַרץ זאָל זיין דערביי. חכמי ל ב.

זאָל דער שכל זיין אַ קלאָרער, אַן אויסגעהאַלטענער, אָבער נישט טרו־קען ווי האָלץ — האַרץ זאָל זיין דערביי! חכמי ל ב.

(מיר שפירען עס היינט נאָך מער ווען מיר הערען זיך צו צו די „איבער־קלוגע״ דיפּלאָמאַטישע כיטראַקעס פון אונזערע צייט, ווי מיט לעגאַליסטישע דריידלעך און פסעוודאָ־לאָגישער פאַרדאַרבענקייט באַקליידען זיי דאָס ערגסטע רשעות...)

און די תורה חזר׳ט איבער אין זעלבען פסוק: „אשר מלאתיו רוח חכמה, וואָס איך האָב אים אויסגעפילט מיט אַ גייסט פון חכמה״. פאַראַן אויך חכמה אַן גייסט, אַן שוואונג, אַן ברייטע האָריזאָנטען, אַן גרויסען פאַרנעם. אויך פאַר דעם וואָרענט די תורה: אשר מלאתיו ר ו ח חכמה, מיט׳ן ג י י ס ט פון חכמה, און וואָס איז דער גייסט פון חכמה? די מאָראַלישע פּרינציפּען, די מענשליכע ווערטען, די עטישע געבאָטען.

די תורה הויבט אַרויס די אינדיווידואַליטעט, די פּערזענליכקייט, די מענשליכע איניציאַטיווע, און זיינע מאָראַלישע ווערטען. אָט מיט די דאָזיגע אייגענשאַפטען האָט די תורה געהייסען אויפשטעלען אַ צענטער פאַר אידען און אידישקייט. אָט מיט די אינסטרומענטען האָט די תורה געהייסען אויפ־שטעלען אַ מנהיג פאַר אידען, האָט די תורה געהייסען אויפבויען אַ ו ו ע ל ט פון יהדות.

ליכטיגקייט און גאַנצקייט

דערביי וואָרענט אויך די תורה אין זעלבען פסוק פאַר קריגערייען, מחלוקת, ווארים דער פסוק הייבט אָן אין לשון רבים, אין מערצאָל: חכמי לב, און ענדיגט אין לשון י ח י ד, אין איינצאָל: אשר מ ל א ת י ו וואָס איך האָב א י ם אויסגעפילט, פאַרוואָס?

דאָ ווערט אָנגעזאָגט די חכמי לב זיי זאָלען נישט קריגען אויף אהרנ׳ען, ווארים, „איך האָב אים אָנגעפילט מיט׳ן גייסט פון חכמה", אשר מלאתיו רוח חכמה גייט אַרויף נישט אויף די חכמי לב, נאָר אויף אהרנ׳ען.

ווייטער לייענען מיר: ונתת אל חושן המשפט את האורים ואת התומים והיו על לב אהרן... „און זאָלסט אַריינטאָן אין חושן משפט די אורים ותומים, און זיי זאָלען זיין ביי אהרנ׳ען אויפ׳ן האַרצען..." (כ״ח, ל׳).

אורים מיינט לייכטען, פון אור, תומים מיינט גאַנצקייט, פון תמים. ווי די גמרא זאָגט דערויף: אורים שמאירים דבריהם, תומים שמשלימין דבריהם. „אורים, וואָס זיי באַלייכטען זייערע רייד, תומים, וואָס מאַכען גאַנץ זייערע רייד" (יומא, ע״ג).

די רייד פונ׳ם מנהיג דאַרפען זיין קלאָר, אָן פאַרנעפּלקייט. זיי דאַרפען אויך זיין גאַנץ, אָן נישט־דערזאָגעכצען, אָן „לעכער" („לופּהאָלס" בלע״ז).

פאַראַן אויך אַזעלכע וואָס גלאַנצען, בלישטשען, זענען „ברילי‏אַנט" אָבער ס׳פעלט זיי שלימות, גאַנצקייט, ס׳פעלט זיי קאָנסעקווענץ, אויסגעהאַלטענקייט; דעריבער איז נישט געגוג אורים, שמאירים דבריהם, מ׳דאַרף אויך האָבען תומים, שמשלימין דבריהם, שלימות זאָל זיין אין זייערע רייד.

און ווידער אַמאָל ווערט אָנגעזאָגט: ונתתי אל חושן המשפט את האורים ואת התומים, והיו על ל ב אהרן, ביים לייכטען, ביים גאַנץ מאַכען דאַרף זיין ס׳האַרץ דערביי. נישט קיין אינטעלעקטועלע קונסט צי קונץ — נאָר מיט ה אַ ר ץ, מיט אינערליכער איבערצייגונג, מיט טיפען גלויבען.

און ווייטער אין זעלבען פסוק: ו נ ש א אהרן את משפט בני ישראל על ל ב ו. ווען אהרן גייט משפט׳ען די אידען, זאָל ער זיי קודם כל ט ר אָ ־ ג ע ן אויף זיך, זאָרגען פאַר זיי, טראָגען זייער עול, זייערע דאגות און צרות, און צווייטענס, זאָל עס זיין מיט האַרץ, ונשא אהרן את משפט בני ישראל על לבו...

דערהויבען אָבער צווישען אידען

**ואתה** הקרב אליך את אהרן אחיך... מ ת ו ך בני ישראל. זייענדיג דערהויבען איז אהרן צ ו ו י ש ע ן אידען, מתוך בני ישראל, ווי ס׳שטייט: אוהב שלום ורודף שלום וכו׳.

ווייל אהרן איז מתוך בני ישראל קען ער זיין אַ מנהיג, קען ער אָנ־צינדען די מנורה, און באַלייכטען כלל ישראל.

ווי רבי חיים האַלבערשטאַם, זצ״ל, דער „דברי חיים״ פון סאַנז האָט געטייטשט טאַקע אויף „תצוה״ פונ׳ם לשון „בצוותא״, באַהעפט זיין: ואתה תצוה, זאָלסט זיך באַהעפטען מיט אידען.

אַמאָל אין שמחת תורה אין ראַדין האָבען די ישיבה־בחורים אין התלה־בות׳דיגען טאַנץ געוואָלט אויפהויבען דעם „חפץ חיים״. האָט ער נישט מסכים געווען, זאָגענדיג: מיר לייענען אין דער תורה: ואתה הקרב אליך את אהרן... ס׳וואָלט דאָך זיך געפּאַסט גיכער ס׳זאָל שטיין: ואתה ת ר י ם את אהרן, זאָלסט א ו י פ ה ו י ב ע ן אהרנ׳ען? אַ קלייניגקייט? אַזאַ הויך אַמט — אַ כהן גדול! נאָר מען דאַרף ניט אויפהויבען אַ מענשען העכער ווי ער איז...

אַ געשריי אָן קולות...

**פעמון** זהב ורימון, פעמון זהב ורימון... אַ גילדען גלעקעל און אַ מילגרוים, אַ גילדען גלעקעל און אַ מילגרוים...״ (כ״ח, ל״ד).

פעמון זהב — גאָלד קלינגט, ווער ס׳האָט געלט קלינגט מיט אים; ווערט ער, אָדער מאַכט זיך מפורסם. אָבער רימון, מילגרוים, וואָס דאָס איז מרמז אויף די מלאי מצוות כרימון, די וואָס טוען מצוות, טוען גוטס, זיי קלינגען נישט, אַ רימון קלינגט ניט...

ענליך ווייטער: ונשמע קולו בבואו אל הקודש... „ס׳זאָל געהערט ווערען זיין שטים, ווען ער קומט אין הייליגטום״ (כ״ח, ל״ה), איז דערפון געדרונגען, האָט געזאָגט רבי חיים סאָלאָווייטשיק פון בריסק, זצ״ל, אַז דער כהן גדול האָט נישט געמאַכט קיין קולות ביים דאַווענען — וואָרים וואָלט ער געשריגען ביים דאַווענען, צו וואָס האָט מען געברויכט גלעקער, וואָלט מען דאָך אים סיי ווי געהערט...

רבי יצחק וואָרקער, זצ״ל, האָט געזאָגט: אין דריי זאַכען דערקענט מען אַן ערליכען אידען: אין שרייען — שווייגענדיג, אין טאַנצען — אָן באַוועגען זיך און אין בויגען זיך — אויפגעשטעלט...

# כִּי תִשָּׂא

נישט אויסגעשטרעקטע הענט נאָר מיט געהויבענעם קאָפּ

די סדרה, וואו עס רעדט זיך אין אָנהויב וועגען אַזאַ פּראָזאַאישען ענין ווי געלט-זאַמלען, הייסט כי תשא: כי תשא את ראש בני ישראל — „ווען דו וועסט אויפהייבען דעם קאָפּ פון די קינדער פון ישראל". די פרשה פון געלט-זאַמלען רעדט ניט וועגען אויסגעשטרעקטע ה ע נ ט, נאָר וועגען אויפגעהויבענעם קאָפּ. נעמען, און געבען, פאַר אַ הייליגער זאַך דאַרף מען אַזוי, אַז דאָס זאָל זיין אַ דערהויבונג, כי תשא, מיט ווירדע, בכבוד. מיט אַ געהויבענעם קאָפּ.

דער אַלשיך הק׳ טייטשט: כי תשא את ראש בני ישראל, אויב איר וועט וועלען אויפנעמען אַ ראש, אַ פירער, אויף די אידען, ונתנו איש — זאָלט איר געבען אַזאַ מענש, וואָס כופר נפשו, וואָס זאָל זיין גרייט זיין לעבען מקריב צו זיין פאַר אידען.

אַזעלכע סטאַנדאַרדס האָבען פאַרצייטיגע אידען אָנגעצייכענט פאַר מנהיגי ישראל. ווי ווייט דערפון זענען געווען די מנהיגים פון אונזער דור אין די בלוטיגע יאָרען — אַלערליי מנהיגים! וויפיל עס זאָלען נישט גע־דראַשען ווערען תירוצים און פאַרענטפערונגען, פאַרטיידיגונגען און „באַ־וויזען" — בפרט פון מענשען, וואָס זענען נישט באַקאַנט מיט די קאָמפּלי־צירטע ענינים פונ׳ם חורבן — בלייבט עס אַ פאַקט, אַז ק י י נ ע ר האָט ק י י נ ע ם נישט געראַטעוועט, און קיין מ נ ה י ג האָט זיין לעבען — און אפילו נישט זיין באַקוועמליכקייט צי אינטערעסען — נישט ריזיקירט פאַר ראַטעווען אידען פון אומקום!

דאָס בעסטע לערנען איז דורך מעשים

**אויפ'ן** פסוק זה יתנו כל העובר על הפקודים — „דאָס זאָלען זיי געבען יעדער וואָס גייט דורך די ציילונג", מאַכט רש"י: השי"ת האָט געוויזען צו משה'ן אַ מין מטבע פון פייער... און האָט אים געזאָגט: „אַזעלכעס זאָלען זיי געבען". הראה לו כמין מטבע של אש...

מיר האָבען אין דער פריערדיגער סדרה, אין תצוה, אָנגעוויזען אויף אַן ענליכען מאמר בנוגע דער מנורה. אויך דאָרט האָט משה נישט געקענט לייכט באַנעמען, נתקשה במעשה מנורה, ביז השי"ת האָט אים געמוזט ווייזען אַ מנורה אַלס מוסטער.

שטעלט זיך אויך דאָ די זעלבע פראַגע, וואָס מיר האָבען געפרעגט ביי דער מנורה: משה רבנו, וואָס האָט פאַרשטאַנען אַלע סודות התורה, וואָס זיין מוח האָט דערגרייכט אין די העכסטע הויכקייטען און אין די טיפסטע טיפע־נישען, איז — פונקט ווען עס איז געקומען צו אַזאַ פשוט'ער זאַך, ווי אַ מטבע, האָט ער בשום אופן נישט געקענט עס תופס זיין און מען האָט אים געמוזט ווייזען אַ מטבע אַלס מוסטער? אויפקלערען אים מיט ווערטער איז ניט געווען גענוג? ער האָט עס נישט תופס געווען. ווי געשיקט זיך עס?

אמת, מיר האָבען געהאַט אַמאָל גרויסע לומדים, סיני'ס און עוקר הרים'ס, וואָס האָבען געקענט גאַנץ ש"ס און נישט געקענט קיין צורת מטבע. אָבער משה רבנו איז דאָך געווען אויך אַ בויער פון אַ משכן — מיר זעען ווי אין פקודי האָט ער אַזוי גענוי אָפּגעגעבען חשבון פון יעדען אונץ גאָלד און זילבער און קופּער. משה רבנו איז אויך געווען דער קאָנסטרוקטאָר פון אַ פאָלק, דער בויער פון אַ מדינה לעתיד — און דערצו ברויך מען יאָ קענען אַ צורת מטבע. ער איז אויך געווען אַן עושר, ווי די חז"ל זאָגען, פון די פסולת פון די לוחות.

ווי אַזוי־זשע האָט משה רבנו נישט געקענט באַנעמען וואָס עס מיינט אַ מטבע?

נאָר משה רבנו האָט דאָ ערשט געהערט וועגען הויכע ענינים, וועגען כי תשא את ראש בני ישראל, וועגען „אויפהויבען דעם קאָפּ פון אידען" — עפּעס אַ קלייניקייט? און דאָ הערט ער גאָר, אַז געלט קען זיין אַ כופר נפש, ונתנו איש כופר נפשו לה' — איז אים געוואָרען קשה. וואָס פאַר אַ שייכות קען האָבען מטבע מיט נפש?

האָט ער געוואָלט פאַרשטיין וואָסער מטבע, און אויף וואָס — די מטבע.

און דאָס איז שוין גאָר אַ שווערער ענין. וואָס דאַרפט איר מער? אַמע־ריקאַנער אידען, קענען שוין יאָ אַ צורת מטבע און וויסען וואָס עס מיינט אַ דאָלאַר, און פאַרשען און שטודירען און דערגייען ווי אַזוי צו אינוועסטירען און אויסנוצען אַ מטבע, אַז זי זאָל זיין פּראָדוקטיוו, נוצליך — אויך ז י י קענען זיך נישט אויס אויף אַ מטבע — ווען עס קומט צו אינוועסטירען זי אין נפש־זאַכען...

מען בויט אויף מיליאָנען־דאָלאַרדיגע טעמפּלען און סענטערס און סאָ־שעל האָלס, און מען בויט נישט קיין — נשמות...

אָט זענען זיך אַנומעלט צונויפגעקומען די „פעדערעישאָן" פאַנד־רעי־זערס, און אויך געבערס און פּאַרטיילערס, אויף אַ גרויסער אַסיפה און מען האָט אויסגעאַרבעט אַ בודזשעט אויף מיליאָנען דאָלאַר, אָבער וועגען דער „מטבע של אש", וועגען געלט פאַר ישיבות, האָבען זיי זיך זער מתקשה געווען, האָבען נישט געקענט באַנעמען און דעצידירען א ו י ב מען ברויך עס, און צו ו ו אָ ס? און מען האָט געמוזט אַוועקזעצען, מעשה כעלם, אַ פּאַרש־קאָ־מיסיע פון די גרעסטע חכמים און מומחים. סאָשעל וואָירקערס און עקספּער־טען, כדי צו פאָרשען אַ גאַנץ קיילעכדיג יאָר די דאָזיגע שווערע הלכה, צי מעג מען שטיצען ישיבות?...

לאָמיר־זשע זען ווי אַזוי האָט מען פּאָרט מסביר געווען משה'ן דעם ענין מטבע. מען האָט אים בכלל נישט מסביר געווען — מען האָט אים ג ע ו ו י ז ע ן אַ מטבע, נעמליך, מטבע של אש.

פאַראַן ענינים, וואָס מען קען נישט לערנען בלויז ט ע אָ ר ע ט י ש. מען מוז זיי לערנען אין פּ ר אַ ק ט י ק. ווי מיר לערנען טאַקע אין דער היינטיגער סדרה: ואמלא אותו רוח אלוקים בחכמה ובתבונה ובדעת ובכל מ ל א כ ה לחשוב מחשבות ל ע ש ו ת — „און איך האָב אים אָנגעפילט מיט'ן גייסט פון ג־ט, אין חכמה און אין פאַרשטאַנדקייט און אין קענטשאַפט און אין יעדער מלאכה, אויסצודענקען געדאַנקען צו טאָן" (ל"א, ג'־ד').

טאַקע חכמה און פאַרשטאַנד און געדאַנק, אָבער „אין יעדען ו ו ע ר ק", ובכל מלאכה. טאַקע לחשוב מחשבות, אָבער „צו טאָן", לעשות.

דווקא גאָר הויכע ענינים לערנט מען בעסער ב פּ ו ע ל אידער ב מ ח ש ב ה. מען קען זיי לייכטער באַנעמען אין פּראַקטיק אידער אין אַב־סטראַקטען ספּעקולירען. צו די דאָזיגע געהערט אויך דער ענין איד־זיין. דאָס איז שווער צו געבען צו פאַרשטיין על־פּי „דזשודאַאיזם"...

גיי גיב צו פאַרשטיין אַ בלינדען קאָלירען. דערביי — אויב איינער איז נעבעך בלינד ג ע ו ו אָ ר ע ן איז נאָך ווי עס איז מעגליך אים צו דערמאַנען

ווי עס זעען אויס קאַלירען, פאַרבען, קונסט־ווערק. מען וועקט אין אים אויף פריערדיגע בילדער. אָבער ווי אַזוי שילדערט מען אַפּ קאַלירען פאַר אַזעלכען, וואָס איז, ר״ל, ג ע ב ו י ר ע ן געוואָרען בלינד?

דער נמשל: דער דור, וואָס האָט געזען און מיטגעלעבט דאָס פולע, שלימות׳דיגע אידישע לעבען אין זיין גלאַנץ, אין דער תקופה פון זיין אויפ־בלי אין מזרח־אייראָפּע — קען מען אים דערמאָנען, קען מען אים געבען צו פאַרשטיין אידישקייט דורך אויפוועקען אין אים דרימלענדיגע פונקען, פאַר־לאָשענע אָבער טליענדיגע זכרונות, בענקענישען, געגועים. אָבער דער, וואָס האָט קיינמאָל נישט געזען — ווי אַזוי מאַכט מען אין אים אויפלעבען שלימות׳־דיג יהדות? דאָס איז דאָס פּראָבלעם פונ׳ם אַמעריקאַנער געבוירענעם דור.

דאָס קען געשען בלויז דורכ׳ן פּראַקטישעןביישפּיל. דורך ה ר א ה לו מעשה מנורה, דורך ו ו י י ז ע ן ווי אַזוי צו לייכטען; דורך ה ר א ה לו מטבע של אש, דורך ווייזען די מטבע — וואָס איז פונקט ווי פייער, און פייער קען וואַרימען און לייכטען, אָבער קען אויך, חלילה, פאַרברענען — גע־ווענדט ווי אַזוי עס ווערט אויסגענוצט די מטבע.

יהדות לערנט מצוות מעשיות און נישט בלויז אבסטראַקטע רעליגיע־פילאָזאָפיע. ווי דער ספר החינוך זאָגט, אַז מעשים לערנען מער ווי רעיונות. דער מענש ווערט באַאיינפלוסט מער פון זיינע טאַטען ווי פון זיינע געדאַנקען.

דעריבער איז געגעבען געוואָרען צו פאַרשטיין קאָנקרעט, ממשות׳דיג. דעריבער הראה לו, מען האָט געלערנט דורך ווייזען.

### פינף למודים פונ׳ם חטא העגל

**פון** דעם ענין פונ׳ם חטא העגל דרינגען אַרויס פינף לימודים:

ערשטענס, ווען מ׳דערגרייכט אַ הויכען שטאַפּעל איז נאָך נישטאָ קיין שום גאַראַנטיע, אַז מ׳וועט ב ל י י ב ע ן אויף דער הויך; האָבען מיר דאָך צו טאָן מיט אַ דור פון יוצא מצרים, פון נביא׳ישע זעער (ראתה שפחה על הים וכו׳), פון מקבלי תורה, און דאָ פלוצים אַזאַ ירידה! לערנט עס, אַז מ׳דאַרף שטענדיג אַרבעטען און וואַך זיין, כדי זיך צו האַלטען אויף דער הויך.

צווייטענס, דאָס וואָס אַ גרויסער טייל, אפילו אַ מערהייט נעמט אָן פאַר גוט איז נאָך נישט קיין באַוויז, אַז ס׳איז ריכטיג, ווען דאָס איז אין ווידערשפּרוך צו תורה. אַ סימן: דער חטא העגל.

דריטענס, אפילו ווען גרויסע מענשען שטיצען אַ געוויסע זאַך, קען

זייער אויטאָריטעט נישט איבערוועגען קיין שום געבאָט פון דער תורה; אַ סימן: מי לנו גדול פון אהרן הכהן.

פערטענס, די זינד פונ׳ם עגל, דאָס אָפּקערען זיך פון ג־ט האָט מיט זיך געבראַכט אַן אינערליכע צוריסענקייט. ווען אידען האָבען אָנגענומען די תורה זענען זיי אַלע געווען פאַראייניגט (ויחן שם ישראל — בלבב אחד), ווען זיי האָבען אָבער געמאַכט אַן עגל פאַר זייער אָפּגאָט, האָט יעדער געהאַט ז י י ן עגל, יעדע גרופּע האָט זיך געשאַפען איר אידעאַל, יעדער טייל האָט געדינט צו זיין דאָקטרין (י״ג עגלים עשו ישראל, אחד לכל שבט ואחד נמוסיא לכולן, ירושלמי, סנהדרין, פרק ו׳). און ווען משה רבנו האָט געהערט דעם „קול ענות״, „די שטים פון געטומעל״, איז עס געווען „קול חרפות וגידופים״, ווי די חז״ל זאָגען, זיי האָבען איינער דעם אַנדערען באַשמוצט און באַשימפּט. „קול ענות — אנוכי״, ס׳איז געווען אַ שטים פון „איך״, פון גרופּען־אינטערעסען, פון עגאָאיסטישע פּאַרטיי־אינטערעסען...

און די דאָזיגע זינד און די דאָזיגע שטראָף איז געבליבען אויף דורות: „אין דור ודור שאינו נוטל אונקיה ממעשי העגל״ (שמות רבה, פרק מ״ג). „נישטאָ קיין דור, וועלכער זאָל נישט האָבען גענומען אַן אונץ פון דער טאַט פונ׳ם עגל״. און אַזוי איז די שטראָף דערפאַר: אמר ר׳ יצחק: אין לך כל פורעניות ופורעניות שבאה לעולם שאין בה... של עגל הראשון, שנאמר „וביום פקדי ופקדתי עליהם חטאתם״ (סנהדרין ק״כ). „האָט ר׳ יצחק געזאָגט: נישטאָ קיין שטראָף וואָס קומט אויף דער וועלט ס׳זאָל נישט זיין דערין קיין טייל פונ׳ם עגל״...

פינפטענס, אויב דאָס פאָלק מאַכט דורך אַ ירידה דאַרף דער פירער זיך אַראָפּלאָזען צום פאָלק, כדי עס ווידער אַרויפצוברענגען: „לך רד כי שחת עמך״ (ל״ב, ז׳). „גיי נידער אַראָפּ, ווייל דיין פאָלק האָט פאַרדאָרבען״.

משה איז נישט מוותר אויף כלל ישראל

דר. ישראל אלדד (שייב), זאָגט אומגעפער אַזוי אין זיין ספר „הגיונות מקרא״:

נאָכ׳ן מעמד הר סיני האָט זיך דערוועקט ביי די אידען אַ געוואַלטיגע תשוקה צו מעשים. זיי האָבען מיטגעמאַכט אַ געטליכע איבערלעבונג און זיי האָבען געוואָלט „עפּעס טאָן דערוועגען״, האָבען זיי געזאָגט „נעשה״ פאַר „נשמע״. זיי זענען געטריבען געוואָרען דורך אַ גרויסען דראַנג צו טאָטען.

וואָלט משה רבנו זיי געהייסען בויען דאָס משכן פריער, וואָלט נישט געקומען צום עגל. ווארים נאָך אַלעמען איז דער חטא געקומען צוליב לעכצעניש נאָך אַ גאָט. זענען זיי געווען גרויס אין ד ע ר תאווה, און קליין אין דעם צו ו ו אָ ס ע ר ג־ט זיי האָבען געבענקט.

די זינד פונ׳ם עגל איז נישט פאַרגעבען געוואָרען, נאָר בלויז אָ פּ־ג ע ל י י ג ט געוואָרען, ס׳איז אַן אונטערשייד פון ס ו ל ח זיין, וואָס מיינט ח ס ל, ליקווידירען, צונישט מאַכען, — ביז אָפּלייגען, אָפּשטופּען דעם עונש, וואָס דריקט זיך אויס אין ל ש א ת חטא, פאַרטראָגען די זינד. וואָס אייגענטליך מיינט עס, אַז השי״ת „טראָגט״, כביכול, די זינד פון אידען? ווי איינער נעמט אַראָפּ די משא פון אַן אַנדערען און טראָגט עס. דעריבער האָט משה רבנו אויך געבעטען: ועתה אם ת ש א חטאתם. אויב וועסט פ אַ ר ט ר אָ ג ע ן זייער זינד״ (ל״ב, ל״ב).

ביי די מרגלים שטייט: ו ס ל ח ת י כדבריך. איז דאָך קשה, וואָסער מין סליחה איז דאָס געווען, איז דאָך דער גאַנצער דור באַשטראָפט געוואָרען דערפאַר? נאָר דאָס מיינט, אַז דער חטא איז אינגאַנצען אויסגעמעקט גע־וואָרען: די סליחה איז געווען אַ „חיסול״ אַן אָפּמעקונג פונ׳ם דור.

אַנדערש ביים חטא פונ״ם עגל. דאָרט איז נישט קיין סליחה, נאָר אָפּ־לייגען דעם עונש. דער חטא בלייבט, שטייט דאָך בפירוש: וביום פקדי ופקדתי עליהם חטאתם, אין טאָג פון געדענקען וועל איך אויף זיי געדענקען זייער זינד.

(דאָס שטימט אויך מיט דעם רעיון, וועלכען ס׳האָט אַנטוויקעלט אין זיין יאָרצייט־שיעור הגאון הרב יוסף דוב סאָלאָווייטשיק שליט״א, ג׳ שבט תשי״ח, וואו ער האָט אויפגעוויזען, אַז די ערשטע תפילה משה רבנו׳ס איז נישט געווען אויף אינגאַנצען מוחל זיין דעם חטא, נאָר אָפּצושרייען די סכנה פון כליה, ח״ו, דאָס איז געווען משה׳ס ויחל־געבעט).

און ווען ס׳איז געקומען די אַנטפּלעקונג פון געטליכקייט דורך די מידות פון השי״ת, הערען מיר: נ ו ש א עוון ופשע וחטאה, השי״ת פאַרטראָגט, ט ר אָ ג ט, טראָגט־איבער די זינד, איז נישט מעניש מיט׳ן גאַנצען חומר הדין, אָבער — ונקה לא ינקה, מ׳ווערט נישט אינגאַנצען ריין, דער חטא ווערט נישט אָפּגעמעקט לגמרי. „נ ו ש א״ איז פּאַראַלעל אין מיין ווי „נ ו צ ר״; ביי נוצר חסד לאלפים מיינט עס אָפּהיטען דעם חסד, אַזוי מיינט עס נושא עוון, אָפּהיטען, אָפּלייגען די זינד, ד. ה. געדענקען די זינד, אָבער אָפּלייגען די שטראָף.

א מנהיג איז פאראנטווארטליך פאר'ן פיזישען קיום פון פאלק

**ווען** ג־ט האט געזאגט צו משה'ן: „...און איך וועל זיי פארלענדען, און איך וועל דיך מאכען צו א גרויס פאלק“. ...ואכלה אותם, ואעשה אותך לגוי גדול (ל״ב, י׳), איז משה טיף אויפגעטרייסעלט געווארען; און ס'האט זיך ארויסגעריסען פון אים די רירענדסטע, דערהויבענסטע תפילה — מיט מוט און שטארקייט — פאר כנסת ישראל, דאס ויחל־געבעט. דאס איז געווען סיי א תפילה בצבור, א תפילה פ א ר ' ן כלל ישראל, — סיי א תפילת יחיד, אן אינטימע, פריוואטע, אזוי צו זאגען, פון מענש־צו־ג־ט־תפילה. שטייט דאך: ויחל משה את פני ה׳ א ל ו ק י ו, „האט משה געבעטען פאר ה׳ ז י י ן ג־ט“. (ל״ב, י״ב). א זעלטענער, און פיל־זאגענדיגער אויסדרוק.

נאך דעם ווי השי״ת האט זיך מיחד געווען צו משה'ן און ב ל ו י ז צו משה'ן, און זיך אפגעזאגט, ח״ו, פון אידען, האט משה ערשט מתפלל געווען מיט שטארקע רייד — פאר כלל ישראל; זיך אויסגע'טענה'ט, כביכול, מיט השי״ת, ארגומענטירט מיט שארפע רייד. ער האט געמאנט: למה ה׳ יחרה אפך בעמך, אשר הוצאת מארץ מצרים. „פארוואס, ג־ט, זאל גרימען דיין צארן אויף דיין פאלק, וואס דו האסט ארויסגעצויגען פונ'ם לאנד מצרים מיט גרויס כח און מיט א שטארקער האנט?“

דערפון קען מען לערנען נאך א למוד: ווען דו טוסט אימיצען א טובה איז נישט אזוי יענער פארפליכטעט צו ד י ר, (הגם קיין כפוי טובה טאר מען נישט זיין!) — ווי ד ו ביזט פארפליכטעט צו יענעם. האסט יענעם געטאן א טובה ביזטו מחויב ווייטער צו העלפען. אנישט וועט דאך דיין ערשטע מי גיין לאיבוד. ו ו י י ל דו האסט זיי ארויסגעצויגען פון מצרים, האט משה גע'טענה'ט, מוזטו זיי ווייטער העלפען, מוחל זיין.

קען מען דאך פרעגען: וואס איז משה אזוי געווארען דערציטערט ווען ער האט געהערט ואעשה אותך לגוי גדול? פארוואס טאקע נישט? זענען דאך די אנדערע עובדי עבודה זרה, זינדיגע אידען — „ווער ברויך זיי“? זאלען טאקע בלייבען בלויז די „ערליכע אידען“. משה מיט זיינע קינדער און אייניקלעך, מיט זיינע חסידים, פארדאן, מיט זיין שבט, די בני לוי, וועלכע האבען דאך נישט געזינדיגט. אבי ס'וועט בלייבען באיכות, וואס טויגען מיר יענע — וואס טויגען נישט? בפרט, אז אויך בכמות האט השי״ת צוגעזאגט, אז פון משה'ן א ל י י ן וועט ארויסקומען א ג ר ו י ס פאלק.

פונדעסטוועגען זעען מיר, אז משה האט נישט געוואלט מסכים זיין

דערויף, און נאָך ו ו י  אַ ז ו י  נישט געוואָלט! און השי״ת האָט אָנגענומען זיין געבעט און זיין  ט ע נ ה.

משה האָט, אגב, אַזוי ווייט זיך אָפּגעזאָגט פון ואעשה אותך לגוי גדול, אַז זיינע קינדער האָבען קיין  ש ו ם  אָרט נישט פאַרנומען אין דעם גוי גדול, אין אידישען פאָלק.

אַן אַנדער וואונדער איז דאָ, אויב ס׳איז נישט געבליבען ואעשה אותך לגוי גדול, אויב השי״ת איז נישט באַשטאַנען אויף זיין הצעה, צו וואָס ברענגט עס די תורה? די תורה דערציילט דאָך נישט סתם קיין געשיכטע, נישט קיין פּאַסירונגען ווי אַזוי זיי זענען  ג ע ו ו ע ן,  נאָר ווי אַזוי זיי  ד אַ ר פ ע ן  זיין! כדי צו לערנען. וואָס־זשע איז  ד אָ  דער לימוד?

דער לימוד דרינגט אַרויס פון זיך אַליין. משה האָט זיך  נ י ש ט  אָפּ־געזאָגט פון כלל ישראל, אפילו פון זינדיגען כלל ישראל, אפילו פון מעשה־העגל־אידען, לטובת יחידים, אפילו לטובת יחידי סגולה. כלל ישראל איז גרעסער, הייליגער אַפילו פון דעם גרעסטען יחיד. אַפילו ווי משה רבנו, — האָט געלערענט טאַקע משה רבנו אַליין: „און איצט, אויב דו וועסט פאַר־טראָגען זייער זינד — — — און אויב נישט, מעק מיך אויס, איך בעט דיך, פון דיין בוך וואָס דו האָסט געשריבען״. ועתה אם תשא חטאתם, ואם אין מחני נא מספרך אשר כתבת (ל״ב, ל״ב).

משה רבנו, ווען ער האָט געהערט, אַז דאָס פאָלק האָט געזינדיגט, האָט ער נישט געזאָגט „מעק אויס  ז י י ע ר  נאָמען״, „יימח שמם״, נאָר „מעק אויס  מ י י ן  נאָמען״, מחני נא מספרך.

אָט אַזוי האָט משה זיך נישט אָפּגעזאָגט פון כנסת ישראל, אפילו אין מאָמענט פון ירידה פונ׳ם פאָלק, פון שיחת עמך. אפילו אין מאָמענט פון שבירת הלוחות.

ווייל משה האָט, אפילו אין  י ר י ד ה,  געגלויבט אין  ע ל י ה  פון כנסת ישראל.

דאָס איז געווען זיין  ת פ י ל ה.  איצט וואָס איז געווען משה רבנו׳ס  ט ע נ ה?  למה יאמרו מצרים, „וואָס וועלען זאָגען די מצרים״ — ווען אידען וועלען אומקומען. זעט מען, אַז דאָס  נ י ש ט־פאַרטיליגען אידען איז אַ קדוש השם. און נישט פאַרקערט... האָט דאָך השי״ת אָנגענומען נישט נאָר די תפילה פון משה׳ן נאָר אויך זיין טענה — למה יאמרו.

נאָך דעם האָט משה ווידער געבעטען: „און משה האָט געזאָגט צו ג־ט: זע, דו זאָגסט צו מיר„ ברענג אַרויף דאָס דאָזיגע פאָלק, אָבער דו

האָסט מיר נישט געלאָזט וויסען״... ויאמר משה אל ה׳, ראה, אתה אומר אלי, העל את העם הזה, ואתה לא הודעתני... (ל״ג, י״ב).

ערשט נאָך דעם ווי משה, דער רועה נאמן, האָט אויסגעבעטען דאָס פאָלק, זיין פ י ז י ש ע עגזיסטענץ, — האָט ער געבעטען וועגען ד ע ר־ ה ו י ב ע ן דאָס פאָלק, העל את העם הזה. קודם דאַרף מען בעטען, און זאָר־ גען, וועגען דעם פשוט׳ן ק י ו ם פון אידען און ערשט דערנאָך וועגען התרוממות . . .

חכמה — תבונה — דעת — מלאכה

**ואמלא** אותו רוח אלוקים בחכמה ובתבונה ובדעת ובכל מלאכה — „און איך האָב אים אָנגעפילט מיט׳ן גייסט פון ג־ט, אין חכמה, און אין פאַרשטאַנד, און אין וויסען, און אין יעטוועדער מלאכה״ (ל״א, ג׳).

דאָ האָבען מיר די 4 עלעמענטען פון געאָרדענטען מענשליכען שאַפען:

צוערשט ח כ מ ה — דער ערשטער א ו י פ ב ל י ץ אין מענשליכען מוח. דאָס אינטואיטיווע אור־ליכט, וואָס גיט אַ שיין־אויף. דאָס איז דער אָנ־ הויב פון יעדען שעפערישען פראָצעס. חכמה איז — ווי מיר זעען אין פסוק, און אין לעבען — אַמנאָענטסטען צו רוח אלוקים.

דאַן קומט ו ב ת ב ו נ ה — די לאָגישע אַ נ אַ ל י ז ע. דאָס שכל׳־ דיגע צעגלידערן. דאָס אויס׳חשבונ׳ען פון אַלע פאָזיציעס. דאָס אַוועקשטעלען אַלע הנחות און ציען די מסקנות. דאָס אויסרעכענען פון אַלע מעגליכע רעזול־ טאַטען און קאָנסעקווענצען פון דער טאַט (בנוגע שיעורים ווערט עס באַצייי־ כענט אין ישיבה׳שען לשון מיט „היקף״).

ו ב ד ע ת — מיינט פשוט דאָס ו ו י ס ע ן. דאָס קענען די אַלע פרטים, וואָס האָבען אַ שייכות מיט׳ן באַטרעפענדען ענין.

און צום סוף — ובכל מ ל א כ ה. דער צוועק איז נישט קיין אַב־ סטראַקט חקר׳ענען, נאָר די ט אַ ט. ווע עס ווערט געזאָגט ווייטער: לחשוב מחשבות — ל ע ש ו ת. צו טראַכטען געדאַנקען, כדי צו ט אָ ן.

ווייל דאָס נישט־טאָן איז געווען אַ חטא. ולא יהיה בהם נגף, אין אָנ־ הויב פון דער סדרה, מיינט לויט׳ן רמב״ן, אַז דאָס איז, כדי אויסצומיידען די שטראָף פון נישט־בויען דעם בית המקדש.

בנין הארץ לויט'ן רמב"ן

(פון האדמו"ר ר' יעקב פרידמאן, הושיאטינער רבי, זצ"ל)

דער רמב"ן, וועלכער האט געהאלטען, אז ישוב ארץ ישראל איז א יסודות'דיגע מצוה אויך בזמן הזה, זאגט, לויט זיין שיטה, אויף: ויוסף אף ה' לחרות בישראל — "און ג־ט'ס צארן האט ווייטער געגרימט אויף אידען" (שמואל ב', כ"ב), פאלגענדעס: "און איך זאג, אז דאס איז געווען א שטראף אויף אידען, ווייל זיי האבען פארשפעטיגט צו בויען דעם בית המקדש".

"דערפון דרינגט ארויס א לימוד, אז עס איז דער רצון פון השי"ת, אז אידען זאלען אליין זיך מעורר זיין צו בנין הארץ. ווייל עס איז דאך א קל־וחומר: אויב בנין בית המקדש, וואס איז דאך גאר א הויכער ענין, און עס וואלט זיך דאך געלייגט אויפ'ן שכל, אז דא דארף מען ווארטען אויף אן אויפ־וועקונג פון אויבען, אויף אתערותא דלעילא, זאגט מען, אז אידען דארפען זיך אליין אויפוועקען — היינט בנין ארץ ישראל, וואס איז וויכטיג אויך פאר דעם קיום האומה, דארף דאך אוודאי זיין אתערותא דלתתא, אן אויפוועקונג, וואס זאל קומען פון אידען גופא" ("אהל יעקב", ירושלים, תשכ"ב).

דאס לערנען מיר אויך פון דעם געבאט ביי די צווייטע לוחות: פסל לך — "האק דיר אויס צוויי שטיינערנע לוחות" (ל"ד, א').

די ערשטע לוחות זענען געקומען בלויז פון א השראה פון אויבען, פון קולי קולות ביים הר סיני, זענען זיי נישט געבליבען. אבער די צווייטע לוחות, זיי זענען טאקע אויך געגעבען געווארען מן השמים, אבער — פסל לך! האק אין הארטען שטיין! זיי זענען געגעבען געווארען דורך יגיעה, דורך מי און מאטערניש, דורך שווערער ארבעט (פונקט ווי ארץ ישראל איז אונז נישט צוגעטראגען געווארען "אויף א זילבערנער טאץ"...) — האבען זיי יא געהאט א קיום — אויף אייביג.

דאס איז דער שכר פאר מסירת נפש. דאס איז דער כוח פון יגיעה.

"און עס איז געווען, אז משה האט אראפגענידערט פונ'ם בארג סיני — און די צוויי לוחות פון געזעץ זענען געווען אין משה'ס האנט, ווען ער האט אראפגענידערט פון בארג צום פאלק" (יתרו י"ט, י"ד). זאגט דערויף רש"י: "דאס לערנט, אז משה האט זיך נישט פארנומען מיט זיינע אייגענע געשעפטען, נאר גלייך פונ'ם בארג איז ער געגאנגען צום פאלק" (מלמד שלא היה משה פונה לעסקיו, אלא מן ההר אל העם).

וואָסערע „געשעפטען" האָט דאָס משה געהאַט? נאָר ער האָט זיך נישט פאַרנומען מיט זיינע  א י י ג ע נ ע  מדריגות, נאָר האָט געשטרעבט צו דערהייבען דאָס פאָלק.

וואָרים פון  ו ו אָ ס ע ר  באַרג איז דאָס משה אַראָפּ? פונ'ם באַרג סיני, וועלכער איז אַליין דער סימבאָל פון עניוות. וואָרים די גמרא זאָגט דאָך, אַז ג־ט האָט געגעבען די תורה אויפ'ן נידעריגסטען באַרג, כדי צו לערנען די מידה פון עניוות (מגילה כ"ז; סוטה ה'). איז משה געוועזען ביי זיך נאָך נידערי־גער איידער דער נידעריגסטער באַרג פון אַלע בערג. ער איז אַראָפּ נידעריגער פונ'ם באַרג.

און ווי נידעריג איז  י ע ד ע ר  באַרג ווען עס שטייט אויף אים משה רבנו!

אַן ערליכער צווישען נישט־ערליכע...

**איצט** נאָך די ערנסטע באַטראַכטונגען, אַ לייכט וואָרט „בדרך צחות", ווי די מחברים זאָגען. מ'פרעגט, נאָך דעם ווי די אידען, זעקס הונדערט טויזענט איין צאָל, האָבען אַראָפּגעוואָרפען פון זיך דאָס גאַנצע גאָלד, ויתפרקו, — און זיי האָבען דאָך געהאַט אַ סך, פון „וינצלו את מצרים", אויסגעליידיגט די מצריים, פון ביזת הים, איז אַרויסגעקומען נישט מער ווי דאָס קליין קעלבעלע? איז דער תירוץ — די עגל־קאַמפּעין־מאַכערס, די „פאָנד רייזערס" פאַר'ן עגל, האָבען צע'גנב'עט; איז געבליבען בלויז אויף איין קליין קעלבעלע... און פאַר־וואָס איז דאָס געבליבען? ווייל ס'איז געווען איין ערליכער מענש צווישען זיי, אהרן הכהן. ווען נישט אהרן וואָלט דאָס אויך נישט געבליבען...

זעט מען דאָך, אַז ווען צווישען קהל־פאַרזאָרגעס און אַנדערע כאַפּערס געפינט זיך אַן ערליכער מאַן, איז עס אַן אומגליק. ווייל וואָלט נישט געווען אהרן הכהן, וואָלט מען געוועזען צעטראָגען און צעכאַפּט דאָס גאַנצע גאָלד, און עס וואָלט נישט געווען קיין עגל... (ר' שבתי שענפעלד).

דערפון קען מען לערנען, אַז ווען צווישען נישט־ערליכע „עסקנים" געפינט זיך איין ערליכער — איז נאָך ערגער; ווייל דער ערליכער „דעקט" מיט זיין גוטען נאָמען די פסלנות'ן פון די אַנדערע, וואָס נוצען אים אויס.

משה׳ס שטראַלען איז געקומען פון זיין אַראָפּגיין צום פאָלק

**ווען** עס טרעפען זיך צונויף די סדרה כי תשא מיט פרשת פרה, איז דאָס שייכות פון אויבען אויף. אין תשא לייענען מיר וועגען עגל, און די פרשת פרה איז דאָך מכפר אויף דער מעשה העגל, ווי די גמרא זאָגט. ווען דיביידע פרשיות זענען צוזאַמען, האָבען מיר באַלד נאָכ׳ן חטא די כפרה.

דער טעם פון פרה אדומה איז פאַרהוילען. דאָס איז אַ חוקה אָן אַ באַגרינדונג. און דאָס מאַכט עס אויך פאַר אַ פּאַסיגער כפרה פאַר׳ן עגל. וואָרים ביידע פאַראייניגט איין עלעמענט: אומפאַרשטענדליכקייט!

וואָרים ווי קען מען באַנעמען די זינד פונ׳ם עגל? ערשט האָבען אידען מקבל געווען די תורה. זיי זענען נאָך געווען פריש מיט מעמד הר סיני. אין זייערע אויערן האָבען נאָך געהילכט די קולות וברקים פון מתן תורה. זיי האָבען נאָר־וואָס זיך דערהויבען צו אַזאַ מדרגה, אַז זיי האָבען פשוט נישט געקענט עובר זיין אויף ג־ט׳ס געבאָט, ווי מיר האָבען עס אַרויסגעבראַכט אין פרשת יתרו אויף לא יוכל העם לעלות, „דאָס פאָלק קען נישט אַרויפ־גיין". פאַרוואָס? כי אתה העדותה בנו, „ווייל דו האָסט אונז אָנגעזאָגט" — ווי אַזוי־זשע איז דאָס מעגליך, אַז באַלד דערנאָך זאָלען זיי דינען צום עגל הזהב?

איז עס טאַקע נישט צו פאַרשטיין. וויפיל מען זאָל נישט אויס׳דרש׳ענען און אַריינ׳דרש׳נען — בלייבט עס פאָרט אומפאַרשטענדליך. דעריבער איז די כפרה, די פרה אדומה, אויך אומפאַרשטענדליך, אַ חוקה אָן אַ טעם, אָן לאָגי־שער באַגרינדונג.

ווער איז באַרופען מטהר צו זיין?

**בלויז** אהרן הכהן דער אוהב שלום ורודף שלום איז געווען באַרופען מטהר צו זיין אידען פון טומאה. און נישט קיין בעלי מחלוקת קענען מטהר זיין. דער למוד איז גאַנץ פשוט און אויבענאויפיג אפילו אין פרשת פרה וואָס איז אַ חוק אָן אַ טעם. זאת חוקת התורה: דאָס איז דער געזעץ פון תורה, פון היטען תורה, פון פאַרשפּרייטען תורה.

## וואָס איז קדוש השם ?

די הפטרה פון פרשת פרה, אין יחזקאל ל״ו, ברענגט אַרויס אַן אינטערעסאַנטען צוזאַמענהאַנג צווישען טהרה און אַן אייגען לאַנד. אין יחזקאל׳ס נבואה קומט אַרויס איין הויפט־געדאַנק, נעמליך, אַז די טומאה איז פאַרבונדען מיט צעשפּרייטונג צווישען פרעמדע לענדער און פעלקער, און די טהרה איז פאַרבונדען מיט צונויפנעמען די אידען און מיט ארץ ישראל. די טומאה איז אין צוזאַמענהאַנג מיט ג ל ו ת, מיט חורבן; די טהרה איז אין צוזאַמענ־האַנג מיט א ו י פ ב ו י, מיט אויפבלי אין לאַנד. מיט אַנדערע ווערטער, אויב עס איז דאָ טומאה ביי אידען, איז עס אַ פּראָדוקט פון זיין אין די גלות־לענדער, זיי האָבען זיך אַנגעשטעקט. און אויב עס איז דאָ גלות, איז עס אַ פּועל־יוצא פון טומאה אין אייגענעם לאַנד...

די דאָזיגע שייכות איז אַ צוויי־זייטיגע, אַ געגענזייטיגע. נעמליך, גלות קומט צוליב׳ן מטמא זיין דאָס לאַנד, די חטאים ברענגען חורבן און צעשפּרייט־קייט! איז דער צוריקקום אין לאַנד אַ מיטעל צו טהרה. גולה און גאולה זענען ביידע פאַרבונדען מיט טומאה און טהרה אין אַ באַציאונג פון גורם און פּועל יוצא, פון אורזאַך און רעזולטאַט. אויף אַזאַ אופן, אַז אַלע דאָזיגע עלעמענטען זענען צונויפגעקניפּט אין אַן אורזאַך־און־רעזולטאַט־באַציאונג.

לאָמיר זען: בית ישראל יושבים על אדמתם ויטמאו אותה... „דאָס הויז ישראל זיצענדיג אויף זייער ערד האָבען זיי זי פאַראומרייניגט״... דערי־בער — ואָפיץ אותם בגוים ויזרו בארצות, „און איך האָב זיי צעשפּרייט צווישען פעלקער און זיי זענען צעזייט געוואָרען אין די לענדער״. כדרכם וכעלילותם שפטתים, „לויט זייער וועג און לויט זייערע מעשים האָב איך זיי גע׳משפּט״ (יחזקאל ל״ו, י״ז־י״ט). איז וואָס איז די רפואה? וועלען זיי בעסער ווערען אין גלות? ניין. פאַרקערט, די רפואה איז — צוריקקום קיין ארץ ישראל.

אַזוי קומט די געטליכע הבטחה: „און איך וועל אייך צונויפנעמען פון די פעלקער, און איך וועל אייך איינזאַמלען פון אַלע לענדער, און איך ברענגען אויף אייער ערד״. ולקחתי אתכם מן הגוים וקבצתי אתכם מכל הארצות, והבאתי אתכם אל אדמתכם.

און דער פּועל יוצא דערפון: „און איך וועל שפּריצען אויף אייך ריין וואַסער, און איר וועט גערייניגט ווערען״. וזרקתי עליכם מים טהורים וטהרתם. זעט אויס, אַז דער נביא האָט געהאַלטען, אַז די טומאה איז סיי די אורזאַך פון

גלות, סיי דער רעזולטאַט פון גלות. יחזקאל האָט געהאַלטען, אַז גלות איז טאַקע אַן עונש פאַר טומאה, אָבער נישט קיין ר פ ו א ה דערויף. פאַרקערט, די רפואה און די טהרה איז דער צוריקקום אין אייגענעם לאַנד.

אַזוי דרינגט אַרויס קלאָר פון דער פרשת פרה־הפטרה.

נאָך לערנט דאָ דער נביא, פונקט פאַרקערט ווי די אָנגענומענע באַ־גריפען. קידוש השם הייסט נישט, ווען אידען ווערען דערנידריגט, געפייניגט, אויסגעמאָרדעט, נאָר פאַרקערט, ווען אידען זענען ברום המעלה, ווען זיי זענען אַ מלוכה אין אייגענעם לאַנד. אוודאי איז עס אין סתירה צו די אָנגענומענע באַגריפען און איינגעבירגעטע מיינונגען, אָבער מיר קענען זיך ניט העלפען, יחזקאל הנביא זאָגט אַזוי. ער זאָגט, אַז השי״ת רופט:

„און איך וועל הייליגען מיין גרויסען נאָמען, וואָס איז פאַרשוועכט געוואָרען צווישען די פעלקער... ווען איך וועל געהייליגט ווערען דורך אייך פאַר זייערע אויגען. און איך וועל אייך צונויפזאַמלען פון די פעלקער, און וועל אייך איינזאַמלען פון אַלע לענדער, און אייך ברענגען אויף אייער ערד״...

ו ק ד ש ת י א ת ש מ י הגדול המחולל בגוים... ולקחתי אתכם מן הגוים וקבצתי אתכם מכל הארצות והבאתי אתכם אל אדמתכם (ל״ו, כ״ג־כ״ד). אָט ד אָ ס האָלט דער נביא פאַר קידוש השם.

מקיים זיין די מצוות איז דער עיקר, און נישט דאָס פאַרשען די מצוות

„אלע מצוות פון דער תורה זענען מ צ ו ו ת אין ווערטליכען זין. ד. ה. ג ע ב אָ ט ע ן. זיי זענען ניט געווענדעט אין דיין הסכמה צי פאַרשטאַנד. דער רצון הבורא איז דער איינציגער און גענוגענדער יסוד פאַר דיין געהאָרכ־זאַמקייט. חינוך צו מצוות איז דערציאונג צו אָט דער דיסציפּלין. דער חינוך צו תורה־דיסציפּלין פאַרלאַנגט דאָס ו ו י ס ע ן די מצוות און נישט דאָס פ אַ ר ־ ש ט י י ן די מצוות. דער דאָזיגער חינוך פאַרלאַנגט ק י ו ם המצוות און ניט פ אָ ר ש ע ן זייער צוועק. דיין לעבענס־וועג דאַרף זיין אַ מוסטער פון פאַר־ווירקליכען די מצוות, און עס איז נישט נויטיג צו רימען און לויבען די מצוות אָדער זיי צו פאַרטיידיגען. די לערער און דערציער — ביי זיי דאַרף דאָס התלהבות צו תורה ברענען אין זייער האַרץ, און דעריבער זאָלען זיי זיך ניט נויטיגען אָנצושפּאַרען זיך אין קינסטליכע באַווייזען און טרוקענע ראיות״ („נח־ליאל״, פון דר. יצחק ברויער, הוצאת מוסד דר. ברויער ע״י פועלי אגודת ישראל, תל אביב, תשי״א).

דאָס איז דער מיין פון פרשת פרה. די דאָזיגע מצוה אָן אַ טעם איז זאת חוקת התורה, אַ מוסטער אויף אַלע מצוות פון דער תורה, אַז דו טאָרסט זיי נישט מאַכען אָפּהענגיג פון דיין שכל, נאָר זיי מקיים זיין מיט התלהבות, ווייל אַזוי איז דער רצון הבורא.

די ויחל תפילה

(לויט הגאון ר׳ יוסף דוב סאָלאָווייטשיק)

אין דער הײַנטיגער סדרה לייענען מיר די נאָך־עגל־פרשה „ויחל״, וועלכע מיר לייענען אויך אין אַ ת ע נ י ת צ י ב ו ר: ויחל משה את פני ה׳ אלוקיו — „האָט משה געבעטן ה׳, זיין ג־ט״ (שמות ל״ב, י״א).

וואָס איז דער טיפערער זין פון אָט דער תפילה?

די גמרא זאָגט אין ברכות (דף ל״ב), באַציענדיג זיך אויפ׳ן שורש פונ׳ם וואָרט „ויחל״: אמר ר׳ אלעזר, מלמד שעמד משה בתפילה לפני הקדוש ברוך הוא עד שהחלהו, משה האָט אַזוי פיל געבעטען פאַר ג־ט, ביז ער האָט כביכול שוואַך, אָדער „קראַנק״ געמאַכט. ר׳ אלעזר פאַרגלייכט „ויחל״ מיט „נהייתי נחליתי״, אָדער מיט „ואת תחלואיה אשר חלה ד׳ בה״. דער מאמר איז מבהיל הרעיון. וואָס האָט ר׳ אלעזר געוואָלט אַרויסברענגען דערמיט?

דער „עץ יוסף״, אין נאָמען פונ׳ם „מעין הברכות״, טייטשט אָפּ דעם מאמר אַזוי: משה האָט כביכול „שוואַך״ געמאַכט, דער רבונו של עולם האָט זיך אַנטפלעקט צו משה׳ן נאָך דער מעשה העגל אין לבוש פון דין, פון גבורה: ועתה הניחה לי ויחר אפי בהם ואכלם״ (שם ל״ב, י׳); אין דער בחינה פון אש אכלה: כי יגורתי מפני האף והחמה. האָט משה אַזוי לאַנג געבעטען און גע־טענה׳ט, ביז ער האָט אָפּגעשוואַכט דעם מידת הדין. ער האָט פאַרוואַנדעלט דעם דינא קשיא, אָדער תקיפא, אין דינא רפיא.

וואָס איז „דינא קשיא״ און וואָס איז „דינא רפיא״?

ראש השנה, למשל, סימבאָליזירט, לויט קבלה, דין, גבורה, פחד יצחק. בריש שתא זענען די צינורות פון חסד פאַרשלאָסען. ראש השנה איז דער טאָג, אין וועלכען אדם הראשון איז באַשאַפען געוואָרען און האָט אויך געזינדיגט מיט׳ן עץ הדעת. לכתחילה הערשט אין דעם טאָג נישט קיין חסד, נאָר גבורה.

די אורות החסד הויבען אָן לייכטען ערשט שפּעטער, אין די עשרת ימי תשובה, ביז זיי דערגרייכען זייער פולע התגלות אין יום כיפור.

דער אויסשליסליכער מאָטאָ פון ראש השנה איז „ויגבה ה׳ צבאות במשפט״. דעריבער זענען דאָך אַ סך נזהר ניט צו דערמאָנען קיין חטא אין

דאָזיגען טאָג. די משנה האָט שוין אָפּגעפּסק׳ענט: אין מזכירין זכרון, מלכות ושופר של פורעניות.

אָבער די מקובלים גיבען צו, אַז בעת דער ערשטער טאָג ראש השנה שטעלט מיט זיך פאַר דינין תקיפין, דינא קשיא, רעפּרעזענטירט דער צווייטער טאָג דינא רפיא. שופר פאַרוואַנדעלט דינא קשיא אין דינא רפיא. שופר איז מרכך, מאַכט ווייך, די דינים. מידת הגבורה ווערט איינגעצוימט און אָפּגעשוואַכט דורך תקיעת שופר.

די סודות׳פולע אומוואַנדלונג פון דין קשה אויף דין רפה ווערט אָנגערופען דורך די חכמי הקבלה: המתקת הדינים. דאָס איז אָנגעדייט אין דער פּרשה פון מרה: ויבואו מרתה ולא יכלו לשתות מים ממרה, כי מרים הם (שמות ט״ו, כ״ג). דער מידת הדין האָט געהערשט אין מרה. עס איז געווען באַלד נאָך קריעת ים סוף, ביי וועלכען דער שר של מצרים האָט גע׳טענה׳ט: „הללו עובדי עבודה זרה והללו עובדי עבודה זרה״.

ווען דער חרון אף האָט געוועלטיגט בעולמו של הקדוש ברוך הוא („והמים להם חמה״, חסר כתיב, שהקדוש ברוך הוא נתמלא עליהם חמה), האָבען דינין תקיפין געדראָט צו פאַרניכטען, ח״ו, די כנסת ישראל. האָט משה דעמאָלט מתפלל געווען צום בורא עולם: ויצעק משה אל ה׳ — און זיין תפילה איז אָנגענומען געוואָרען: ויורהו ה׳ עץ וישלך אל המים וימתקו המים, שם שם לו חוק ומשפט. „ד אָ ר ט האָט ער אים געגעבען חוק און משפט״.

ווי קומט דאָ חוק און משפט?

דער רבונו של עולם האָט אים מגלה געווען דעם סוד פון המתקת הדינים. ער האָט אים פאַרטרויט אַ מעטאָדע, אָנגעוויזען אַ דרך ווי ממתיק צו זיין די ביטערע און מעכטיגע דינים, אַז זיי זאָלען פאַרלירען זייער מרירות און תקיפות און פאַרוואַנדעלט ווערען אין דינין רפיין.

אָבער די אידייע פון המתקת הדינים איז אַן ענין נישט בלויז פאַר קבלה און חסידות, נאָר אויך פאַר דער ה ל כ ה. אפילו ווען די תורה האָט אָפּגעפּסק׳ענט דעם דינא תקיפא בכל חומר און אָנגעזאָגט דעם בית־דין ריקזיכטלאָז אויסצופירען דעם משפט, האָט זי אין דער זעלבער צייט זיך באַמיט צו קאָמפּליצירען די אויפגאַבע פון בית דין. די תורה האָט געהאַלטען, אַז באמת זענען אַלע דיני נפשות בבחינת „ויבואו מרתה ולא יכלו לשתות מים ממרה כי מרים הם״, אַז ווי גערעכט דער משפט זאָל נישט זיין, איז דער מענש דאָך נישט אַלע מאָל גייסטיג פעאיג און מאָראַליש באַרעכטיגט צו־צונעמען דאָס לעבען פון צווייטען מענש, אפילו ווען יענער איז אַ פאַר־ברעכער.

דעריבער האָט די תורה אַרומגערינגעלט די דיני נפשות מיט אַזוי פיל פּרטים און דיוקים, אַז פּאַקטיש איז די פאַרווירקליכונג פון מיתת בית־דין כמעט אַן אוממעגליכע זאַך. כדי צו פאַראורטיילען איינעם צום טויט מוזען קומען צוויי עדים, וועלכע האָבען געזען דעם באַשולדיגטען באַגיין דעם פאַר־ברעכען (השערות און אומשטענדליכע באַוויזען, „סוירקאַמסטענשעל עווידענס״ זענען נישט גענוג אַפילו אין דיני ממונות — סנהדרין ל״ז). די עדים מוזען מתרה זיין דעם חוטא, און ער מוז ענטפערען, אַז ער איז גרייט צו באַגיין דעם פאַרברעכען און נעמען אויף זיך אַלע קאָנסעקווענצען (עד שיתיר עצמו למיתה — על מנת כן אני עושה). דאָס פאַרברעכען מוז פאַרקומען תוך כדי דיבור פון דער התראה. דער בית־־דין דאַרף בודק און חוקר זיין מיט אַ סך חקירות ובדיקות.

דער גאַנצער סיסטעם פון פּראָצעדוראַלע דינים אין דער הלכה׳שער טערמינאָלאָגיע פון „ושפטו העדה — והצילו העדה״ איז באַהויכט פון אַן אויסשליסלעכער טענדענץ צו פירען אין דער ריכטונג פון לימוד ז כ ו ת און צו צוימען דעם נאַטירליכען דראַנג פון די דיינים צו באַשטראָפען דעם פאַרברעכער!

די הלכה האָט געמאַכט אַ גאַנצע צאָל באַגרעניצונגען פאַר׳ן בית־דין אין פסק׳ענען דיני נפשות.

שווימט אויף די פראַגע: ממה נפשך, האָט די תורה געוואָלט אויס־שאַלטען טויט־שטראָף, פאַרוואָס האָט זי בכלל אַ סך מאָל פאַרגעשריבען טויט־שטראָף? האָט די תורה, ווידער, געהאַלטען פאַרקערט, אַז דער שטרענגער עונש דאַרף דורכגעפירט ווערען — פאַרוואָס האָט זי אַזוי שווער געמאַכט די פּראַקטישע דורכפירונג פונ׳ם עונש? פאַרוואָס האָט זיך די משנה אויסגע־דריקט אין מכות (דף ז׳): סנהדרין ההורגת אחת בשבוע (איין מאָל אין זיבען יאָר) נקראת חובלנית. רבי אלעזר בן עזריה אומר, אחד לשבעים שנה. פאַר־וואָס האָבען רבי טרפון און רבי עקיבא דערקלערט: אלו היינו בסנהדרין לא היה אדם נהרג מעולם, נאָך דעם ווי די תורה האָט דאָך פאַרט אָנגעזאָגט וועגען עונש מיתה?

דער ענטפער ליגט פאַרבאָרגען, ווי אָנגעדייט פריער, אין דער קבלה־אידייע פון המתקת הדינים: אוודאי זענען דאָ פאַרברעכענס, פאַר וועלכע דער חוטא פאַרדינט טויט־־שטראָף, און דער בית־דין איז מחויב דעם שולדיגען צו פאַר׳משפּט׳ן און זען, אַז דער אורטייל זאָל אויסגעפירט ווערען. דער בית־דין מוז פאַרווירקליכען דעם דינא תקיפא — ווי ביטער די אויפגאַבע זאָל נישט זיין. אָבער פונדעסטוועגען איז אַן עונש מוות אין דער מדרגה פון „ולא

יכלו לשתות מים ממרה, כי מרים הם". בלוט ווערט פאַרט פאַרגאָסען, אפילו ווען דאָס איז בלוט פון אַ פאַרברעכער (מנין לבית־דין שהרגו את הנפש שאין טועמים כל אותו היום? תלמוד לומר: לא תאכלו על הדם).

ממילא האָט די תורה קאָמפּליצירט די דינים און פאָרמולירט אַזעלכע תנאים, וואָס זאָלען דעם משפט מוות כמעט אוממעגליך מאַכען. דער פּרינציפּ פון המתקת הדינים קומט צום אויסדרוק אין די אַלע הלכות.

מיר ווייסען אויך ווי די תורה שבעל־פּה האָט אויסגעטייטשט דעם פּסוק „עין תחת עין, שן תחת שן, יד תחת יד, רגל תחת רגל" וכו' (כ"א, כ"ד). דער פּסוק, לויט אונזער פּשט, פאַרלאַנגט, אַז דער חובל זאָל באַצאָלען שאָדען־ערזאַץ פאַר'ן מום: „עין תחת עין" מיינט ממון תחת עין. אין דער גמרא בבא קמא זענען דאָ אַ סך ראיות, אַז עין תחת עין מיינט נישט עין ממש, נאָר געלט.

דער רמב"ם האָט קלאַסיפיצירט די דאָזיגע הלכה אונטער „פּירושים המקובלים ממשה רבנו", בנוגע וועלכע קיינער קען ניט האָבען קיין קעגענגעזעצטע מיינונג. ווער עס לערנט אַן אַנדערן פּשט איז בגדר צדוקי.

אָבער דאָ דערוועקט זיך אַ מערקווירדיגע פראַגע: וויבאַלד, אַז די תורה האָט דורך דעם אויסדרוק „עין תחת עין" פאַרשטאַנען געלט אָדער שאָדענערזאַץ, פאַרוואָס האָט זי פאָרמולירט דעם חוק אויף אַזאַ מאָדנעם אופן און דאדורך געגעבען מקום למינים לירדות בו (אַלע שונאי ישראל טשעפּען זיך צו דעם פּסוק) און האָט ניט געזאָגט פּשוט: „כסף תחת עין, כסף תחת יד, כסף תחת רגל"? מיר וואָלטען דאָך דאַמאָלסט פאַרשפּאָרט די אַלע וויכוחים און טענות ומענות.

אָבער דער תירוץ דאַרויף איז אַ פּשוט'ער: די תורה האָט דעם נוסח פון „כסף תחת עין" ניט געקענט באַנוצען, ווייל אַזאַ פאָרמולע וואָלט מחלל געוועזען כ ב ו ד ה א ד ם. דאָס וואָלט דערנידריגט. דעמאָלט וואָלט זיך באַקומען דער איינדרוק, אַז די מענשליכע אברים — דאָס אויג, מיט זיין כוח הראיה, אָדער די האַנט מיט איר כוח המישוש א. אַ. וו. — האָבען נאָר אַ ווירטשאַפטליכען ווערט. און אַז דאָס באַשעדיגען פון זיי קען גוטגעמאַכט ווערען מיט געלט. אין אַזאַ פאַל וואָלט איינער זיך נאָך געקענט פאַרשטעלען, אַז ער קען אַ צווייטען לכתחילה מאַכען פאַר אַ בעל מום און שפּעטער אים באַצאָלען. אַזאַ מין נוסח וואָלט געקלונגען ווי די תורה, חס ושלום, שאַצט ניט אָפּ די מענשלעכע ווירדע, די חשיבות פון מענשען, פון זיינע אברים און כחות־הנפש, וואָס זענען באַשאַפען געוואָרען בצלם א'.

אין דעם מערקווירדיגען מאמר פון „עין תחת עין" האָט די תורה

געוואָלט אויסדריקען דעם געדאַנק, אַז באמת קומט דעם מזיק דער שרעקליכער עונש פון אָוועקנעמען ביי אים זיין אייגען אויג פאַר דעם נידערטרעכטיגען פאַרברעכען וואָס ער איז באַגאַנגען געגען אַ צווייטען מענש דורך בלינד מאַכען אים אויף אַ גאַנץ לעבען. די מידת הדין פאַרלאַנגט, אַז דער חובל זאָל באַצאָלען פאַר זיין טאַט, און די איינציגע תשלומים וועלכע זענען גלייכווערטיג מיט׳ן היזק, וואָס ער האָט פאַראורזאַכט, איז דאָס אָוועקנעמען זיין אייגען אויג. געלט איז ניט קיין ערזאַץ פאַר דעם אָוועקרויבען דאָס גרעסטע גליק אין מענשליכען לעבען, דעם כח הראיה. נאָר מיט׳ן צונעמען דאָס אויג פון דעם מזיק און פאַרזינקען אים אין אייביגער פינסטערניש קען מען אים באַשטראָפען פאַר זיין אָבשויליכען פאַרברעכען, וועלכעס איז אָפּטמאָל שרעקליכער פון מאָרד. אַזוי פאָדערען די דינים תקיפים, דער פרינציפּ פון אַבסאָלוטער שטרענגער געטליכער גערעכטיגקייט. די תורה שבכתב, אָפּשפּיגלענדיג דעם דינא קשיא, האָט זיך באַנוצט מיט דעם נוסח פון עין תחת עין, כדי צו באַטאָנען דעם יסוד הצדק המוחלט, די אַבסאָלוטע גערעכטיגקייט.

ערשיינט אָבער פון דער אַנדער זייט די מדה פון המתקת הדינים און דערקלערט:

— אמת, דער מזיק פאַרדינט טאַקי מען זאָל ביי אים צונעמען זיין ראיה ווי ער האָט עס געטאָן זיין חבר. אָבער דעם דינא תקיפא קען מען ניט אויספירען; עס איז צו שרעקליך פאַר אַ בשר ודם צו פאַרווירקליכען דעם שטרענגען דין. די פּראַקטישע רעאַליזירונג פון אַזאַ ביטערען פרינציפּ פון צדק איז אין דער בחינה פון „ויבאו מרתה ולא יכלו לשתות מים ממרה כי מרים הם". אַוודאי איז דער דינא תקיפא ריכטיג און אין איינקלאַנג מיט די יסודות פון צדק; אָבער ער איז פאַרט צו ביטער פאַר אונז, קליינע מענשעלעך. נאָר דער בורא עולם מיט זיין אומענדליכער חכמה, גערעכטיגקייט און באַרימהאַרציגקייט קען אַזאַ דין אָנווענדען, אָבער ניט מיר, בשר ודמ׳ס.

ממילא איז געקומען די זעלבע געטליכע תורה, די תורה שבבעל־פה, מפי הקב״ה, און האָט ממתיק געווען די ביטערע וואַסער פון צדק. יאָ, דאַרפען דאַרף מען אים אַרויסנעמען דאָס אויג, אָבער בית דין איז ניט בכח אַזאַ דין צו פסק׳ענען „ויורהו ה׳ עץ וישלך אל המים וימתקו המים". דער דינא תקיפא איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין דינא רפיא.

שם שם לו חוק ומשפט, דאָרטען אין מרה האָט דער רבש״ע אַנטפּלעקט משה׳ן חק ומשפט, דעם סוד פון דינא רפיא (חק — דינא ר פ י א, און משפט — דינא ת ק י פ א). המתקת הדיניך. ווייל דאָס געזעץ, וואָס איז געגעבען געוואָרען פון רבש״ע צו דער כנסת ישראל, האָט שוין ניט די

ביטערקייט פון אַבסאָלוטען צדק, ער האָט דורכגעמאַכט דעם סודות־פולען פּראָצעס פון המתקת הדינים.

דעם פשט געפינט מען אין רמב"ם פ"א, מ"ה, חובל ומזיק ה"ג: „זה שנאמר בתורה כאשר יתן מום באדם כן ינתן בו, אינו לחבל בזה כמו שחבל בחברו, אלא שהוא ראוי לחסרו אבר או לחבל בו כאשר עשה, ולפיכך משלם נזקו והרי הוא אומר, ולא תקחו כופר לנפש רוצח, לרוצח בלבד הוא שאין בו כופר, אבל לחסרון איברים יש כופר".

אַזוי דאַרף מען אויך לערנען פשט אין דער גמרא בבא קמא פ"ד: „תניא רבי אליעזר אומר עין תחת עין ממש; ממש — סלקא דעתך? אלא אמר רב אשי, שאין שמין בניזק אלא במזיק". רבי אליעזר האָט ניט געמיינט, אַז מען דאַרף אַוועקנעמען דאָס אויג פון מזיק, נאָר אַז ער מוז באַצאָלען דעם ניזק אַזויפיל וויפיל זיין אייגען אויג איז ווערט.

פרעגט זיך דאָך אָבער: נאָך וואָס האָט רבי אליעזר געדאַרפט פאַר־מולירען דעם דין אַזוי מאָדנע. ער האָט דאָך פשוט געקענט זאָגען: „עין תחת עין — דמי מזיק"? די תשובה ליגט אויבען אויף:

רבי אליעזר האָט געוואָלט דורך דער מערקווירדיגער פאָרמולא ווידער אויסדריקען, אַז דאָס געלט, וועלכעס איז מחייב דעם מזיק, דאַרף ניט באַטראַכט ווערען אַלס שאָדען־ערזאַץ, ווייל אַזאַ מין היזק קען מען גאָרנישט באַצאָלען, נאָר אַלס כופר. שולדיג איז שולדיג דער מזיק דעם ניזק דאָס אויג ממש, נאָר ער קויפט זיך אויס. ממילא דאַרף ער געבען דעם ווערט פון זיין אויג, דעם מזיק'ס, פאַר וועלכען ער באַצאָלט כופר.

באמת זענען רוצח און מחסר אבר גלייך אין איין פּרט. די איינציגע ריכטיגע תשלומין פאַר זייער פאַרברעכען וואָלט געווען דער פאַרלוסט פון אַן ענליכען ווערט: ביים רוצח — דאָס לעבען, ביים מחסר אבר — דאָס ענליכע גליד. דער אונטערשייד צווישען דעם עונש פון רוצח און דעם פון מחסר אבר דריקט זיך אויס נאָר אין דעם וואָס בשעת בנוגע דעם רוצח האָט די תורה ניט ממתיק געווען דעם דינא תקיפא און געלאָזט דעם פאַרברעכער טרינקען די מים מרים פון ריקזיכטסלאָזער גערעכטיקייט „ולא תקח כופר לנפש רוצח אשר הוא רשע למות", — האָט זי אין באַציאונג צום מחסר אבר אַריינגע־וואָרפען דעם מיסטעריעזען עץ אין די ביטערע וואַסער און זיי ממתיק געווען. דאָס בית־־דין פסק'נט בנוגע חובל בחברו ניט דעם דינא תקיפא, נאָר דעם דינא רפיא, עין תחת עין — ממון.

דעם זעלבען פּרינציפּ פון המתקת הדינים ווערט אויך רעפלעקטירט אין אַ צווייטען פסוק אין דער סדרה משפטים:

„ואם שור נגח הוא מתמול שלשום והועד בבעליו ולא ישמרנו והמית איש או אשה השור יסקל וגם בעליו יומת. ואם כופר יושת עליו ונתן פדיון נפשו ככל אשר יושת עליו". די תורה שבעל־פה האָט דעם „יומת" אָפּגעטייטשט אין זינען פון מיתה בידי שמים. תרגום אונקלוס האָט זיך ניט ווייסענדיג גע־מאַכט פון דעם פּשט און האָט אָפּגעשטעלט סתם פּשוט „ואף מריה יתקטל". אונקלוס האָט עס געטאָן ווייל די תורה האָט זיך באַנוצט מיט דעם מערק־ווירדיגען נוסח „השור יסקל, וגם בעליו יומת".

דער רמב"ן האָט שוין באַמערקט, אַז אונקלוס האָט, ח"ו, ניט געמיינט מיתה בידי אדם ממש, נאָר ער האָט געוואָלט אַרויסברענגען דעם יסוד, וועל־כער איז מרומז אין דעם „וגם בעליו יומת", אַז באמת פאַרדינט דער בעל הבית געטויט צו ווערען פאַר זיין נאַכלעסיגקייט. סוף־כל־סוף האָט דער שור שוין געשטאָכען דריי מענשען פריער און מען האָט דעם אייגענטימער מתרה געווען, אַז דער אָקס איז אַ שור נגח און מען מוז אים היטען כדי ער זאָל ניט אָנטאָן קיין שאָדען. און ניט קוקענדיג אויף דעם האָט ער דאָך פאַרנאַכלעסיגט די שמירה פון שור. זיין נאַכלעסיגקייט און עצלות באַווייזען, אַז ביי אים שפּילט דאָס לעבען פון זיין שכן קיין ראָלע ניט. דער בעל השור דעמאָנסטרירט דאַ־דורך כאַראַקטער־שטריכען פון אַ רוצח, געמיינע און העסליכע מידות, און איז ווערט די שטרענגסטע שטראָף — מיתה — פאַר דעם אומגליק וואָס איז געשען שפּעטער. אַזוי דיקטירט דער דינא תקיפא, די ריינע גערעכטיגקייט (אונקלוס: מריה יתקטל).

דער דין איז אָבער צו ביטער; בית־דין איז ניט אימשטאַנד אויסצו־פירען אַזאַ טויט אורטייל (על רציחתו אתה הורגו ואין אתה הורגו על רציחת שורו). דער דינא תקיפא געפינט זיך ווידער אין מרה — „ויבואו מרתה ולא יכלו לשתות מים ממרה כי מרים הם". — און נאָך אַמאָל קומט די תורה און איז ממתיק דעם דינא תקיפא „ויורהו ד' עץ וישלך אל המים וימתקו המים"; ער ווערט פאַרוואַנדעלט אין דינא רפיא. מיתה בידי אדם ווערט ערזעצט מיט מיתה בידי שמים, און פון דער לעצטער קען זיך דער בעל השור אויסקויפען דורך כופר „ואם כופר יושת עליו ונתן פדיון נפשו".

דער אונטערשיד צווישען באַגיין אַליין אַ פאַרברעכען און צווישען נאַכלעסיגקייט, וואָס פאַראורזאַכט אַן אומגליק, באַשטייט אין דעם וואָס בנוגע זיין אייגענעם פאַרברעכען האָט די תורה זיך ניט באַנוצט מיט המתקת הדינים און פאַרלאַנגט די פולע אויספירונג פון דינא תקיפא „ולא תקחו כופר לנפש רוצח אשר הוא רשע למות", און ביי רציחת שורו האָט די תורה ממתיק געווען

דעם דינא תקיפא „ואם כופר יושת עליו״. דער אבן עזרא באמערקט: „הנה יהי׳ זה „יומת״ לפי דעתי כמו עין תחת עין שהוא ר א ו י שיומת״.

די חז״ל האָבען זיך אויסגעדריקט אין דעם באַקאַנטען מאמר אין דער ברייתא אין סנהדרין: „בן סורר ומורה לא היה ולא עתיד להיות, ולמה נכתב? דרוש וקבל שכר. עיר הנדחת לא היתה ולא עתידה להיות, ולמה נכתבה? דרוש וקבל שכר״. איז ווידער בולט דער זעלבער רעיון פון המתקת הדינים. פון שטאַנדפונקט פון דינא תקיפא איז דער בן סורר ומורה חייב מיתה. די אנשי עיר הנדחת פאַרדינען טויט־שטראָף. אָבער, נאָך אַמאָל — ולא יכלו לשתות מים ממרה, כי מרים הם! ווי קען מען היגריכטען אַ יונג אינגעל — אפילו ווען ער איז על פי דין אַ גדול — וועלכער פאַרשטייט נישט וואָס ער טוט? ווי קען מען פאַרניכטען אַ שטאָט, אפילו ווען זי איז באַגאַנגען דעם פאַרברעכען פון עבודה זרה? ממילא האָט די תורה ממתיק געווען דעם דין און האָט פאַרבונדען דאָס פאַר׳משפט׳ען דעם סורר ומורה מיט אַזוי פיל תנאים און פרטים, אַז דער בית־דין קען בשום אופן נישט (לויט דער מיינונג פון געוויסע תנאים) אויספירען דעם אורטייל. וישלך עץ אל המים וימתקו המים. דאָס זעלבע ביי עיר הנדחת.

אָט אין ד ע ם זינען האָט משה געבעטען אין „ויחל״ עד שהחלה משה להקדוש ברוך הוא: ער האָט אָפּגעשוואַכט דעם דין. ער האָט פאַרוואַנדעלט דעם דינא קשיא אין דינא רפיא.

אמת, האָט משה מתפלל געווען, אידען פאַרדינען די שטראָף, אָבער דו, רבונו של עולם, האָסט דאָך אונז אַנטפּלעקט אין מרה דעם סוד פון ה מ ת ק ת הדינים: ויורהו ה׳ עץ וישלך אל המים וימתקו המים. ווייל אַמאָל קען דער עונש זיין באַרעכטיגט פונ׳ם שטאַנדפונקט פון דינא קשיא, אָבער נישט פון דינא רפיא. על כן בעט איך, זאָלסט דעם חרון אַף, דעם דינא קשיא, נישט אויס־פירען, און זאָלסט אים מ מ ת י ק זיין.

פאַרוואָס? פשוט. ווייל ווי שלעכט אידען זאָלען נישט האַנדלען זענען זיי דאָך אַלץ בעסער אידער די מצריים. למה יאמרו מצריים ברעה הוציאם להרוג אותם בהרים ולכלותם מעל פני האדמה?

די מצריים וועלען זיך דאָך פרייען אויב, ח״ו, אַ קאַטאַסטראָפּע זאָל קומען אויף אידען, און זיי וועלען לעסטערן דעם שם שמים און שם ישראל. ווייל טראַץ דעם, וואָס אידען זענען זינדיג, בלייבט אָבער דאָך דיין נאָמען פאַרבונדען מיט זיי. צוליב דעם אַליין, טענה׳ט משה, דאַרף דער דינא תקיפא מילדער ווערען.

דער רבונו של עולם האָט מסכים געווען מיט משה׳ן און האָט ממתיק געווען דעם דין: וינחם ה׳ על הרעה אשר דבר לעשות לעמו.

דער דגש חזק דאַרף געשטעלט ווערן אויף ל ע ש ו ת. כביכול האָט נישט חרטה „על הרעה כאשר דבר על עמו״, דער דינא תקיפא איז געבליבען אמת ויציב. אַלץ וואָס השי״ת האָט נאָכגעגעבען משה׳ן, איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דער „לעשות״ איז נישט דורכגעפירט געוואָרען.

משה׳ס ויחל־תפילה־און־טענה איז אָנגענומען געוואָרען.

### דער גדול אין רשות היחיד און אין רשות הרבים

(פון אַ שיעור פון הגאון הרב יוסף דוב סאָלאָווייטשיק, שליט״א)

דער גדול, דער צדיק, לעבט אין צוויי רשויות — אין רשות היחיד און אין רשות הרבים.

ער לעבט מיט זיך, פאַרטיפט אין זיין אינערליכען וועזען, און איז זיך מתיחד מיטן באַשעפער, ער איז אַליין מיט השי״ת. ואיש לא יעלה עמך — „און קיין מענש זאָל מיט דיר נישט אַרויפגיין״, ווי מיר לייענען אין דער סדרה. דאָס איז זיין רשות ה י ח י ד (וואָס קען אויך מיינען: יחידו של עולם!).

אָבער ער לעבט אויך מיט׳ן כלל. זאָרגט די דאגה פונ׳ם כלל. איז זיך מצער מיט׳ן צער האומה. פירט אָן מיט הנהגה. פילט די ליידען פון אידען און איז מתפלל פאַר זיי — וואָסביידע זענען איינס, ווי מיר וועלען זען ווייטער. דאָס איז זיין רשות ה ר ב י ם.

(עירובין ונטילת ידים שלמה המלך תיקנן — זיך אויסצומישען מיט דער וועלט און אַרויסנעמען די הענט פון דער וועלט! — קאָצק).

ווי מיר לערנען אין דער סדרה:

ומשה יקח את האהל ונטה לו מחוץ למחנה, הרחק מן המחנה, וקרא לו אהל מועד — „און משה האָט גענומען זיין געצעלט און עס אויפגעשטעלט אויסער דער מחנה, ווייט פון דער מחנה, און האָט עס גערופען דאָס געצעלט פון איינזאַמלונג״ (שמות ל״ג, ז׳).

איז עס דאָך אַ סתירה. וואָס האָט משה געוואָלט? האָט ער געוואָלט אָפּגעזונדערטקייט, אָפּגעשלאָסענקייט, התבודדות, דעריבער האָט ער זיך אָפּגעשיידט אויסער דער מחנה? אויב אַזוי, פאַרוואָס־זשע האָט ער גערופען זיין געצעלט „אוהל מועד״, „דאָס געצעלט פון איינזאַמלונג״? התבודדות און איינזאַמלונג — ווי פאַרט זיך דאָס?

דעם ענטפער געפינען מיר אין דער צווייטער העלפט פונ׳ם פסוק: והיה כל מבקש ה׳ יצא אל אהל מועד אשר מחוץ למחנה — „און עס וועט זיין, אַז יעדער, וואָס זוכט ג־ט, וועט אַרויסגיין צום אהל מועד, וואָס איז אויסער דער מחנה״ (שמות ל״ג, ז׳).

„מועד״ האָט צוויי באַדייטונגען. ערשטענס, „איינזאַמלונג״; צווייטענס, „טרעפונג״. מיר זענען געוואוינט צום ערשטען טייטש, אָבער דער צווייטער שטייט בפירוש פריער אין חומש: ונועדתי לך שם — „און איך וועל זיך טרעפען מיט דיר דאָרט״ (שמות כ״ה, כ״ב). דעריבער הייסען די ימים טובים „מועדים״ אָדער „מועדי ה׳״, ווייל דאָס זענען די טעג, ווען אַ איד האָט אַ טרעפונג, אַן „אַפּאָינטמענט״ מיט׳ן רבונו של עולם.

אָבער ווי אַזוי „טרעפט זיך״ אַ איד מיט׳ן באַשעפער? דאָס זאָגט אונז רש״י אויף דעם זעלבען פסוק, והיה כל מבקש ה׳: מכאן למבקש פני זקן כמקבל פני השכינה — „פון דאַנען איז געדרונגען, אַז דער, וואָס קומט צו אַ צדיק, איז גלייך ווי ער נעמט־אויף די שכינה״. רש״י זאָגט: כמקבל פני השכינה, און ניט בלויז: רואה. דאָס דייט־אָן, אַז ער נעמט־אויף אין ז י ך די שכינה.

עס שטייט „כל מבקש ה׳״, אָבער ווי אַזוי זוכט אַ איד ג־ט? און וואָס געפינט ער ווען ער זוכט ג־ט? און צו וואָס קומט אַ איד צום צדיק?

אויף די דאָזיגע פראַגען גיט אונז אַן ענטפער טאַקע משה אַליין — און ער האָט דאָך געדאַרפט וויסען, ער איז דאָך משה ר ב נ ו, אונזער רבי.

ווען משה׳ס שווער האָט געזען זיין פירעכץ, איז עס אים אויסגעקומען מאָדנע. ער האָט געזען סתירות. דאָ האָט ער געזען משה׳ס פאַרשלאָסענקייט אין זיך, זיין איינזאַמקייט, זיין אַליינקייט, משה׳ס רשות ה י ח י ד: מדוע אתה יושב ל ב ד ך? — „פאַרוואָס זיצסטו אַליין?״ האָט ער געפרעגט. און דאָ האָט ער ווידער געזען: וכל העם נצב עליך מן בוקר עד ערב — „און דאָס גאַנצע פאָלק שטייט אַרום דיר פון פרי ביז אָווענט״ (זעט מען דאָ, אַז מען קען אַמאָל זיין „צווישען גאַנצען פאָלק״ און — דאָך זיין איינזאַם!), משה׳ס רשות ה ר ב י ם. ווי גייען עפּעס צוזאַמען דיביידע זאַכען — התבודדות און אסיפות?

האָט משה אים געענטפערט: „ווען עס קומט צו מיר דאָס פאָלק — קומט עס זוכען ג־ט״, כי יבוא אלי העם — לדרוש אלוקים.

אָבער וואָס מיינט „לדרוש אלוקים״?

דערויף גיט אונז אַן ענטפער דער רמב״ן: „זיי מוזען שטיין אַרום מיר אַ לאַנגע צייט, ווייל זיי קומען צו מיר וועגען אַ סך ענינים. זיי קומען צו מיר

איך זאָל בעטען ג־ט, איך זאָל תפילה טאָן פאַר זייערע קראַנקע״... וואָרים דאָס ווערט גערופען „זוכען ג־ט״, דרישת אלוקים. כי יבוא אלי לדרוש אלוקים — להתפלל על חוליהם (אין דער גירסא פון דער גלענצענדער, לומדיש־וויסענ־שאַפטליכער און פרעכטיגער אויסגאַבע פונ׳ם רמב״ן, פון הרה״ג ר׳ חיים דוב שעוועל, ירושלים, תשי״ט).

דער רמב״ן באַגרינדעט זיין „חסידישען״ טייטש מיט תנ״ך. אין מלכים ב׳ (קאַפּיטעל ח׳) לערנען מיר ווי בן־הדר, דער קראַנקער קעניג פון ארם, האָט געשיקט זיין געהילף חזהאל (וואָסער סימבאָלישער נאָמען! ג־ט־זעער) צו אלישע׳ן, וועלכער האָט פריער געהאָט געראַטעוועט דאָס קינד פון דער שונמית, ממש פון טויט — לעבעדיג, ער זאָל פאַר אים מתפלל זיין: ויאמר המלך אל חזהאל, קח בידך מנחה ולך לקראת איש האלוקים ודרשת את ה׳ מאותו, לאמור, האחיה מחלי זה — „האָט דער מלך געזאָגט צו חזהאל׳ן: נעם אין דיין האַנט אַ מתנה (אַ „פדיון״ מיט׳ן „קוויטעל״!) און גיי אַנטקעגען דעם געטליכען מאַן, און זאָלסט דורך אים מתפלל זיין צו ג־ט, אַזוי צו זאָגען, וועל איך אויסגעהיילט ווערען פון דער דאָזיגער קרענק?״

גיט־צו דער רמב״ן: „דאָס מיינט, אַז אלישע זאָל מתפלל זיין צו ג־ט און זאָל אים אויך זאָגען צי זיין תפילה איז אָנגענומען געוואָרען״. שיתפלל עליו ויודיעני אם נשמעה תפילתו.

דער גרויסער מפרש ברענגט נאָך אַ פסוק, ווען רבקה האָט געליטען צער פון דעם ויתרוצצו פון איר צווילינג, ותלך לדרוש את ה׳, „איז זי גע־גאַנגען זוכען ג־ט״ (בראשית כ״ה, כ״ב). זאָגט דער רמב״ן: „דאָס מיינט מתפלל צו זיין, ווי „דרשתי את ה׳ ויענני״, „איך האָב געבעטען ג־ט און ער האָט מיר געענטפערט״ (תהלים ד׳, ה׳); „דרשוני וחיו, „זייט מתפלל און איר וועט לעבען״ (עמוס ה׳, ד׳).

זעט מען דאָ ווי מען קומט צום צדיק ער זאָל מתפלל זיין אויף אַלער־ליי ענינים, ווי אויף געזונט, פרנסה, הצלחה.

אָבער ניט בלויז דער רבי דאַרף מתפלל זיין פאַר אַ קראַנקען — יעדער איז מחוייב דאָס צו טאָן, ווי די גמרא זאָגט אין ברכות (דף י״ב, עמוד ב׳):

„ווער עס קען בעטען רחמים אויף יענעם און בעט נישט, ווערט ער אָנגערופען אַ זינדיגער, ווייל עס שטייט: „אויך איך זאָל, חלילה, ניט זינדי־גען צו ג־ט דורך ניט מתפלל זיין פאַר אייך״. גם אנכי חלילה לי מחטוא לה׳ מחדול להתפלל בעדכם (שמואל א׳ י״ב, כ״ג).

אָבער וואָס א י ז תפילה? און ו ו י אַ ז ו י איז מען מתפלל אויף

יענעם? — דורך השתתפות בצער. דורך מיטפילען, מ י ט ל י י ד ע ן מיט יענעמ׳ס יסורים. זענען דאָך געווען צדיקים, וואָס ווען אַ אידען האָט ווײ געטאָן אין עק וועלט, האָט זיי ווײ געטאָן.

ווען אַ תלמיד חכם איז קראַנק, איז מען מחויב נאָך מער מיטצוליידען, זאָגט די זעלבע גמרא אין ברכות: „האָט רבא געזאָגט: אויב ער איז אַ תלמיד חכם און דאַרף רחמים, דאַרף יעדער מיטקרענקען מיט אים״, אם תלמיד חכם הוא וצריך לרחמים, צריך שיחלה עליו. פאַרוואָס? ווייל עס שטייט: „און איך, ווען זיי זענען קראַנק געוואָרען, האָב איך אָנגעטאָן אַ זאַק און געפאַסט און מיין תפילה״ וכו׳, ואני בחלותם לבושי שק, עניתי בצום נפשי ותפלתי וגו׳ (תהלים ל״ה, י״ג). זאָגט רש״י, אַז דאָס האָט דוד המלך גערעדט וועגען דואג און אחיתופל, וועלכע זענען געווען תלמידי חכמים.

קומט אויס, אַז היות יעדער איד איז מחוייב מתפלל צו זיין פאַר יעדען אידען, איז עס דאָך אַ כלל ישראל תפילה. איז דעריבער פאַרשטענדליך פאַר־וואָס די שונמית, ווען זי האָט געוואָלט, אַז אלישע זאָל מתפלל זיין אויף איר, האָט זי געזאָגט: בתוך עמי אנכי יושבת, „צווישען מיין פאָלק זיץ איך״ (מלכים ב׳, ד׳, י״ג). וואָסער שייכות האָט דאָס צו תפילה? עס האָט יאָ אַ שייכות. ווייל זי האָט געוואָלט געהאָלפען ווערען צווישען כלל ישראל, אין זכות פון כלל.

דעריבער זענען מיר מתפלל וועגען אַ רפואה אין לשון רבים: רפאנו, הייל אונז, והעלה רפואה שלימה לכל מכותינו, „און ברענג־אויף אַ רפואה שלימה צו אַלע אונזערע קרענק״ — און אַז איינער איז ניט קראַנק, איז ער פטור פון אָט דער תפילה? ניין. ווייל ער דאַרף מתפלל זיין פאַר אַנדערע, וואָס זענען יאָ קראַנק.

און תפילה מיינט, ווי געזאָגט, מיטפילען. די לאָגיק פון תפילה אַלס מיטפילען איז פשוט. עס איז דאָך נגזר געוואָרען בלויז אויף דעם באַטרעפענ־דען יחיד ער זאָל קראַנק זיין, אָבער ניט אויף זיינע פריינט, ניט אויף די מיט־מענשען. דעריבער ווען אַנדערע, וואָס אויף זיי איז ניט נגזר געוואָרען, ליידען מיט, אָדער, ווי מען איז מחוייב ביי אַ תלמיד חכם, קרענקען־מיט — דאַרף דאָך דער גזר־דין בטל ווערען. ווייל דאָ ליידען דאָך מענשען אומשולדיג, מענשען, וואָס אויף זיי איז ניט נגזר געוואָרען קיין מחלה.

דעריבער האָט משה רבנו זיך באַקלאָגט אין ואתחנן. ער האָט געהאָט תרעומות אויף אידן, פאַרוואָס זיי האָבען ניט מתפלל געווען אויף אים.

ואתחנן אל ה׳, „איך האָב געבעטען צו ג־ט״, ב ל ו י ז איך. א י ר האָט מיט מיר ניט מיטגעבעטען, ניט מיטגעפילט. ויתעבר ה׳ בי, „ג־ט האָט

אויף מיר געצאָרנט״, ווידער אַמאָל, בלויז אויף מיר, און ניט אויף אייך. וואָלט איר מתפלל געווען אויף מיר, וואָלט אפשר די תפילה יאָ אָנגענומען געוואָרען, בפרט, אַז דער צאָרן איז געווען למענכם, צוליב אייך. דאָס איז דער זין פון משה׳ס דערציילען וועגען זיין ניט־אָנגענומענער תפילה, בעת ער האָט געלאָזט הערען שטראָף־רייד אויף אידען, ווייל אַנישט, וואָסער שייכות האָט ואתחנן צו זיינע שטראָף־רייד?

משה האָט געהאָט אַ גערעכטע טענה. ערשטענס, לויט׳ן דין, ווייל מען איז מחויב באַזונדערס מתפלל צו זיין פאַר אַ תלמיד חכם; צווייטענס, מצד הכרת טובה. ער האָט דאָך פאַר די אידען יאָ מתפלל געווען. ער האָט דאָך מיט זיי יאָ מיטגעליטען, מיטגעקרענקט — ביז אויסשטרעקען זיין לעבען פאַר אידען! ווי מיר לערנען טאַקע אין דער היינטיגער סדרה, נאָכ׳ן מעשה העגל: ויחל משה את פני ה׳, „און משה האָט געבעטען דעם אָנזיכט פון ג־ט״.

וואָס מיינט „את פני ה׳״? די קאָנפראָנטאַציע פּונ׳ם מענשען מיט׳ן באַשעפער. דאָס איז תפילה! און ווי אַזוי וואָגט אַ מענש זיך צו שטעלען פאַר׳ן רבון כל העולמים? דורך צוויי זאַכען: ערשטענס, אין כלל ישראל — בתוך עמי אנכי יושבת. צווייטענס, דורך דעם צדיק — והיה כל מבקש ה׳ יצא אל אהל מועד.

אָבער דער גדול אַליין, ווי ווייט ער איז איינס מיט כלל ישראל, וואָס דאָס איז זיין רשות הרבים, ווי געזאָגט, איז באַהאַלטען און פאַרשלאָסען אין אייגענער צניעות — אין צדקה בסתר, חסד בסתר, תפילה בסתר, ווי עס איז די מידה פון הקדוש ברוך הוא (יושב בסתר עליון) — דאָס איז זיין רשות היחיד.

גדולים וואָס זענען געווען מפורסמים, זענען באמת געווען נסתרים. „אַלע האָבען זיי געקענט״ — און זעלטען ווער האָט זיי געקענט. זייער אמת׳ע גרויסקייט איז געווען אַ באַהאַלטענע.

איז ווען משה איז געוואויר געוואָרען „כי קרן עור פניו״, אַז געשיינט האָט זיין פנים״ (שמות ל״ד, ל׳), ויתן מסווה על פניו, „האָט ער אַרויפגעטאָן אַ פאַרדעקונג אויף זיין פנים״ (שם, ל״ד, ל״ג). כדי צו בלייבען בהסתר.

דאָס ליכט וואָס איז געווען אַזוי גרויס, אַז עס האָט אַזש אַרויסגעשפּאַרט, אַרויסגעלויכטען, איז פאַרט געבליבען פאַרבאָרגען. דאָס איז געווען זיין רשות היחיד א י ן רשות הרבים.




### דער בית המקדש איז געווענדעט אין אידען

**ויקהל** איז אַ סדרה, וואָס בינדט צוזאַמען אידען מיט פיל פעדים, שוין ביים אַריינפיר טרעפען מיר אין איין פסוק 4 אויסדרוקען, וואָס שטרייכען אונטער די איינהייט פונ׳ם פאָלק ישראל:

„ו י ק ה ל משה את כ ל ע ד ת" און דאַן „בני ישראל". ויקהל — דאָס א י י נ ז אַ מ ל ע ן פון אַלע אידען. דאַן „כל", אַ ל ע, אַן אויסנאַם, און דערנאָך ע ד ת בני ישראל, די „עדה", וואָס איז אויך אַ באַצייכענונג פון אַ צונויפגעבונדענער גרופע מיט אַן איינהייטליכקייט פון איין אמונה און בשות־פות׳דיגע צילען. און צום סוף „בני י ש ר א ל", וואָס דאָס שטרייכט אויך אונטער די אחדות האומה.

די ווייטערע ענינים, מצוות שבת, אויפשטעלען דעם משכן — דאָס זענען אויך פאַקטאָרען פון אויסשמידען די קינדער פון ישראל אין איין פאָלק.

### איינזאַמלען אידען איז דער יסוד פונ׳ם בית המקדש

**דער** ערשטער שריט צו בויען אַ משכן איז „ויקהל משה את כל עדת בני ישראל", איינזאַמלען און פאַראייניגען אַלע אידען. אחדות ביי אידען — דאָס איז דער פונדאַנעמט פאַר בויען ג־ט׳ס הויז.

דאָס בית המקדש איז חרוב געוואָרען צוליב „אומזיסטיגען האַס" צווי־שען אידען, דורך שנאת חנם, ווייל דערמיט איז פאַרניכטעט געוואָרען דער יסוד פונ׳ם בית המקדש, וועלכער איז — ו י ק ה ל משה את כל עדת בני ישראל, משה האָט איינגעזאַמעלט אַלע אידען אין איין עדה, אין איין גע־מיינשאַפט.

אידער מ׳איז צוגעטראָטען בויען אַ משכן האָט מען צוערשט געמוזט ווידער־אויפבויען דאָס פאָלק; דאָס הייסט צוריקשטעלען זיין איינהייט. ווען אידען האָבען מקבל געווען די תורה זענען זיי געוואָרען איין פאָלק, ווי עס שטייט: ויחן שם ישראל — כאיש אחד בלב אחד, זיי זענען געווען ביי מעמד הר סיני „ווי איין מאַן מיט איין האַרץ״: דעריבער שטייט „ויחן״ אין לשון יחיד; ווען זיי האָבען אָבער געמאַכט דאָס עגל זענען זיי ווידער צעשפּליטערט געוואָרן, ווי ס׳שטייט: קול מלחמה במחנה, אַ קריג איז געווען אין דער מחנה, און ווי די חז״ל זאָגען, אַז אפילו צווישען די, וואָס האָבען געמאַכט דאָס עגל איז געווען אַ צוטיילונג: י״ג עגלים עשו ישראל אחד לכל שבט ואחד דמוסיא לכולן (ירושלמי, סנהדרין, פרק ו׳). יעדער איינער האָט געהאַט ז י י ן עגל...

דעריבער, ווען משה איז צוגעטראָטען בויען אַ משכן האָט ער קודם כל צוריקגעשטעלט די א י י נ ה י י ט פונ׳ם פאָלק, ויקהל משה את כל עדת בני ישראל, ער האָט צוזאַמענגעבונדען אַלע אידען אין איין עדה.

### שבת איז נישט קיין פּריוואַטער ענין

נאָך דעם פסוק ויקהל קומט דער געבאָט פון שבת. דאָס איז צו לערנען, אַז שבת איז נישט קיין יחיד׳ישער ענין, נישט קיין פּריוואַטע זאַך, נאָר אַ געבאָט פאַר׳ן פאָלק ישראל. שבת פאַרעמט אויס דעם כאַראַקטער פונ׳ם יחיד א י ן כלל. חילול שבת איז דעריבער נוגע דעם כלל. באַשטייען דער־פאַר רעליגיעזע אידען אויף שמירת שבת אינ׳ם צ י ב ו ר ־לעבען, צי אין ישראל, אין לעבען פון דער מ ד י נ ה.

### שבת פאַראייניגט אידען צו אַ פאָלק

(לויט׳ן „שפת אמת״)

„און משה האָט איינגעזאַמעלט... און האָט זיי געזאָגט: דאָס זענען די זאַכען וואָס ג־ט האָט באַפוילען צו טאָן״. ויקהל משה... ויאמר אליהם, אלה הדברים אשר צוה ה׳ לעשות אותם. און דאַן קומט — וואָס? דאָס געבאָט פון שבת: ששת ימים וגו׳. זעט עס דאָך אויס אין פלוג אַ סתירה: משה זאַמעלט איין די אידען און זאָגט זיי, דאָס זענען די זאַכען וואָס ג־ט האָט גע־באָטען, זיי צו ט א ן, און דאַן קומט גאָר דאָס געבאָט פון שבת, נעמליך, דאָס געבאָט נ י ט צו טאָן, נעמליך, אַ מלאכה אום שבת? ווי געשיקט זיך עס? פשוט לערנט מען, אַז דער ל ע ש ו ת אותם גייט נישט אַרויף אויף

דער באַלד־געזאָגטען געבאָט פון שבת, נאָר אויף דעם וואָס קומט נ א ך דעם, נעמליך, אויפ'ן אויפבויען דעם משכן.

קומט דער „שפת אמת" און לערנט דאָ אַנדערש, נעמליך, אַז דער לעשות אותם גייט טאַקע אַרויף אויף שבת. ווי אַזוי? משה רבינו האָט געוואָלט איינזאַמלען די אידען אין איין איינהייט, ווידער־איינזאַמלען זיי, נאָך דעם ווי דער חטא פונ'ם עגל האָט זיי צעשפּליטערט (שנפלו למקום הפירוד והריבוי, אין לשון פון „שפת אמת"). ווייל עבודה זרה צעשפּאַלט די איינהייט, ווי עס שטייט אלה אלוהיך ישראל. פיל אָפּגעטער — פיל פאָלקס־שפּליטער, פאַר־קערט, איין ג־ט — איין פאָלק.

האָט משה געוואָלט צוריקשטעלען דעם דורכ'ן עגל צעבראָכענעם אחדות: ויקהל משה את כל ע ד ת בני ישראל, ער האָט פון „די קינדער פון ישראל" געוואָלט אויסשמידען אַן ע ד ה, א י י ן עדה. דאָס וואָס מיר פאַרשטייען ווען מיר זאָגען אין אידיש „אַן עדה אידען", אַ צונויפגעשמעלצטע גאַנצקייט.

ווי אַזוי מאַכט מען דאָס? דורך שבת. שבת האָט זיי פאַראייניגט. ווייזט אויס, אַז אפילו דינענדיג דעם עגל הזהב האָבען זיי עס געטאָן — דעמאָלט — בלויז אינדערוואָכען, שבת האָבען זיי פאַרט אָפּגעהיטען (ווי דער „שפת אמת" זאָגט: שמצוה זו, שמירת שבת, לא נאבדה מהם, ונתאחדו בשבת).

האָט משה רבנו געפילט, אַז דער ויקהל קען געשען דורך דעם יסוד וואָס איז זיי געבליבען נאָכ'ן עגל־חורבן, דורך שבת. דאָס מיינט דער פסוק: ויקהל, משה האָט זיי איינגעזאַמעלט. ווי אַזוי? דורך אשר צוה ה' ל ע ש ו ת אותם, נעמליך, וביום השביעי יהיה לכם קודש, דורך הייליג האַלטען שבת.

דערפון איז געדרונגען, אַז שבת איז נישט עפּעס אַ נעגאַטיווע זאַך, נישט־אַרבעטען, זיך אָפּהאַלטען פון טאָן אַ מלאכה; שבת איז אַ פּאָזיטיווער ענין; דאָס איז די קדושה פון שבת.

ווייטער גיט דער „שפת אמת" צו פאַרשטיין, אַז שבת איז דער אַרומ־נעמענדיגער, סומירענדיגער פאַקטאָר, דער כולל'דיגער כלל (אָדער ווי ער דריקט עס אויס: והוא ענין כלל ופרט, ופרט צריך לכלל, וכלל לפרט, ששבת הוא הכלל). דאָס מיינט, אַז איטליכער י ח י ד, איטליכער פ ר ט ווערט אַרומגענומען אין כ ל ל ישראל דורך שבת.

ו י ק ה ל איז דער כלל, זאָגט ווידער דער „שפת אמת", — די סומע פון אַלע מלאכות המשכן וואָס שטעלען אויף צוזאַמען דעם משכן, בעת פ ק ו ד י רעדט וועגען די פ ר ט י ם, וועגען די באַזונדערע מלאכות, כלים, מאַטער־יאַלען און באַשטאַנד־טיילען.

די סומע איז מער ווי דער סך־הכל פון די באַזונדערע פּאָזיציעס; דער כלל איז מער ווי די צאָל פּרטים. דאָ ברענגט דער „שפת אמת" דעם מדרש אויף פקודי — איש אמונות רב ברכות, „דער מאַן פון אמונה, זענען פול ביי אים די ברכות" — און זאָגט, אַז דאָס קומט צו פאַרענטפערן די קשיא: צו וואָס האָט מען געציילט און גערעכענט ביי די אַרבעטען פונ׳ם משכן, אין ציילען איז דאָך נישט שולט די ברכה? איז דער ענטפער: דורך משה רבנו, דעם איש אמונות, איז יאָ געקומען די ברכה, איש אמונות רב ברכות. ווייל דורך אמונה איז געקומען די איינהייט אין דער צעטיילונג (ע"י אמונה כראוי נמשך אחרי השורש מקום האחווה אף שהוא במקום הפירוד וכו׳). אַזוי האָט דער ויקהל צוזאַמענגעשמאָלצען די אַלע פּרטים פון פקודי אין איין שלימות.

### די קלוגשאַפט פון מוח און קלוגשאַפט פון האַרץ

די סדרה ויקהל קומט נאָך כי תשא, קאָן מען זען אין דער סמיכות אַן אָנדייטונג, אַז ווי אַזוי קען מען אויפהויבען אידען, כי תשא? דורך ויקהל. דורך איינזאַמלען זיי אין איינגקייט.

אין דער אַרבעט איבער׳ן משכן איז פאַראַן איין „שליסעל־פּסוק" אַזוי צו זאָגען, נעמליך: וכל חכם לב בכם יבואו ויעשו... „און אַלע קלוג־האַרציגע צווישען איך זאָלען קומען און טאָן..." (ל"ה, י׳).

דער פּסוק ברענגט דאָ אַרויס די חכמה פון ה אַ ר ץ חכם לב, און די חכמה פון ט אָ ן, יבואו ו י ע ש ו.ביידע זענען פאַרבונדען מיט איינאַנדער.

פאַראַן קלוגשאַפט פון מוח און קלוגשאַפט פון האַרץ. די ערשטע איז אויסגערעכענט, טרוקען, לויט אַ דורכגעטראַכטען חשבון — בלויז קאַלקולאַציע: איז עס כדאי? לוינט זיך עס? די צווייטע, די חכמת הלב, איז נישט בלויז געפיל, רגש, עמאָציע, ס׳רעדט זיך דאָך דאָ וועגען ח כ מ ה און נישט וועגען ר ג ש, אָבער ס׳איז אַ חכמה פון אַן אַנדערן סאָרט. קומט פון טיפערען קוואַל, פונ׳ם שקול הראשון, פון אינטואיציע, וואָס ביי גרויסע מענשען גרייכט זי גאָר הויך.

הויבט אַרויס דער פּסוק די חכמי לב, די קלוגע מיט האַרץ; אָט די זאָלען בויען דאָס בית המקדש. אָט ד י זענען קוואַליפיצירט אויפצושטעלען היילגקייט — און נישט די קאַלט־אויסקאַלקולירטע חשבון־מאַכער, און נישט די אויסגערעכענטע וואָס־וועל־איך־האָבען־דערפון עסקנים...

און דער פרואוושטיין פון די חכמי לב איז יבואו ויעשו, זיי זאָלען זיך אריינוואַרפען אין מעשים — אַ ן חשבונות. דאָס איז דער „טעסט״.

די מוח־קלוגע טעאָרעטיקער זוכען אַרויס אַלערליי שוועריגקייטען. חשבונ׳ען אויס אַלערליי שטערונגען און חששות, אַזוי אַז זיי קומען קיינמאָל נישט צו צו פאַרווירקליכונג, צו מעשים. זייער מסקנה איז: ס׳לוינט זיך נישט... ווארים כדי „צו קומען טאָן״, יבואו ויעשו, דאַרף מען זיין חכמי לב. מ׳דאַרף באַזיצען אימאַגינאַציע, אינטואיציע, וויזיע, און — מוט און גלויבען!

„דער קלוגער אין האַרצען״

ווייטער לייענען מיר: ויקרא משה אל בצלאל... ואל כל איש חכם לב, „און משה האָט גערופען בצלאל׳ן... און צו יעדען מענש קלוג אין האַרצען״ (ל״ו, ב׳).

דערפון זעט מען 4 פאָלגענדע לימודים:

ערשטענס, די אמת׳ע קלוגע זענען געווען „קלוגע אין האַרצען״, חכמי לב, זיי האָבען זייער חכמה באַהאַלטען אין האַרצען, זיי האָבען זי נישט אַרויס־געוויזען, נישט אַרויסגעטראָגען אין גאַס...

צווייטענס, מעגליך, אַז זיי האָבען אַליין נישט געוואוסט, אַז זיי זענען קלוג; אַזוי זענען די אמת׳ע חכמים; דעריבער איז ניט געווען גענוג דאָס א ו י ס ר ו פ ע ן, מ׳האָט זיי געמוזט ספּעציעל ר ו פ ע ן.

דריטענס, דעם חכם לויפט נישט אַליין ער וואַרט מ׳זאָל אים רופען...

פערטענס, דער „קלוגער אין האַרצען״ שטופּט זיך נישט. ער שטייט אין שאָטען, בצלאל: בצל קל, אָבער — אין געטליכען שאָטען...

פאַרשידענע אופנים פון געבען

איצט אַז זיי זענען שוין אַלע צוזאַמען, ווענדט זיך משה צו זיי מיט אַ רוף: קחו מאתכם תרומה לה׳, „נעמט פון אייך אַביישטייער פאַר ג־ט״ (ל״ה, ו׳). פרעגט זיך: פאַרוואָס עפּעס ק ח ו מאתכם? „נ ע מ ט פון אייך?״ ס׳האָט דאָך געדאַרפט שטיין: תנו, גיט!?

(אויך ביי „ויקחו לי תרומה״, שטייט ויקחו, אָבער דאָרט האָט מען גע־רעדט צו די אָנפירער, צו די קאַסירער — דאָ, אָבער, איז דאָך דער רוף צו אַלע אידען, ס׳שטייט דאָך: ויאמר משה אל כל עדת בני ישראל, קחו מאתכם.)

נאָר דאָ רעדט מען טאַקע צו די געבערס און מ׳זאָגט צו זיי: קחו מ א ת כ ם, נעמט פון זיך אַליין, באַזיגט אייער צוגעבונדענקייט צו געלט, זייט מנצח אייער קאַרגשאַפט, נעמט פון ז י ך אַ ל י י ן!

נאָכדעם ווי משה האָט גערופען אידען צו געבען אויף דעם משכן, שטייט: ויצאו כל עדת בני ישראל וכו׳ ויבואו כל איש אשר נשאו לבו, „און די גאַנצע עדה פון אידען איז אַרויסגעגאַנגען... און זיי זענען געקומען, איטליכער וואָס זיין האַרץ האָט אים דערהויבען״ (ל״ה, כ׳).

זעט מען דאָ, אַז אַרויסגעגאַנגען פון משה׳ן נאָכדעם ווי זיי האָבען געהערט זיין „אַפיל״, אַזוי צו זאָגען, זענען אַלע אידען; צוריקגעקומען מיט דיביישטייערונגען, זענען אָבער בלויז די נדבנים, די וואָס „זייער האַרץ האָט זיי דערהויבען״. בלויז די, וואָס האָבען דערגרייכט האַרץ־דערהויבונג זענען געקומען געבען.

לאָמיר זיך אָביסעל פאַרטיפען אין די באַטרעפענדע אויסדרוקען אין די דאָזיגע פסוקים:

ויבואו כל איש אשר נשאו לבו, וכל אשר נדבה רוחו אותו, „און זיי זענען געקומען איטליכער, וואָס זיין ה אַ ר ץ האָט אים ד ע ר ה ו י ב ע ן״. דערנאָך לייענען מיר ווייטער: „און איטליכער וואָס זיין ג י י ס ט האָט אים געמאַכט פאַר אַ נ ד י ב״.

פריער שטייט: אשר נ ש א ו — דערהויבונג, און ל ב ו — זיין האַרץ; דאַן שטייט אשר נ ד ב ה — באַוויליגט, נדיבות, און ר ו ח ו — זיין גייסט.

די דאָזיגע דעליקאַטע אונטערשיידען דריקען אויס חלוקים אין די באַזונדערע צוגאַנגען פון געבער און פון זייער געבען. די ערשטע, די האַרץ־דערהויבענע, די, וואָס נשאו לבו, זענען מענשען מיט שוואונג און וויזיע, זיי קוקען אַרויף, זייער געבען איז אין דער ה ו י ך, דערהויבונג, שוואונג, וויזיע.

די צווייטע, ווידער, די גייסט־וויליגע, אשר נדבה רוחו, זענען מענשען גיכער מיט ברייטען פאַרנעם, מיט׳ן גרויסען זשעסט, מענשען פון אַנטוויקלונג, אויסשפרייטונג; זייער געבען איז אין דער ב ר י י ט, נעמען אַרום גרויסע שטחים און שטרעבען צו עקספּאַנסיע פון די מוסדות און אונטערנעמונגען, וועלכע זענען שוין פאַראַן.

ביידערליי שטעלען פאָר צוויי עטאַפּען פון יעדער געזעלשאַפטליכער אונטערנעמונג; פון שאַפען, גרינדען מוסדות, אונטערנעמונגען. צוערשט קומט די פּלאַנונג. דערצו מוז מען האָבען וויזיע, שוואונג. דערצו דאַרף מען האָבען האַרץ, געפיל, אשר נשאו וואָס ווערט דערהויבען, געטראָגען אין דער הויך; און נישט דווקא דורך געבויע אויסרעכענונגען, דורך בפרטיות׳דיגען אויס׳חש־

בונ'ען, נאָר וואָס ווערט אינספּירירט דורכ'ן געפיל, דורכ'ן האַרץ, אשר נשאו לבו.

דאָן קומט דער צווייטער שטאַפּעל — די אויספירונג. דערצו דאַרף מען האָבען נדיבות, געבען מיט אַ ברייטער האַנט, זאַמלען מיט גרויס ענערגיע, אשר נדבה, און — רוחו, גייסט, געניי אַרומזען און אויסבויען מיט חשבון און פאַר־שטאַנד וואָס מ'טוט מיט אשר נדבה לבו.

איינס אַליין איז נישט גענוג. ביידע צוזאַמען קענען שאַפען גרויסע זאַכען. האַרץ און גייסט דאַרפען פאַרוואַנדעלט ווערען אין ט אַ ט:

וכל אשה חכמת לב בידיה טוו, „און אַלע פרויען קלוג אין האַרצען וואָס מיט אירע הענט האָט זי געשפּונט" (ל"ה, כ"ה) די חכמת לב, די „קלוג־שאַפט פון האַרץ" דאַרף זיין „אשר בידיה", אין די הענט, אין מעשים. ווי נישא לבבינו אל כפינו, דאָס האַרץ זאָלען מיר אויפהויבען אין די הענט, דאָס געפיל אויסדריקען אין טאַטען...

ווי ווייטער: מלא אותם חכמת לב לעשות... ער האָט זיי אָנגעפילט מיט האַרץ־קלוגשאַפט, לעשות, צו ט אָ ן.

און דער זעלבער פסוק ענדיגט זיך גאָר מיט: עושי כל מלאכה וחושבי מחשבות, צ ו ע ר ש ט „די וואָס טוען יעדע אַרבייט", און ד ע ר נ א ָ ך „די וואָס טראַכטען געדאַנקען"...

דאָס קען מען אויך אַרויסלערנען פון דעם ווייטערן פסוק: ועשה בצל־אל ואהליאב וכל איש חכם לב וכו' און דאַן: ויקרא משה אל בצלאל ואל אָהליאָב ואל כל איש חכם לב וכו' (ל"ו, א'־ב'). פרעגט זיך: האָט דאָך משה געדאַרפט צ ו ע ר ש ט רופען זיי, און דערנאָך ערשט האָט געדאַרפט שטיין ועשה בצלאל? איז דער ענטפער: ווי אַזוי האָט משה געוואוסט ו ו ע ר עס זענען די חכמי לב? — ווען ער האָט געזען ווער ס'האָט ג ע ט א ָ ן, ווען ער האָט געזען ווי ועשה בצלאל ואהליאב, האָט ער געוואוסט, אַז די זענען דאָס די חכמי לב.

אויך וכל חכמי לב בכם יבואו ויעשו איז פאַראַן אַן אָנדייטונג, וואָס שטעלט זיך אָפּ אויף דעם „בכם". געוויינליך האָבען אידישע געלערנטע גע־ווידמעט זייער וויסען און קענען, זייערע טאַלאַנטען און אָנשטרענגונגען פאַר פרעמדע; זאָגט דאָ דער פסוק: וכל חכמי לב — ב כ ם יבואו ויעשו, די אַלע קלוגע אין האַרצען זאָלען זיין אַזוי קלוג, אַז זיי זאָלען אַרבעטען א י ן אידענ־טום, פ א ַ ר אידען, בכם יבואו ויעשו, און נישט פאַרטאַכלעווען זייערע כוחות פאַר אומדאַנקבאַרע פרעמדע...

ויאמר משה אל בני ישראל: ראו קרא ה' בשם בצלאל וכו', „האָט

משה געזאָגט צו די אידען: זעט! ג־ט האָט גערופען מיט'ן נאָמען בצלאל"... (ל"ה, ל').

אין דעם „ר א ו" ליגט ווי אַן אויסרוף פון וואונדער, וואָס איז דאָס וואונדער? דער רמב"ן גיט עס צו פאַרשטיין אויפ'ן ערשטען ראה קראתי בשם בצלאל, אין „כי תשא", אַזוי:

אין מצרים האָבען אידען געזונקען אין שווערער גראָבער אַרבעט פון ליים און ציגעל, חומר ולבנים, האָבען געלעבט אין קנעכטשאַפט און נויט — און אַט זעט דאָס וואונדער! צווישען די דאָזיגע פאַרשוואַרצטע און פאַרשמוצ־טע אַרבעטער זענען געווען פאַרהוילענע טאַלאַנטען, פאַרבאָרגענע קינסטלער, וואָס האָבען באַוויזען זייער קונסט אין אידעלע מעטאַלען, אין גאָלד און זילבער, ולחשוב מחשבות לעשות בזהב ובכסף ובנחושת, ווען נאָר ס'האָט זיך באַוויזען אַ מעגליכקייט דערצו. וואו האָט זיך צו זיי גענומען אַזאַ געניטקייט אין אידעלע מעטאַלען, וואָס זיי האָבען פאַר די אויגען נישט געזען? ראו, איז עס נישט קיין וואונדער?

און, לאָמיר צוגעבען, איז עס נישט קיין וואונדער וואָס אידען אין אָרימ־קייט און נויט, צווישען די סאַדיסטישע פעלקער פון אייראָפּעאישער „קולטור", האָבען אַרויסגעגעבען אַזויפיל קינסטלער און געלערנטע?

די הייליגקייט אין טאָן און אין נישט־טאָן

**ויאמר** אליהם, אלה הדברים אשר צוה ה' לעשות אותם — „און ער האָט צו זיי געזאָגט: דאָס זענען די זאַכען וואָס ג־ט האָט געבאָטען זיי צו טאָן".

געמיינט זענען דאָ די אַלע מלאכות פונ'ם משכן און זיינע כלים.

אין די מלאכות, וואָס אַ מענש טוט, אין די דערפינדונגען, וואָס ער אַנטדעקט, אין דעם פאַרשריט פון דער טעכניק וואָס ער געווינט, אין די אויפטוען פון דער ווויסענשאַפט, וואָס ער דערגרייכט — אין דעם אַלעמען באַווייזט זיך די הערשאַפט פונ'ם מענשען איבער דער טבע. מיט דער דאָזיגער הערשאַפט, אַ דאַנק זיין מוח, זיין פעאיגקייט, ברענגט ער אַריין ענדערונגען אין דער נאַטור, נוצט זיי אויס פאַר זיינע צוועקען, שפּאַנט איין די כוחות הטבע פאַר זיין געניסען.

האָט די תורה דאָ אָנגעזאָגט, אַז דער מענש מעג, דאַרף, משעבד זיין די דאָזיגע כוחות פון דער נאַטור, כדי צו פאַרוואַנדלען די וועלט אין אַ משכן פאַר ג־ט, אין אַ בית המקדש, וואו עס זאָל רוען די שכינה, ווי עס שטייט: ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם.

דעריבער האָט דער איד געדאַרפט הייליגען די אַלערליי מלאכות, וואָס זייערע פּראָטאָטיפּען זענען די ל״ט מלאכות, דורך באַנוצען זיי פאַר׳ן משכן.

דעריבער אויך האָט דער איד געדאַרפט מקדש זיין די ל״ט מלאכות דורך נ י ש ט-באַנוצען זיי אום שבת; דורך אַריינברענגען מנוחת שבת און קדושת שבת אין דער אַרבעט פון דער וועלט, און אין דער וועלט פון אַר־בעט — ברענגט אַרויס רבי שמשון רפאל הירש.

מען קען דאָ ווייטער ציען דעם פאַדים, אַז די אַרבעט גופא פונ׳ם משכן האָט מקדש געווען דאָס פאָלק, ווי די חז״ל זאָגען, כיון שעשו מלאכה נאמר ושכנתי בתוכם, אַז ווי די אידען האָבען געטאָן די מלאכה — פונ׳ם משכן — האָט די שכינה גערוט צווישען זיי. ווייל אַ פאָלק, וואָס איז אינגאַנצען פאַר־נומען, אין אַלע מלאכות, און אַלע זיינע שיכטען, אויפצושטעלען אַ משכן פאַר ג־ט, איז די אַרבעט אַ ל י י ן שוין גורם, אַז די שכינה רוט צווישען זיי.

די הייליגקייט דריקט זיך אויס סיי אין טאָן, סיי אין דעם אָפּשיידען זיך פון טאָן, אום שבת. אין דעם ששת ימים תעשה מלאכה, און אוודאי אין דעם ביום השביעי יהיה לכם קודש, שבת שבתון לה׳ — ווי עס ווערט באַלד גע־באָטען ביים אָנהויב ויקהל.

דאָס מיינט ממלכת כהנים וגוי קדוש. כהנים טוען דאָך די עבודה, זיי טוען, זיי אַרבעטען, — דאָס איז איין פליכט. גוי קדוש מיינט אָפּשיידען זיך פון טאָן, אום שבת און אום יום טוב. ווייל קדושה דריקט אויס — זיך צו־ריקהאַלטען, אָפּהאַלטען זיך, אָפּשיידען זיך פון זאַכען, וואָס זענען פאַרבאָטען.

ווי דער מדרש זאָגט אויף וימלא אותו רוח אלוקים, אַז „נישט בלויז בצלאל איז אָנגעפילט געוואָרען מיט ג־ט׳ס גייסט, נאָר יעדער, וואָס האָט עוסק געווען אין דער מלאכה פונ׳ם משכן, האָט אים הקב״ה אַריינגעגעבען חכמה, בינה און דעת, ווי עס שטייט: ויעשו כ ל חכם לב — „ס׳האָבען געטאָן יעדער האַרצקלוגער״.

אָן „אַפּיל״ נישט צו געבען...

**ויצו** משה ויעבירו קול במחנה לאמר, איש ואשה אל יעשו עוד מלאכה לתרומת הקודש, „און משה האָט באַפוילען, און מ׳האָט אַרויסגעלאָזט אַ רוף אין דער מחנה אַזוי צו זאָגען: קיין מאַן און קיין פרוי זאָל מער נישט מאַכען קיין אַרבעט פאַר דער הייליגער ביישטייערונג״ (ל״ו, ו׳).

דאָס ווייזט צוויי זאַכען: ערשטענס, אַז ס׳איז אַזש געווען נויטיג אַ ספּעציעלער רוף אויף צו באַוועגען די אידען אויפצוהערען צו געבען, אַן **„אַפּיל״ אויף נישט געבען.**

צוויטענס, ס'קען טרעפען, אז נאכדעם ווי זייערע אויפגאבעס זענען דערפילט, זאלען די קערפערשאפטען, ארגאניזאציעס און אפאראטען, וועלכע זענען געשאפען געווארען צו געוויסע צוועקען, נישט וועלען זיך אויפלעזען, נאר ווייטער פארזעצען זייער „עגזיסטענץ" און ווייטער „טאן" די ארבעט, וועלכע איז שוין אפגעטאן געווארען (קיין ביישפילען איז נישט נויטיג אנצואווייזען... וד"ל). דעריבער האט משה רבנו דא ספעציעל געלערנט, אז נאכדעם ווי אן אויפגאבע איז געענדיגט, איז — סטאפ! דארף אויפהערען דאס פונקציאנירען פון די באטרעפענדע קערפערשאפטען, וועמענס מיסיע איז — דערפילט.

אבער אויך דערצו, צו וויסען ווען אויפצוהערען, — און צו האבען דעם כוח אפצושטעלען אן אפאראט מיט כיבודים און אמטען, וואס לויפט מיט דער רוטין טרייב־קראפט פון אינערציע, דארף מען האבען ערליכקייט און — שכל; די אלע מעלות, וואס מ'ברויכט צום בויען, בחכמה בתבונה ודעת...

וואס לערנט דאס? אז ווען מען ברענגט דארט וואו עס איז נישטא מער קיין מלאכה, דארט וואו עס זענען נישטא קיין קאנקרעטע מעשים און קיין פאקטישער באדארף, טויג נישט. משה האט געוואוסט, אז ווען אינסטיטוציעס, צי אין אונזערע באגריפען, ארגאניזאציעס, אדער אפיסעס, פארענדיגען זייער ארבעט, דערפילען זייער אויפגאבע, טארען זיי נישט פארזעצען זייער אומנויטיגע עגזיסטענץ. טארען זיי זיך נישט מאכען „ביזי" אין אנשטעל פון כלומר'שטער „טעטיקייט" וואס מען ברויכט נישט...

דאס איז זעלבסטפארשטענדליך. אבער אין דער „לאגיק" פון אונזער עפענטליכען לעבען איז עס גארנישט אזוי נאטירלעך. נישטא ביי אונז אזא זאך, ווי „מיסיע פארענדיגט" — אפיס געשלאסען. דער „אפיס" איבערדויערט אלע מיסיעס און אלע נויטווענדיגקייטען...

פאר אט אזא מין איבעריגער עגזיסטענץ האט משה געוואלט באווארענען. פאר דעם „פאנד רעיזינג" נ א ך דעם ווי דער צוועק, פאר וועלכען עס איז געזאמעלט געווארען, איז שוין דערגרייכט געווארען.

ווארים עס איז אין פלוג שווער צו פארשטיין דעם אנזאג: איש ואשה אל יעשו עוד מלאכה. ממה נפשך, אויב עס איז נישט געווען מער ו ו א ס צו טאן, פארוואס האט מען געדארפט ערשט פ א ר ב א ט ע ן צו טאן?

נאר, ווייזט אויס, משה רבנו האט געוואלט פארבאטען פיקטיווע „טור־עכצען", כמו־„אקטיוויטעטען", פסעוודא־„טעטיגקייטען", וואס קיינער ברויכט נישט — אויסער די „טוער"...

דעריבער ווערט געזאגט: והמלאכה היתה דים לכל ה מ ל א כ ה —

„און די אַרבעט איז געווען גענוג פאַר יעדער  אַ ר ב ע ט"; אָבער ווען מען זאַמעלט פאַר נישט־אַרבעט איז נישט פאַראַן קיין גענוג...

האָט מען געוואָלט באַוואָרענען פאַר דער ליידיגקייט פון כלומר'שטע אינסטיטוציעס און זייערע טועכצען, וואָס פילען אויס זייער הוילקייט מיט דברים בטלים, זייער חלל מיט — פוסטקייט...

ווי מיט יענעם רעפאָרם־ראַבאַי, וועלכער האָט געמאַכט קידוש אין טעמפעל בעת אַ סטרייק פון דעם חזן. איז געשען אַן אומגליק, און דער כוס איז אַראָפּגעפאַלען. עס איז אים אָבער געשען אַ גליק, קיין איין טראָפּען ווין איז נישט אויסגעגאָסען געוואָרען. אַ נס? ניין. דער כוס איז געווען ליידיג...

נישט איין רווישענדיגער מוסד, צי באַוועגונג מאַכט „קידוש" איבער אַ ליידיגען כוס...

והמלאכה היתה דים לכל המלאכה לעשות אותה, והותר. „און דאָס אויסגעאַרבעטע איז געווען גענוג פאַר דער גאַנצער אַרבעט, זי צו מאַכען, און נאָך איבערלאָזען" (ויקהל ל"ו, ז'). קוקט אַריין אין חומש וועט איר זען אַ גרויס אריכות אין דאָזיגען ענין. עס הויבט זיך אָן: מרבים העם להביא, דאַן חזר'ט איבער דער פסוק ווידער אַמאָל, פאַרוואָס דאָס בפרטיות'דיגע אַרומ־ריידען?

דאַן זעט עס אויס אַ סתירה: „דים" מיינט, עס איז געווען פונקט גענוג, דאַן שטייט „והותר", עס איז געווען איבערצולאָזען, דאָס הייסט, מ ע ר ווי גענוג, איבעריג. ווי אַזוי?

לאָמיר דאָ פרעגען: וואָס האָט דען געשאַדט, אַז מען האָט גע־געבען מער ווי מען האָט געדאַרפט, אַז משה האָט אַזש געדאַרפט אויסרופען אין דער מחנה אַ וואָרענונג, אַז מען זאָל נישט ברענגען מער?

ענטפערט דערויף דער „שפת אמת", אַז עס האָט יאָ געשאַדט. וואָרים מען האָט געזען, אַז דאָס נדבנות האָט אַרויסגעשפּאַרט פון די ראַמען פון לשם שמים, און דאָס טויג נישט. מען דאַרף קענען אָפּשטעלען נדבנות, „סטאָפּען" אַ „קאַמפּיין" (אַ זאַך, וואָס איז פיל שווערער ווי אָנצוהויבען, און אַ סך האָבען זיך נישט אויסגעלערנט אויפצוהערען...) — דעמאָלט ווען עס איז ניט מער לשם שמים (ראו הצדיקים והחכמים כי נתפשטה ההתנדבות יותר מהראוי, וחששו שלא יהיה ברצון אמת לשם שמים).

דער „שפת אמת" ברענגט דאָ אַן אינטערעסאַנטען טייטש פון זיין זיי־דען, דעם „חידושי הרי"ם, זצ"ל, אויפ'ן פסוק: מה יפו פעמיך בנעלים בת נדיב, דאָס נדיבות, דאָס ברייטהאַרציגקייט אין געבען דאַרף איינגעשלאָסען ווערען אין נעלים, איינגעצוימט ווערען אין די געהעריגע ראַמען. „מען דאַרף

עס היטען, אַז די ווילִיגקייט און דאָס גלוסטעניש זאָל נישט אַרויסשפּאַרען צו אַנדערע זאַכען" (שלא יתפשט הרצון והחשק לדברים אחרים).

און דאָס מיינט די משנה: משמיעין על השקלים ועל ה כ ל א י ם. „מען לאָזט אויסרופען אויף שקלים און אויף כלאים". וואָסער שייכות האָט איינס מיט'ן אַנדערן, שקלים מיט כלאים? נאָר מען דאַרף וואָרענען, אַז דאָס געבען אויף אַ דבר טוב, דאָס מנדב זיין אויף אַ דבר שבקדושה זאָל נישט אַריינפאַלען אין כלאים, זאָל זיך נישט אויסמישען מיט'ן — פאַרקערטען.

דאָס באַוואָרענען פאַר „כלאים" איז אָנגעדייטעט אין וואָרט ו י כ ל א העם מהביא. ווי נאָר עס איז אויפגעקומען אַ חשש פון „כלאים", איז געווען „ויכלא", האָט מען אויפגעהערט. דאָס אויפהערען ליגט אויך אין דער מצוה פון נדבנות, ווי מיר זעען אין דעם געבאָט פון העשיר לא ירבה („ויכלא" און „כלאים" האָבען דעם זעלבען שורש).

דאָס איז אויך אָנגעדייטעט אין דעם אויסדרוק פונ'ם פסוק „והמלאכה היתה דים", פאַר אַ ר ב ע ט , פאַר שאַפען, פאַר בויען איז געווען גענוג. דאָס איבעריגע, דאָס וואָס איז נ י ט געווען פאַר מלאכה, נאָר פאַר עפּעס אַנדערש, איז געווען איבעריג, והותר...

דאָס אַלעס לערנט אונז, אַז מען דאַרף אונטערשיידען פון געבען צו געבען, פון נדבנות צו נדבנות. מען דאַרף מבחין זיין צווישען געבען פאַר דער „מלאכה", און צווישען געבען פאַר „והותר". וואָרים וואָס איבעריג, איז שעד־ליך, ברענגט שחיתות, קאָרופּציע, פאַרשווענדערישקייט.

גערדאַנקען־בליצען

**ויקהל** משה את כל עדת בני ישראל... „און משה האָט איינגעזאַמעלט די גאַנצע עדה פון די קינדער פון ישראל"... איידער ס'איז געווען דער משכן זענען מותר געווען די במות, יעדער האָט געמעגט מקריב זיין אַ קרבן אויף אַ באַרג, וואו ער האָט געוואָלט; ערשט מיט'ן אויפשטעלען דעם משכן איז געשאַפען געוואָרען איין צענטער, וואו אַלע אידען האָבען מקריב געווען קרבנות, און נאָר דאָרט, און נישט ערגעץ אַנדערש, האָט מען גע־מעגט מקריב זיין. דעריבער איז מיט'ן משכן געשען דער „ויקהל", די איינ־זאַמלונג פון אַלע אידען אין איין עדה, את כל עדת בני ישראל. (שם משמואל" פון רבי שמואל באָרנשטיין, זצ"ל, סאָכאַטשעווער רבי).

***

דער „אור החיים" הק' זאָגט אויף ויקהל, אַז היות ס'האָט אַ שיין גע־לייכט איבער משה'ן, און די אידען האָבען מורא געהאַט זיך צו דערנענטערן צו אים, ווי ס'ענדיגט זיך די פריערדיגע סדרה „כי תשא": והנה קרן אור פניו וייראו מגשת אליו, „און ס'האָט געשיינט זיין (משה'ס) פנים, און די האָבען מורא געהאַט זיך צו דערנענטערן צו אים" (ל"ד, ל'), האָט משה גע־דאַרפט ערשט איינזאַמלען די אידען אַרום זיך, זיך דערנענטערן צו די אידען.

קחו מאתכם תרומה לה', „נעמט פון א י י ך אַן אָפּשיידונג פאַר ג־ט" (ל"ה, ה'). דאָס מיינט: נעמט פון אייערע אייגענע הצטרכות'ן, און נישט ווען איר פאַראיבעריגט, פון מותרות, זאָלט איר אָפּשפּאָרען פון דעם וואָס איר דאַרפט פאַר זיך. דאָס מיינט: קחו מ א ת כ ם, נעמט פון דעם וואָס איר באַדאַרפט פאַר זיך.

***

ויבאו כל איש אשר נשאו לבו, וכל אשר נדבה רוחו, „און זיי זענען געקומען יעדער מאַן וואָס זיין האַרץ האָט אים געטריבען, און איטליכער וואָס זיין גייסט האָט אים באַוויליגט" (ל"ה, כ"א).

האָבען מיר דאָ צוויי קאַטעגאָריעס פון געבער. איינער וואָס גיט מער ווי ער קען, אַ צווייטער וואָס גיט לויט זיין יכולת. דער ערשטער איז אַזעלכער „אשר נשאו לבו", וואָס זיין האַרץ הויבט אים העכער פון זיין יכולת. דער צווייטער — אשר נדבה רוחו, ער גיט אַזויפיל וויפיל זיין גייסט באַוויליגט. פאַרשטייט זיך, אַז דער ערשטער איז פון אַ העכערער מדרגה; דעריבער שטייט ביים ערשטען „איש", כל איש אשר וכו', ווייל איש איז, ווי באַוואוסט, אַ העכערע מדרגה, איש מיינט פערזענליכקייט; בעת ביים צווייטען שטייט סתם אשר נדבה רוחו („אור החיים").

***

אַן אַנדערער „דערהער": ויבאו כל איש אשר נשאו לבו... א ו ת ו הביא, די וואָס זייער האַרץ האָט זיי דערהויבען, אשר נשאו לבו, האָבען גע־בראַכט „אותו", דאָס התרוממות, די דערהויבענקייט פונ'ם האַרץ פאַר ג־ט... („אור ישרים").

אַזוי אויך אין צווייטען פסוק: כל נדיב לב הביאו חח ונזם... וכל איש אשר הניף תנופת זהב לה', „זיי האָבען געבראַכט נאָזרינגען און אוירינגען... יעדער מאַן, וועלכער האָט אויפגעהויבען אַן אויפהויבונג פון גאָלד צו ג־ט" (ל"ה, כ"ב).

דאָ האָבען מיר אַ פּסיכאָלאָגישע באַמערקונג:

אויך דאָ שטייט „איש״, און אויך דאָ ווערט געזאָגט „האָט אויפגעהויבען אַן אויפהויבונג״, הניף תנופת זהב. ווייל אַנדערש איז ווען מ׳גיט געלט, און אַנדערש ווען מ׳גיט אַ חפץ פון דער שטוב, אַ ווערט־זאַך, וועלכעס מ׳נוצט. דאָס צווייטע איז שווערער אַוועקצוגעבען. אַ מענש ווערט צוגעבונדען צו זאַכען וואָס ער פאַרמאָגט און באַנוצט, און ס׳איז אים שווער זיך צו שיידען מיט זיי. דעריבער איז דאָס אַוועקגעבען צירונג, אויערינגלעך, פינגערלעך, האַלז־בענדער אַ באַזונדערע טאַט. רופט אַן דער פּסוק די דאָזיגע מנדבים „איש״, וכל איש אשר... און ס׳רעדט זיך דאָ וועגען אויפהויבען, וועגען דערהויבונג, וועגען ז י ך דערהויבען איבער מענשליכע טבע, הניף תנופת זהב: אַט דער האָט ז י ך דערהויבען — און האָט דערהויבען גאָלד, זהב, צו אַ העכערען צוועק... (הרב אהרן לעווין, הי״ד, ריישער רב, אין „הדרש והעיון״).

וימלא אותו רוח אלוקים ב ח כ מ ה . . . „און ער האָט אים אָנגעפילט מיט׳ן גייסט פון ג־ט און קלוגשאַפט״... (ל״ה, ל״א). האָט דערויף געזאָגט דער רבי ר׳ שלמה ראַבינאָוויטש, דער ראַדאָמסקער רבי, זצ״ל, אַז דאָס מיינט צו זאָגען, אַז יראת השם דאַרף זיין „בחכמה״, מיט קלוגשאַפט, און — נישט פאַר־קערט... און טאָמער האָט מען אויף עמיצען אויסגערופען ניט צו זיין קיין חכם בשעת מ׳האָט געפרעגט: טפה זו מה תהא עליה חכם או טפש, און מ׳האָט אויסגעקליבען די צווייטע ברירה, דאַרף דער באַטרעפענדער נישט זיין דאָ מן המהדרין למהדרין, און מקיים זיין די דאָזיגע מצוה על כל פרטיה ודקדוקיה... ער מעג זיך סומך זיין אויף אָט דעם פּסוק, וועלכער זאָגט בפירוש, אַז רוח אלוקים, יראת שמים, דאַרף זיין בחכמה...

דערציען דאַרף זיין מיט האַרץ

**ולהורות** נתן בלבו... און צו לערנען אַנדערע האָט ער אַריינגעגעבען אין זיין האַרצען״... (ל״ה, ל״ד), וואָרים פאַראַן אַזעלכע וואָס ווילען נישט לערנען יענעם, ווי די גמרא ברענגט אין יומא וועגען די בית גרמו און די בית אבטינס, וועלכע האָבען געהאַלטען דעם מאַנדאַט פון׳ם לחם הפנים א. ד. גל., אָדער דעם „פּאַטענט״ און מ׳האָט זיי דערפאַר פאַרדאַמט — דערציילט דאָ די תורה, אַז בצלאל האָט יאָ געלערנט אַנדערע.

נאָך אַן אָנדייטונג: ולהורות נתן ב ל ב ו, לערנען יענעם דאַרף מען מיט דעם וואָס מ׳גלויבט אין ה אַ ר ץ. מ׳קען נישט דערציען צו זיין אַ

גלויביגער איד אויב מ׳איז עס אַליין נישט. ס׳איז נישט גענוג צו לערנען מיט מוח, אַריינקלאַפּען ידיעות, נאָר דערציען דאַרף מען מיט איבערגעבען דעם גלויבען פון האַרץ: ולהורות נתן — בלבו...

ווען מ׳איז אַליין פול מיט גייסט מעג מען זיין אַ משפיע, אַ רב...

**וימלא** אותו רוח אלקים בחכמה ובתבונה ובדעת... ולהורות נתן בלבו... „און ער האָט אים געמאַכט פול מיט ג־ט׳ס גייסט מיט חכמה און פאַרשטאַנד און וויסען... און צו לערנען אַנדערע האָט ער געגעבען אין זיין האַרץ..." (ל"ה, ל"א־ל"ד).

בלויז ווען מ׳איז אַליין אַזוי פול אַז ס׳גייט איבער די ברעגעס, איז מען באַרעכטיגט צו לערנען יענעם, צו זיין אַ משפיע, אַ רב, אַ מנהיג...

למודים וועגען נדבנות

**והנשאים** הביאו... (ל"ה, כ"ז), זאָגט דערויף רש"י: ולפי שנתעצלו מתחילה נחסרה אות משמם והנשאים כתיב. „ווייל די נשיאים האָבען זיך פון אָנהויב געפוילט איז אַראָפּגענומען געוואָרען אַ אות פון זייער טיטעל...

ווען אַ מענש דערגרייכט אַ געוויסע מדרגה טאָר ער נישט זיין אָפּגע־לאָזען, און מיינען, אַז ער וועט שוין בלייבען אויף דער הויך. וואָרים אַמאָל קען אַ קלענערער דורך זריזות אים פאַראויסלויפען, ווי ס׳ווערט גע־זאָגט „חזית איש מהיר... לפני מלכים יתיצב", ווען אַ מענש האָט זריזות קען ער צוקומען צום ציל פריער נאָך פאַר מלכים. „זריזין מקדימין"... מיינט, אַז די זריזין גייען פאַראויס פון די וואָס שטייען העכער פאַר זיי אָבער האָבען נישט קיין זריזות (שפת אמת).

„כל איש אשר נשאו לבו", יעדער וואָס זיין האַרץ האָט אים געגעבען אַ הויב, און ער האָט צוגעזאָגט בעת אַן „אַפּיל", געמאַכט אַ „פּלעדזש" בלע"ז, איז אותו הביאו את תרומת ה׳, — האָט ער טאַקע מקיים געווען און געבראַכט דאָס וואָס ער האָט צוגעזאָגט.

ויבאו הנשים על האנשים (ל"ה, כ"ב). די פרויען זענען געקומען פאַר די מענער. און דערמיט האָבען זיי, די פרויען, אַרויסגעוויזען, אַז זיי גיבען, אָבער בלויז פאַר אַ הייליגען צוועק. וואָרים ווען די פרויען האָבען אָפּגעזאָגט צו געבען פאַר׳ן עגל האָט מען זיי געקענט חושד זיין, אַז ס׳איז ווייל זיי זענען קאַרג, ווילען סתם נישט אָוועקגעבען זייער צירונג; ווען מ׳האָט אָבער געזען,

אַז ביים משכן זענען זיי די ערשטע וואָס גיבען, איז געוואָרען קלאָר, אַז דאָס וואָס זיי האָבען נישט געגעבען פאַר׳ן עגל איז נישט געווען צוליב קאַרגשאַפט... (הרב צבי יעקב אַבראַהאַם, און „בית אולפנא — תורה מציון״).

קומט אויס, אגב, אַז דער מאמר חז״ל „נתבעים לעגל ונותנים, נתבעים למשכן ונותנים״, גייט נישט אַרויף אויף די פרויען.

והם הביאו אליו עוד נדבה בבוקר, בבוקר, „און זיי האָבען געבראַכט צו אים נדבות יעדען פרימאָרגען״ (ל״ו, ג׳). דאָ ווערען געלערנט צוויי לימודים:

ערשטענס, האָבען זיי נישט געוואַרט אויפ׳ן אָוונט, אויף אַ „דינער״ אין אָוונט, ווען מען וועט מאַכען דעם „אַפּיל״, נאָר האָבען געבראַכט זייער נתינה באַלד אינדערפרי.

צווייטענס, זיי האָבען געבראַכט גאַנץ פרי, ווען קיינער זעט נישט, אָן פּירסום, אָן „פּובליסיטי״...

אײן גײסט דאַרף זײן אין הײליגער אַרבײט

**ויעשו** כל חכם לב, „זיי האָבען געמאַכט יעדען האַרץ־קלוגען״ (ל״ו, ח׳). זעען מיר דאָ ווי דער פסוק הויבט אָן מיט מערצאָל, לשון רבים, „ויעשו״, דערנאָך רעדט ער אין איינצאָל, לשון יחיד: חכם לב, און נישט חכמי לב.

זאָגט דערויף דער „אור החיים״, רבי חיים בן עטר, זצ״ל, אַז דערמיט מיינט דער פסוק צו זאָגען, אַז הגם ס׳זענען געווען אַ סך טוער, ויעשו, „זיי האָבען געמאַכט״, איז עס אָבער געווען ווי אַן אַרבעט פון אַ חכם לב, פון איין מייסטער. ס׳איז אַרויסגעקומען האַרמאָניש־שלימות׳דיג ווי ס׳וואָלט געווען פון איין מענש, ווייל איין גייסט האָט באַהערשט אַלע טוער אין דער הייליגער אַרבעט, אין מלאכת הקודש.

אַן אַנדער אַנדייטונג וואָלטען מיר זיך דערלויבט צו זען אין: כל חכמי לב — בעושי המלאכה, זיי זענען געוואָרען קלוגע, חכמי לב, פון טאָן, בעושה מלאכה, נישט די טעאָריע האָט זיי קלוג געמאַכט, נאָר דאָס פּראַקטישע טאָן...

והמלאכה היתה דיים... והותר, „און די אַרבעט איז געווען גענוג... און ס׳איז נאָך געבליבען״ (ל״ו, ז׳).

האָט דערויף געזאָגט דער רבי יצחק׳ל נעשכיזער, זצ״ל, אַז „והותר״ מיינט: די מידה און דאָס התלהבות זענען געבליבען אויף דור דורות...

## דער ענין פון משכן, ארון, שולחן און מנורה

(פון אַ שיעור פון הגאון ר׳ יוסף דוב סאָלאָווייטשיק, שליט״א)

מיר לערנען אין ויקהל ביים אויפשטעלען דעם משכן: את המשכן, את אהלו ואת מכסהו — „דעם משכן, זיין געצעלט און זיין צודעק״, און ערשט דערנאָך: את הארון ואת בדיו... את השולחן ואת בדיו... ואת מנורת המאור — „דעם אָרון און זיינע שטאַנגען... דעם שולחן און זיינע שטאַנגען... און די מנורה פאַר לייכטונג״ (שמות ל״ה, י״ב־י״ד).

זעען מיר ווי משה האָט צוערשט געהייסען אויפשטעלען דעם משכן און ערשט דערנאָך מאַכען דעם אָרון און די מנורה. דאַגעגען אין תרומה לייענען מיר ווי עס ווערט אָנגעזאָגט צוערשט דער אָרון און די מנורה (ועשו ארון... ועשית שולחן... ועשית מנורת זהב טהור. — שמות כ״ה, י׳, ל״א), און ערשט נאָך דעם אַלעמען לערנען מיר: ואת המשכן תעשה — „און דעם משכן זאָלסטו מאַכען״ (שמות כ״ו, א׳). דאָרט קומט דער משכן ערשט צום סאַמע סוף. איז עס דאָך אַ בפירוש׳דיגע סתירה צו דעם, וואָס מיר לערנען דאָ אין ויקהל, וואו עס שטייט צוערשט דער משכן און ערשט דערנאָך דעם ארון, דער שולחן און די מנורה.

דער רמב״ן ענטפערט דערויף, אַז אין תרומה ווערען די דאָזיגע זאַכען אויסגערעכענט לויט דער רייע פון זייער ח ש י ב ו ת, דאַגעגען דאָ, אין ויקהל, איז די רייע אַ כראָנאָלאָגישע, לויט ווי עס איז פאָרגעקומען אין צ י י ט. בעת מען האָט אָנגעזאָגט וועגען די דאָזיגע ענינים, איז דער אָרון און שולחן און מנורה געקומען צוערשט, אָבער בעת מען האָט עס אויסגעפירט, פאַר־שטייט זיך דאָך, אַז צוערשט האָט מען געמוזט אויפשטעלען דעם משכן און ערשט דערנאָך די כלים, כדי ס׳זאָל זיין וואו זיי אַריינצוטאָן.

אָבער וואָס איז דער ענין פון משכן, פון ארון, שולחן און מנורה?

דריי זענען די צוועקען פון משכן און אָרון, שולחן און מנורה. ערשטענס, השראַת ה ש כ י נ ה. צווייטענס, לערנען ת ו ר ה. דריטענס, ת פ י ל ה.

איינס — ה ש ר א ת ה ש כ י נ ה. דאָ לאָמיר ווידער לערנען דעם רמב״ן: „ווען השי״ת האָט געשלאָסען אַ ברית מיט די אידען און האָט זיי געזאָגט זיי זאָלען זיין אַ ממלכת כהנים און אַ הייליג פאָלק, איז היות זיי זענען הייליג, זענען זיי ווערט, אַז עס זאָל זיין צווישען זיי אַ מקדש, עס זאָל רוען די שכינה צווישען זיי. דעריבער איז דער הויפט־צוועק אין משכן דאָס אָרט, וואו די שכינה רוט, וואָס דאָס איז דער אָרון און כפורת״ (שמות כ״ה).

לויט'ן אבן עזרא, איז דאָס אָרט פון מנוחת השכינה ניט דער אָרון, נאָר דער משכן אַלס אַזעלכער.

דער רמב"ם, ווידער, האַלט, אַז דער הויפּט־צוועק פונ'ם משכן איז מקריב צו זיין קרבנות, און דעריבער איז דער מזבח וויכטיג.

אָבער לויט'ן רמב"ן, וואָס האַלט, אַז דער צוועק איז מנוחת השכינה, איז דאָ אַן ענין פון הכנסת אורחים (אַ חוץ, פאַרשטייט זיך, געבען עסען און טרינקען). אַריינברענגען אין אַ ה ו י ז איז ניט גענוג, מען דאַרף אים שאַפען אַ ה י י ם. און ווי אַזוי שאַפט מען אַ היים? דורך אויסמעבלירען אַ שטוב. דאָס איז דער אונטערשייד פון אַ ב נ י ן ביז אַ ב י ת. דאָס אויס־מעבלירען דאַרף נישט זיין, ווי מען איז זיך דאָ נוהג, מיט אַ פאַרשווענדערי־שען לוקסוס, לשם „סטאַטוס", „אויפצוריסען די אויגען" — נאָר גאַנץ באַ־שיידען. מיר ווייסען געגוי וואָסער מין מעבל מען דאַרף אַריינשטעלען אין אַ צימער פאַר אַן אורח (און דערפון איז געדרונגען וואָסער מעבעל פאַר זיך אַלייך — ווייל אַ גאַסט דאַרף מען דאָך אויפנעמען בעסער). מיר לערנען אין מלכים ב':

„האָט זי (די שונמית) געזאָגט צו איר מאַן: זע, איך בעט דיך, איך ווייס, אַז דאָס איז אַ געטליכער, הייליגער מאַן, וואָס גייט פאַרביי דורך אונז תמיד. לאָמיר מאַכען, איך בעט דיך, אַ קליין געמויערט אויבערשטיבעל און לאָמיר דאָרט אַוועקשטעלען ביי אים אַ בעט און אַ טיש און אַ שטול און אַ לאָמפּ, און עס וועט זיין, ווען ער וועט קומען צו אונז, וועט ער אַריינקומען אַהין" (ונשים שם מטה ושולחן וכסא ומנורה וכו'. — ד', ט'־י').

מלכותא דשמיא כעין מלכותא דארעא, מיינט עס, אַז דער משכן דאַרף האָבען אַ שולחן און אַ מנורה (פאַרשטייט זיך, אַז מטה און כסא פאַלען אַוועק אין אַנווענדונג צום משכן).

צוויי — ל י מ ו ד ה ת ו ר ה, וואָס דאָס איז אויך פאַרבונדען מיט השראַת השכינה. ווייל לימוד התורה מיינט פאַראייניגען די געדאַנקען פון מענ־שען מיט דעת ה'.

דער רמב"ן זאָגט, נעמליך, אַז „דער סוד פונ'ם משכן איז, אַז דער כבוד, וואָס האָט גערוט אויפ'ן באַרג סיני, זאָל רוען דאָרט פאַרבאָרגען".

הרה"ג ר' חיים דוב שעוועל ברענגט דעם מקור פאַר דעם רמב"ן פונ'ם זוהר (רכ"ט, א'). און „פאַרבאָרגען" מיינט צו זאָגען, לויט'ן „מאור ושמש", אַז בעת אויפ'ן הר סיני איז עס געווען בקולות וברקים, איז דאָ די מנוחת השכינה געווען בנסתר.

דאָס בית המקדש איז, לויט דעם, דער פּ ע ר מ אַ נ ע נ ט ע ר סיני. דאָס לערנען מיר אויך פונ'ם פסוק: כי יפלא ממך דבר למשפט וגו' וקמת ועלית אל המקום אשר יבחר ה' אלוקיך בו. ובאת אל הכהנים הלויים ואל השופט אשר יהיה בימים ההם, ודרשת והגידו לך את דבר המשפט — „אַז אַ זאַך וועט פאַרהוילען זיין פון דיר אין אַ משפט... זאָלסטו אויפשטיין און אַרויפגיין צו דעם אָרט, וואָס ג־ט וועט עס אויסדערוויילען, און זאָלסט קומען צו די כהנים פון שבט לוי און צו דעם ריכטער, וואָס וועט זיין אין יענע טעג, און זאָלסט פרעגען, און זיי וועלען דיר זאָגען דאָס וואָרט פון תורה" (דברים י"ז, ח'־ט').

וואָס מיינט דאָס? — לימוד התורה. פסק'ענען אַ הלכה. די סנהדרין זענען געווען ביים בית המקדש, אין לשכת הגזית.

תורה מיינט השראַת השכינה דורך פאַראייניגען דעם מענשליכען דעת מיט דעת תורה, מיט דעת ה', ווי עס ברענגט עס אַרויס דעם „תניא" און דער „נפש חיה".

דריי — ת פ י ל ה. מקדש סימבאָליזירט סיני, ווי מיר האָבען גע־בראַכט, אין סיני מיינט ניט בלויז תורה, נאָר אויך תפילה: ואתנפל לפני ה'... על כל חטאתכם — „און איך האָב זיך אַנידערגעוואָרפען פאַר ג־ט... איבער אייערע אַלע זינד". ואתנפל לפני ה'... ואתפלל אל ה' — „און איך האָב זיך אַנידערגעוואָרפען פאַר ג־ט... און איך האָב מתפלל געווען צו ג־ט" (דברים ט', י"ח, כ"ה).

דער רמב"ן ברענגט אויך שלמה המלכ'ס תפילה אין בית המקדש: ויעמוד שלמה לפני מזבח ה'... ויפרוש כפיו השמים — „און שלמה איז גע־שטאַנען פאַר'ן מזבח פון ג־ט... און האָט אויסגעשפרייט זיינע הענט צום הימעל" (מלכים א' ח', כ"ב).

און די גמרא זאָגט דאָך אין ברכות, אַז ביי מתפלל זיין דאַרף מען מכוון זיין דאָס האַרץ צום אָרט פונ'ם בית המקדש. אַזוי פסק'ענט אויך דער רמב"ם אין הלכות תפילה (פרק ה', הלכה ד').

רעזומירענדיג, — זענען אָט די דאָזיגע דריי אויפגאַבען פונ'ם בית המקדש: השראַת השכינה, תורה און תפילה, פאַרבונדען איינע מיט דער אַנדערער.





גרויסקייט אַנטפּלעקט זיך אין קליינינקייטען

**אלה** פקודי המשכן... און אַזוי האַלטען מיר ב״ה ביים סיום פון דעם ספר שמות. אַ גרויס ספר געווען, גלות מצרים, יציאת מצרים, קריעת ים סוף, קבלת התורה, — און מיט וואָס ענדיגט זיך דאָס ספר שמות?

נישט מיט עפּעס הויכע אַבסטראַקטע געדאַנקען, נאָר מיט אַ פּשוט׳ע פּראָזאַאישע אויסרעכענונג פון די מאַטעריאַלען, טיילען און כלים פון׳ם משכן. אין ד ע ם ליגט אַליין אַ הויכער רעיון.

ג ר ו י ס ק י י ט באַווייזט זיך אויך אין ק ל י י נ ע ענינים. אַ גרויסען מענש דערקענט מען אין קליינינקייטען. נישט קיין קונץ צו דער־הויבען זיך אין אַ גרויסען מאָמענט צו אַ הויכען אַדלער־פלי; וויכטיג איז צו שטיין אַ לעבען־לאַנג אויף אַ מדרגה.

וויכטיגער נאָך ווי צו ד ע ר ה ו י ב ע ן זיך אויף אַ מדרגה און צו האַ ל ט ע ן זיך ביי דער מדרגה, שווערער נאָך פון „מי יעלה בהר ה׳״ איז „ומי י ק ו ם בהר קדשו״ צו בלייבען אויף דער הויך...

אַט אין דעם אלה פקודי, אין דעם דעטאַלירטען, בפרטות׳דיגען אויס־חשבונ׳ען יעדען פרט, יעדע כלי, יעדען סענט פון דעם משכן־געבוי ליגט גרויסקייט. אויך דאָס איז אַן עדות פון משה רבנו׳ס גרויסקייט, משכן העדות.

מיר געפינען אין דער גמרא פיל מאָל פראַגען פון די תלמידים צו גרויסע און אריכת־ימימ׳דיגע רבי׳ס זייערע: „מיט וואָס האָסטו דערגרייכט אַזאַ טיפן עלטער?״ במה הארכת ימים?

קענט איר דאָך מיינען, אַז דער ענטפער וועט זיין: צוליב עפּעס אַ גרויסער טאַט, צוליב אַ גרויסען זכות. דער ענטפער איז שטענדיג וועגען

עפּעס אַ געוויינליך, טאָג־טעגליכען ענין, ווען אַ טאָג־טעגליכען לעבענס־שטייגער:

מימי לא וכו׳. כ׳האָב קיינמאָל נישט געטאָן אַ זאַך וואָס איז נישט אין אָרדנונג. דאָס שליסעל־וואָרט איז „קיינמאָל נישט". (שבת קי״ח, ד׳, מגילה ר״ח, א׳, תענית כ׳ ב׳).

מ׳דערציילט, אַז דער מעזריטשער מגיד דער רבי ר׳ בער, זצ״ל, האָט אַמאָל אַרויסגעשיקט זיינע תלמידים זיי זאָלען יעדער טאָן עפּעס אַ דבר טוב, אַ גוטע טאַט אין משך פונ׳ם טאָג, און דערנאָך אים באַריכטען וואָס זיי האָבען געטאָן.

ווען די נאַכט איז צוגעפאַלען איז יעדער געקומען מיט אַ באַריכט פון אַ גוואַלדיג גרויסער טאַט וואָס ער האָט באַוויזען אויפצוטאָן אין משך פונ׳ם טאָג, בלויז דער רבי ר׳ זישע, זצ״ל, איז געשטאַנען אין דער זייט אַ פאַר־שעמטער. ווען ס׳איז געקומען אויף אים די ריי צו דערציילען וואָס ער האָט עפּעס אויפגעטאָן גרויסעס אין משך פון טאָג, האָט ער מיט אַ געבראָכענער שטים געענטפערט:

— הייליגער רבי, כ׳האָב גאָרנישט אויפגעטאָן — האָט ער מודה גע־ווען — כ׳בין עפּעס געווען פאַרנומען אַ גאַנצען טאָג מיט קליינינגקייטען... אָט איז אונטערגעקומען אַ שוואַכער איד מיט אַ שווערער משא, האָב איך אונטער־געשטעלט אַן אַקסעל... אָט האָט אַן אָרימע קראַנקע אלמנה נישט געהאַט מיט וואָס איינצוהייצען איר שטוב פאַר די קינדער, האָב איך אויסגעהאַקט אין וואַלד פאַר איר אַ בינטעל האָלץ... אָט האָב איך געהערט וויינען אַ קליין קינד אין וויגעלע, האָב איך עס איינגעוויגט — און איידער וואָס ווען, איז די זון פאַר־גאַנגען, דער טאָג איז פאַרביי, און כ׳האָב גאָרנישט אויפגעטאָן...

ווען דער מעזריטשער מגיד האָט דאָס געהערט, האָט ער געזאָגט:

— דו, ר׳ זישע, האָסט געטאָן די גרויסע זאַך...

וואָרים — וויפיל „שטערן־שעה׳ן" זענען דען פאַראַן אין אונזער לעבען? וויפיל געלעגענהייטען טרעפען זיך פאַר דראַמאַטישע און סענסאַציאָנעלע טאַטען, פאַר הערלאישע מעשים? זער זעלטען. אמת, מיר דאַרפען איינשפּאַנען דעם וואָגען פון אונזער לעבען צו די שטערען, אָבער מיר מוזען אויך שטענ־דיג גיין גלייך אויף די ערדישע וועגען פונ׳ם לעבען...

אָט אין דעם טאָג־טעגליכען ערליכען לעבען — אין דעם ואלה פקודי אויס׳חשבונ׳ען די פּרטים און איינצעלהייטען פון הייליגען געבוי, ליגט טאַקע די גרויסקייט.

פאַראייניגען — געבען — לערנען

אין פקודי זעען מיר שוין דעם משכן אין זיין ראָלע. די ראָלע איז געווען ווידעראַמאָל — „ויקהל", איינזאַמלען אַלע אידען. קאָנצענטרירען זיי אַרום איין גייסטיגען צענטער, וועלכער זאָל זיי צוזאַמענ־האַלטען אין איין גאַנצקייט, אין אַ פאָלק, אין איין פאָלק. דער מדרש זאָגט: „ביז דער משכן איז נישט אויפגעשטעלט געוואָרען איז געווען אַ געפאַר, אַז אידען זאָלען צעפיצעלט ווערען אויף שטיקלעך און ברעקלעך. ווען דער משכן איז אויפגעשטעלט געוואָרען איז משה געגאַנגען און האָט צוגעלייגט צו אים זיין אויער, געוואָלט דערהערען, וואָס מיינט דער משכן פאַר'ן אידישען פאָלק, האָט ער געהערט, אַז ג־ט וועט אַראָפּברענגען שלום אויף זיין פאָלק".

(עד שלא הוקם המשכן היתה סכנה שבני ישראל יתפוצצו לרסיסים. הלך משה והרכין אזנו למשכן, שמע „כי ידבר שלום אל עמו". — במדבר רבה).

דאָס איז געווען דער זין פונ'ם משכן און זיין ראָלע. אלה פקודי המשכן — משכן העדות (ל"ח, כ"א). דער משכן דאַרף זיין דער באַוויז פון דער אייניגקייט פון דעם פאָלק ישראל.

„ווען וואָלקענס גייען אויף..."

אלה פקודי המשכן... „דאָס זענען די איבערציילונגען פונ'ם משכן..."

משה רבנו האָט אָפּגעגעבען חשבון פון יעדען שטיקעל גאָלד, זילבער, פון יעדען שטיקעל קופּער, האָלץ, גענוי אויסגערעכענט אויף וואָס יעדעס איז פאַרנוצט געוואָרען.

אלה פקודי המשכן, משכן העדות, אשר פוקד על פי משה, „דאָס זענען די איבערציילונגען פונ'ם משכן, משכן פון עדות, וואָס זענען איבערגעציילט געוואָרען לויט'ן מויל פון משה'ן. און די תורה רעכענט טאַקע אויס אין דער היינטיגער סדרה מיט אַלע איינצעלהייטען די אַלע פאָזיציעס, די אַלע כלים און געבויען, אויף וועלכע ס'זענען פאַרווענדעט געוואָרען די ביישטייערונגען.

די תורה דערציילט דאָך נישט סתם קיין מעשיות. דאָס זענען לערעס, אַז מ'דאַרף פירען אַ געגויען בודזשעט מיט עפענטליכע פינאַנסען, אַז מ'דאַרף אָפּגעבען אַ פּינקטליכען חשבון פון קהל'שע געלטער, אפילו די ערליכסטע עסקנים, אפילו אַזוי ערליך ווי משה רבנו.

משכן העדות — גאַנץ פּשוט: דער משכן איז געווען דער בעסטער עדות, אַז מ׳האָט ערליך און גוט געבאַלעבאַטעוועט מיט די קהל׳שע געלטער: משכן העדות — אַ סימן, אַז מ׳האָט נישט גע׳גנב׳עט, אַז ס׳איז דאָך דאָ אַ משכן...

די וואָס באַשמוצען דאָס ריינסטע

**אלה** פקודי המשכן... דאָס זיינען די איבערציילונגען פונ׳ם משכן... און דאַן קומט אַ דעטאַליזירטער חשבון פון אַלעמען וואָס ס׳איז אַריינ־געקומען, וואָס איז געבויט געוואָרען, אַלץ בפרטיות.

זאָגט דערויף דער מדרש תנחומא: ולמה עשה חשבון? אלא מפני ששמע לצני הדור שהיו משיחין אחריו... „פאַרוואָס האָט משה רבנו געדאַרפט אָפּגעבען חשבון? ווייל ער האָט געהערט ווי די לצני הדור באַריידען אים״...

דער מדרש האָט אַרויסגעבראַכט אַז די לצני הדור, אין י ע ד ע ן דור, באַשמוצען דאָס ריינסטע, באַשפייען דאָס הייליגסטע, באַריידען די העכס־טע! אין יעדען דור זענען פאַראַן פאַרדאָרבענע כאַראַקטערען וואָס מאַכען דעם כלומר׳שט פרומען אָנשטעל פון חטאים־זוכער און אַליין זענען זיי די נידעריגסטע משחיתים און מושחתים אין ענינים בין אדם לחברו, אָן שום עטיק און מאָראַל, אָן שום נזהר זיין אין יסודות פון תורה — יעדער פון אונז שטויסט זיך אָן אויף אַזעלכע טיפּען, בפרט אין דעם נייעם „מעקאַרטיזם״ אויף דער אידישער גאַס...

און באַשמוצען באַשמוצט מען דווקא די וואָס שטעלען פאַר דאָס ער־ליכסטע און הייליגסטע. ווי דער לובלינער רב רבי מאיר שאַפּיראָ זצ״ל האָט געהאָט געזאָגט: ביים עגל האָבען זיי אַריינגעוואָרפען דאָס גאַנצע גאָלד און זילבער וואָס זיי האָבען געבראַכט פון מצרים און אַרויסגעקומען איז סך־הכל איין עגל, — און ס׳איז זיי נישט איינגעפאַלען צו מאָנען חשבון; און דאָ, ביים משכן, האָבען זיי געגעבען נישט מער ווי איטליכער אַ האַלבע שקל, און ס׳איז אויפגעשטעלט געוואָרען אַזאַ פּרעכטיגער משכן, און דאָך האָבען זיי געהאַלטען אין איין מאָנען חשבון . . .

פקודי איז אַ סדרה פון חשבון־אָפּגעבען פון קהל׳שע געלטער. הויבען הויבט זיך אָן די סדרה מיט גאַנץ פּראָזאַאישע ענינים. מיט אַן אויסרעכענונג וויפיל גאָלד און זילבער עס איז אַריינגעקומען אין משכן, און וואָס מען האָט דערפון געמאַכט. אָבער אין דעם חשבון־אָפּגעבען ליגט אַ גרויסער לימוד — וואָס איז נאָך היינט זער אַקטועל. היינט, אין דער צייט פון פּסעוודאָ־דעמאָקראַ־

טישע, אומנויטיגע, איבעריגע, זעלבסט־געוויילטע אינסטיטוציעס, אַן באַשלאָ־סענע בודזשעטען, אַן קאָנטראָלירטער געלט־ווירטשאַפט און אַן פּאַרלאַמענטאַ־רישער אויפזיכט.

אפילו משה רבנו אַליין האָט אָפּגעגעבען אַ גענויען חשבון פון יעדען שטיקעל גאָלד און זילבער און קופער און שטאָף, און אויף וואָס דאָס איז פאַר־ווענדט געוואָרען.

אויף ואלה פקודי זאָגט דעריבער דער מדרש: איש אמונות רב ברכות — „דער מענש פון פאַרטרויען איז פול מיט ברכות" (משלי כ"ח). איש אמונות, דאָס מיינט מען משה'ן, ווייל עס שטייט וועגען אים: בכל ביתי נאמן הוא — „אין מיין גאַנצען הויז איז ער באַגלויבט" (במדבר י"ב).

נאָך אַזאַ באַגלויבטקייט, נאָכ'ן אויסרעכענען די אַלע מאַטעריאַלען, וואָס זענען פאַרנוצט געוואָרען אויפ'ן משכן, לייענען מיר אין סוף פקודי:

כי ענן ה' על המשכן — „וואָרים ג־ט'ס ענן איז געווען אויפ'ן משכן". פקודי, און דערמיט דאָס ספר שמות, ענדיגט זיך מיט אויפגעפראַלטע טויערן, אַז יעדער זאָל זען, אַז יעדער זאָל קענען אַריינקומען אין הייליגקייט: לעיני כל בית ישראל בכל מסעיהם — „פאַר די אויגען פונ'ם גאַנצען הויז פון ישראל, אין אַלע זייערע וואַנדערונגען".

### דער תוכן פונ'ם משכן

**אבער** אַ משכן איז נישט גענוג אויפצובויען. מען מוז אים אויפשטעלען!

זעט נאָר וואָס מ'האָט אַלץ אַריינגעלייגט אין משכן: גאָלד און זילבער, חכמה און תבונה און דעת, נדיבת לב און דערהויבונג (כי תשא), — פונדעסט־וועגען ווען דאָס אַלץ איז שוין געווען פאַרטיג און געגלאַנצט אין פראַכט און קונסט, איז עס ערשט נישט געווען פאַרטיג, איז מען ערשט געקומען צו משה'ן ער זאָל פאַרטיג מאַכען דעם משכן.

וואָס האָט משה געקענט טאָן, וואָס האָט ער געקענט נאָך טאָן צום דאָזי־גען בנין? איז ער געווען אַן אַרכיטעקט, אַ דעקאָראַטאָר? אמת, ער איז געווען אַן אַרכיטעקט, וואָס האָט געבויט נשמות, וואָס האָט אויפגעבויט אַ פאָלק, אַ „דעקאָראַטאָר", וועלכער האָט אויסגעצירט דאָס פאָלק מיט די שענסטע צי־רונגען, מיט די תורה־פרינציפען, אָבער בויען ממש — דאָס האָבען דאָך שוין געטאָן בצלאל און די אַנדערע בויער?

נאָר ס'ווייזט אויס, אַז בנינים אַליין, מעגען עס זיין די שענסטע, מעגען

זיי ווערען אויפגעבויט מיט די רייכסטע מיטלען און קלוגסטע „פּאַנד רעיזינג״ מעטאָדען און מיט דער גרעסטער קונסט — איז עס נאָך אַלץ ווייניג.

קודם כל דאַרפען די, וואָס דאַרפען אויספילען די בנינים, צוגעגרייט ווערען, אויסגעאיידעלט ווערען, האָט משה צוערשט געלערנט אידען אָפּצו־היטען די געבאָטען פון דער תורה.

ווייל פאַרוואָס איז צווישען פרשת יתרו, קבלת התורה, און פרשת תרומה, בויען דעם משכן, אַריינגעקומען אין דער מיטען משפטים? האָט דאָך גיכער באַדאַרפט קומען נאָך קבלת התורה באַלד דער ענין פון משכן? נאָר נעמען די תורה און סתם אַריינשטעלען אין אַ משכן איז נישט מעגליך; צוערשט האָבען די אידען געדאַרפט ווערען ראוי דערצו, אויסגעאיידעלט ו׳דרך — משפטים.

קודם מוז טאַקע ביים בויער גופא, וואָס באַזיצט אַפילו חכמה און תבונה און דעת — זיין נאָך איין באַדינגג:

וימלא אותו רוח אלוקים (ל״ה, ל״א).

און דער עיקר: ויקם משה את המשכן (פקודי, מ׳, י״ח). אויפשטעלען אַ משכן, דאָס קען נאָר משה רבנו, און אַלץ וואָס ס׳שטעלט פאַר מיט זיך משה און תורת משה.

און אַזוי איז עס מיט יעדער בית המקדש מעט, מיט יעדען מקום קדוש.

זייט ערליך מיט קהל׳שע געלטער!

„דאס גאַנצע גאָלד וואָס איז פאַרטאָן געוואָרען אויף דער אַרבעט ביי דער גאַנצער אַרבעט פון הייליגקייט״... כל הזהב העשוי למלאכה בכל מלאכת הקודש... (ל״ח, כ״ד).

דאָס גאַנצע גאָלד וואָס איז געגעבען געוואָרען איז אַריין אין מלאכת הקודש. מיר געפינען דאָ נישט קיין איינציגען „ביל״ פאַר „אַדמיניסטראַטיווע עקספּענסעס״, אויף נסיעות. פון יעדען דאָלאַר, פאַרדאָן, שקל, זענען הונדערט סענט, פאַרדאָן, אַלע צוואַנציג גרות (עשרים גרה השקל, — כי תשא) אַריין אין מלאכת הקודש.

דעריבער איז כל הזהב העשו למלאכה בכל מלאכת הקדש, געווען זהב התנופה, דאָס גאָלד פון דערהויבונג. די מענשען וואָס האָבען זיך פאַר־נומען דערמיט זענען נישט פאַרדאָרבען געוואָרען, ווי ס׳טרעפט זיך אָפּט ביי די וואָס פאַרען זיך ביי קהל׳שע געלדער, נאָר פאַרקערט, זענען דערהויבען געוואָרען, דאָס געלט איז געווען פאַר זיי זהב התנופה („דברי נועם״, בית אולפנא חלק ד׳, פון הרה״ג צבי יעקב אַבראַהאַם, ברוקלין, נ. י.).

געבען מיט התלהבות

אויף ואלה פקודי המשכן משכן העדות... „און דאָס זענען די איבערציילונגען פונ׳ם משכן, דעם משכן פון עדות״, זאָגט דער מדרש רבה:

„משה איז אַריינגעגאַנגען צו בצלאל׳ן האָט ער געזען, אַז ס׳איז געבליבען פונ׳ם משכן, האָט משה געזאָגט פאַר הקב״ה: וואָס זאָל מען טאָן מיט׳ן איבערגעבליבענעם? האָט אים השי״ת געענטפערט: גיי און מאַך דערפון אַ משכן העדות״, לך ועשו בהם משכן העדות.

האָט דערויף געפרעגט דער „חדושי הרי״ם״, זצ״ל, מיר געפינען דאָך אין ערגיץ נישט, אַז מ׳זאָל האָבען געמאַכט אַ „משכן העדות״? נאָר, האָט געענטפערט רבי יצחק מאיר, דער ערשטער גערער רבי, היות דער והותר, דאָס וואָס איז געבליבען איז דאָך אַ פועל יוצא פון דעם התלהבות פון די געבער, אַט די התלהבות מיט וועלכע אידען האָבען געגעבען אַזויפיל, אַז ס׳איז אַזש איבערגעבליבען, אין משכן העדות, איז אַן עדות פאַר דורות פון דער מדרגה און התרוממות פון אַט די נותנים. וד״ל.

כל הזהב העשוי למלאכה בכל מלאכת הקודש... האָט דערויף געזאָגט רבי יונתן איבעשיץ, זצ״ל: כל הזהב — דאָס גאַנצע געלט פון דער וועלט, העשוי — איז געמאַכט געוואָרען, למלאכה בכל מלאכת הקודש — מ׳זאָל עס נוצען פאַר הייליגע אַרבעט, פאַר אַ דבר טוב, פאַר תורה און יהדות.

ויקם משה את המשכן... כאשר צוה ה׳ את משה, „האָט משה אויפגעשטעלט דעם משכן... אַזוי ווי ג־ט האָט געבאָטען משה׳ן״ (מ׳, י״ח־י״ט). דאָ מיינט דער פסוק אָנצודייטען, אַז ווען משה האָט שוין געהאַט פאַרענדיגט אַזאַ גרויס ווערק, ויקם משה את המשכן, איז ער געווען ביי זיך אַזוי באַשיידען פונקט ווי ווען כאשר צוה ה׳ את משה, ווען השי״ת האָט אים ערשט געהאַט געבאָטען, ווען ס׳איז נאָך גאָר נישט געווען. ער איז נישט געוואָרען שטאָלץ ביי זיך מיט דער אָפּגעטוענער אַרבעט („בית יעקב״).

ולא יכול משה לבוא אל אהל מועד, כי שכן עליו הענן, „און משה האָט נישט געקענט אַריינגיין אין אהל מועד, ווייל דער וואָלקען האָט אויף אים גערוט״ (מ׳, ל״ה), האָט דערויף געזאָגט רבי יוסף שאול נאַטאַנזאָהן, זצ״ל, דער לעמבערגער רב, אַזאַ אָנדייטונג:

משה האָט נישט געקענט אַריינקומען אין אהל מועד, כי שכן ע ל י ו הענן, ווייל אויף א י ם, אויף משה׳ן, האָט גערוט דער וואָלקען, דאָס מיינט צו זאָגען, אַז כדי אַריינצוקומען אין אהל מועד טאָר מען נישט זיין קיין פאַרוואָלקענטער מיט אומעט, צי מיט צאָרן, מ׳דאַרף זיין בשמחה כדי אַריינצוקומען אין אהל מועד...

### אויפבויען און אויפשטעלען

**פונדעסטוועגן**, ווען ס'איז געקומען צום סוף לייע־נען מיר:

ויקם משה את המשכן (מ', י"ח), „משה האט אויפגעשטעלט דעם משכן".

נאכדעם ווי ס'האבן געארבעט ארכיטעקטען און בויער און קינסטלער, האט ערשט משה אויפגעשטעלט דעם משכן: ויקם משה את המשכן.

אויפבויען א משכן איז נאך ווייניג, מ'דארף נאך קענען אויפשטע־לען א משכן — אריינברענגען אין בנין נשמה, גייסט — און דאס האט בא־וויזען בלויז משה רבנו.

נישט קיין קונץ אויפצובויען שיינע בנינים, פרעכטיגע בילדינגס, וועל־כע זאלען בלייבען אויסגעליידיגט פון אידען, און אויסגעליידיגט פון תורה־אינהאלט; מען דארף קענען אויספילען דעם בנין מיט תורת משה, מיט אפ־היטען די מצוות, די דינים, די טראדיציע, — ערשט דעמאלט ווערט עס ג־ט'ס הויז. ערשט דעמאלט איז — ויקם משה את המשכן.

### בלויז וואלקענס טרייבען

**אזוי** קומען מיר צום סוף פון דער סדרה פקודי און צום סוף פון דעם ספר שמות, וואו מיר זענען דורכגעגאנגען שטורמישע תקופות, גלות מצרים, יציאת מצרים, קריעת ים סוף, מעמד הר סיני, קבלת התורה, מדבר־וואנדערונגען, משכן־אויפבוי — א פארבענרייכע גאלעריע פון געשעענישען און פאסירונגען — און מיר קומען צו צום סוף פונ'ם ספר, וואו ס'ווערט, אזוי צו זאגען, סימבאליזירט אין לעצטען סך־הכל די היסטארישע טענדענץ פון אידישע וואנדערונגען:

ובהעלות הענן... יסעו בני ישראל בכל מסעיהם — „און ווען אויפגע־גאנגען איז דער וואלקען... וואנדערן אידען אין אלע זייערע וואנדערונגען" (מ', ל'ו).

ואם לא יעלה הענן ולא יסעו... „און ווען דער וואלקען וועט נישט אויפ־גיין וועלען זיי נישט אוועקציען..."

דא האט איר, שויך, ביים סאמע אנהויב פון אונזער געשיכטע, דעם רמז פון דעם שפעטערדיגען גאנג פון אידישער היסטאריע, און פון אונזערע וואנדערונגען!

ובהעלות הענן... יסעו: ווען וואָלקענס באַווייזען זיך, ווען די נויט טרייבט, ווען רדיפות יאָגען — פאָרט מען, וואַנדערט מען, לויפט מען.

ואם לא יעלה הענן — ולא יסעו... ווען ס׳זענען נישטאָ קיין וואָלקענס, ווען ס׳איז רואיג, ווען אידען זיצען אין אַ לאַנד במנוחה, וואַנדערען זיי נישט. אפילו פון אַ מדבר נישט. אפילו פון אַ וויסטען מדבר האָט מען ערשט ווייטער געצויגען, נאָר ווען וואָלקענס האָבען זיך באַוויזען. ווען זיי האָבען זיך נישט באַוויזען. ואם לא יעלה הענן, איז מען נישט געפאָרען, ולא יסעו...

דאָ האָט איר די גאַנצע דיסקוסיע וועגען וואַנדערען און אויסוואַנדערען, וועגען עליה...

ווייטער ווערט געזאָגט:

כי ענן ה׳ על המשכן יומם, ואש תהיה לילה בו. „וואָרים דער וואָלקען פון ג־ט אויפן משכן איז געווען בייטאָג און אַ פייער ביינאַכט" (מ׳, ל"ח).

דערפון מען מען לערנען, אַז אפילו בייטאָג, ווען ס׳איז רו און שלום, דאַרף מען נישט פאַרזען די וואָלקנס: כי ענן ה׳... יומם. און ווידער ווען ס׳איז, חלילה, פינסטער, ווען ס׳ איז שלעכט, ווען ס׳איז נאַכט, דאַרף מען זען דאָס ליכט וואָס קומט: ואש תהיה לילה בו.

אין לעצטען אויסקלאַנג, אין פינאַל: לעיני כל בית ישראל בכל מסעי־הם. „פאַר די אויגען פונ׳ם גאַנצען הויז ישראל אין אַלע זייערע וואַנדערונגען". זאָגט דערויף רש"י: מקום חנייתם אף הוא קרא מסע, „דאָס אָרט וואו זיי רוען ווערט אויך אָנגערופען וואַנדערונג".

דאָס מיינט צו זאָגען, אַז אין אַלע וואַנדערונגען, אין אַלע גלות׳ן, דאַרף זיין — לעיני כל בית ישראל, דאַרף דערהאַלטען ווערען די אידישע אחדות, דאַרף זיין „פאַר די אויגען פונ׳ם גאַנצען הויז ישראל" דער זין פון די וואַנ־דערונגען, דער ציל וואוהין ס׳פירען די גלות־וועגען, דער בכל מסעיהם.

און אפילו ווען מ׳איז איינגעזעסען אין רו און זיכערקייט, מקום חנייתם, דאָס אָרט וואו מ׳רוט, ווי רש"י זאָגט, אף הוא קרא מסע, אויך דאָס דאָזיגע אָרט פון רו איז אַ טייל פון וואַנדערונג, וועלכעס פירט צו אַ ציל — צו היימקום.

דאָס שלוס־קאַפּיטעל פון פקודי, און פונ׳ם גאַנצען ספר שמות, ציט אונטער אַ סך הכל פונ׳ם אויפשטעלען דעם משכן. דאָס דאָזיגע קאַפּיטעל הויבט זיך אָן מיט „זאָלסט אויפשטעלען דעם משכן געצעלט פון איינזאַמלונג", תקים את משכן אהל מועד (מ׳, ב׳), און ענדיגט זיך מיט „פאַר די אויגען פונ׳ם גאַנצען הויז ישראל אין אַלע זייערע וואַנדערונגען", לעיני כל בית ישראל בכל מסעיהם (מ׳, ל"ח).

זעען מיר ווי דער משכן, ווי שפעטער דער בית המקדש, איז נישט קיין ענין פאַר זיך אַליין. זיין באַדייטונג, זיין עצם אויפגעשטעלט ווערען, איז בלויז אין שייכות מיט אידען. דאָס שפיגעלט זיך אָפּ אין דער הלכה, אַז דער אויפבוי פונ׳ם בית המקדש איז געבאָטען בלויז ווען די מערהייט אידען געפינט זיך אין ארץ ישראל (ספר החינוך).

דאָ האָבען מיר אויך אַ פסק הלכה פונ׳ם גאון פון פוילען, ר׳ יהושע׳לע קוטנער זצ״ל, וועגען דער „וואָג״, אַזוי צו זאָגען, פונ׳ם ישוב אין ארץ ישראל, אין באַציאונג צו אידען אין חוץ לארץ.

אין זיין ספר „ישועות מלכו״ (פּיעטריקאָוו, תרפ״ז, זייט 148) פרעגט, נעמליך, ר׳ יהושע׳לע קוטנער, ווי אַזוי האָט מען געמעגט אויפשטעלען דאָס בית שני, עס זענען דאָך דעמאָלט צוריקגעקומען קיין ארץ ישראל בלויז 40 טויזענט אידען, איז דאָך דער רוב פון אידען געווען אין חוץ לארץ און נישט אין ארץ ישראל, ווי אַזוי־זשע האָט מען געמעגט אויפשטעלען אַ בית המקדש, דער דין איז דאָך, אַז דאָס מעג מען בלויז ווען דער רוב אידען געפינט זיך אין ארץ ישראל?

ענטפערט דער קוטנער רב: היות די גמרא זאָגט, אַז ווען איינער האָט אַ זכיה, צוליב גוטע מעשים, און דער אַנדערער נישט „נעמט דער זיין חלק און דאָס חלק פונ׳ם אַנדערען״ (זכה נוטל חלקו וחלק חברו. — חגיגה), לויט דעם קומט אויס, אַז אין דער צייט פון עזרא ונחמיה האָבען די אידען, וואָס האָבען עולה געווען, געוואונען דערמיט דאָס רעכט אויך פון די, וואָס האָבען נישט עולה געווען.

דעריבער האָבען די אידען אין ארץ ישראל געגאָלטען גלייך ווי דער רוב פון אַלע אידען און עס איז אָנגעגאַנגען דער דין פון רוב ישראל יושבים על אדמתם. דעריבער האָבען די 40 טויזענט אידען אויפגעשטעלט דעם בית המקדש.

אַזוי פיל דער „ישועות מלכו״. קומט אויס, אַז וויפיל אידען עס זאָלען נישט זיין אין ארץ ישראל, און ווי קליין זייער פּראָצענט־זאַץ זאָל נישט זיין לגבי דעם כלל ישראל, האָבען זיי דעם דין, און דאָס רעכט, פון רוב ישראל. ווייל זיי טראָגען דעם עול פון ארץ ישראל, געניסען זיי פונ׳ם באַזיץ־רעכט אויף ארץ ישראל אויך פון יענע אידען, וואָס זענען נישט עולה.

## די אינדיווידואַליטעט פון עבד ה׳

(לויט רבי שמשון רפאל הירש, זצ״ל)

**ויּרא** משה את כל המלאכה והנה עשו אותה כאשר צוה ה׳ כן עשו, ויברך אותם משה — „און משה האָט געזען די גאַנצע אַרבעט, אַז זיי האָבען זיי געמאַכט; אַזוי ווי ג־ט האָט זיי באַפוילען, אַזוי האָבען זיי געמאַכט און משה האָט זיי געבענשט (ל״ט, מ״ג).

מיר וועלען דאָ איבערגעבען אַן אויסטייטש לויט ר׳ שמשון רפאל הירש, זצ״ל. אָבער קודם דאַרפען געזאָגט ווערען עטליכע ווערטער וועגען דער מע־טאָדע פון זיין אָריגינעלען פירוש אויף תורה. מיט וואָס איז זיין פירוש אָרי־גינעל און אַזוי באַלייכטענדיג?

מיט פאָלגענדע אייגענשאַפטען:

א. גרינטליכע פ י ל אָ ל אָ ג י ש ע אַנאַליזע, אויך באַזירט אויף ענליכע באַדייטונגען און אויסטויש פון אותיות און באַטרעפענדע ווערטער.

ב. פ ס י כ אָ ל אָ ג י ש אַריינדרינגען אין די טיפענישען פון די חומש־פערזענליכקייטען, אין זייער טראַכטען און טאָן, אין זייערע מאָטיווען און צילען.

ג. אויסטייטשען די תורה טאַקע מיט גאָר ברייטען פאַרנעם, אָבער פון דער תורה גופא, פון א י נ ע ו ו י י נ י ג, און נישט פון אויסערליכע אָבסער־וואַציעס און נישט פון פרעמדען קוק.

ד. נישט קיין צופעליג דרש׳ענען מיט געלונגענע איינפאַלען, און נישט קיין עפיזאָדישע אויסטייטשען לויט „ווי עס קומט אויפ׳ן געדאַנק״, נאָר אַ שלימות׳דיגע, אויסגעבויטע, אויסגעהאַלטענע און איינהייטליכע ש י ט ה.

ה. די דאָזיגע שיטה איז אויסגעדריקט נישט בלויז אין פירוש אויף ת ו ר ה, נאָר אויך אין פירוש אויפ׳ן לעבען — וואָס ביי הירש׳ן איז עס איינס און דאָס זעלבע.

ו. דאָס פ אַ ר ש ט י י ן דעם אמת׳ן פשט פון תורה איז געווען זיין ציל, און נישט אויפטאָן טרעפליכע חידושים.

ז. דאָס מפרש זיין תורה, וואָס איז אַ הויכע שליחות פאַר זיך גופא, איז אָבער געווען פאַר הירש׳ן אויך אַ מיטעל צו פ אַ ר ו ו י ר ק ל י כ ע ן תורה לויט זיין שיטה. ער האָט געהאַלטען, אַז תורה קען און מוז פאַרווירק־ליכט ווערען אין אַלע באַדינגונגען און אין אַלע תקופות. אין פרימיטיווע באַ־דינגונגען, ווי אין אַ העכסט־אַנטוויקעלטער געזעלשאַפטליכער סטרוקטור, אין מאָדערנסטען סאָציאַלען, טעכנישען און וויסענשאַפטליכען פאָרשריט.

דאָס אַלץ האָט ר׳ שמשון רפאל הירש געלערנט אין זיין פירוש אויף תורה, נאָך מער ווי אין זיינע דירעקטע שריפטען און ווענדונגען.

איצט צו הירש׳ס פירוש אויפ׳ן געבראַכטען פסוק:

ווען משה האָט דורכגעפירט זיין איבערבליק איבער׳ן ג אַ נ צ ע ן ווערק, האָט ער געזען צוויי דערשיינונגען, וואָס זענען אין פלוג סתירה׳דיגע איינע צו דער אַנדערער.

איינס: ע ש ו אותה — „ז י י האָבען עס געמאַכט״. אין יעדען פרט פון דער אַרבעט פאַר׳ן משכן האָט זיך אויסגעדריקט זייער גאַנצע פ ע ר - ז ע נ ל י כ ק י י ט. אַלע זייערע טאַלאַנטען, אַלע זייער׳ע אַנשטרענגונגען, זייער גאַנצע נשמה, האָבען זיי אַריינגעלייגט אין אָט דער הייליגער אַרבעט.

צוויי, כאשר צוה ה׳ כן עשו — ווי ג־ט האָט געבאָטען האָבען זיי געטאָן, כדי מקיים צו זיין דעם געטליכען געבאָט. זיי האָבען טאַקע אויפגעבראַכט זייער גאַנצע אינדיווידועלע טעטיגקייט, אָבער זיי האָבען זיך נישט איבערגענומען, נישט מיט זייערע טאַלאַנטען און נישט מיט זייערע דערגרייכונגען. ווייל זייער אינדיווידועלע פערזענליכקייט איז געשטעלט געוואָרען אינגאַנצען אין דינסט פון געטליכקייט. אַזוי לערנט רש״ר הירש.

ווען מיר זעען היינט ווי דער מענש פליט אין די הימלען, דערגרייכט אומגעהויערן פראָגרעס אין טעכנישען דערפינדונגען און וויסענשאַפטליכע דערגרייכונגען, און דערביי שאָטענט איבער דעם אומגעהויערן פאָרשריט דאָס געשפענסט פון אומקום דורך די זעלבע דערגרייכונגען — איז עס דערפאַר, ווייל די כוחות פון דער נאַטור און די כוהנת פונ׳ם מענש האָבען זיך אויפגעהויבען איבער מ אָ ר אַ ל י ש ע געזעצען.

ר׳ שמשון רפאל הירש דריקט אויס דעם דאָזיגען געדאַנק אין זיין אייגענאַרטיגער פאָרמולירונג, אין וועלכער ער איז געווען דער אומפאַרגלייכליכער מייסטער:

„כאשר צוה ה׳ כן עשו. דאָס דאָזיגע פרייע געהאָרכען — דאָס ג ע - ה אָ ר כ ע ן אין פרייהייט און די פ ר י י ה י י ט אין געהאָרכען — ביי וועלכען די מענשליכע פערזענליכקייט געפינט איר שלימות גראָד אין אונטער־אָרדענען זיך דעם געטליכען ווילען, אָט דאָס איז די העכסטע דערגרייכונג פונ׳ם מענש, די דערגרייכונג צו זיין אַן עבד ה׳״.

רש״ר הירש האָט אין אויסטייטש פון ג־ט׳ס וואָרט אויסגעבויט אַ שיטה פון פאַרשטיין תורה, און פון פאַרווירקליכען תורה אין אַלע באַדינגונגען און אין אַלע תקופות און לענדער. זיין פירוש אויף תורה איז היינט פונקט אַזוי לייכטענדיג און לעבעדיג ווי זיין שיטה פון פאַרווירקליכען תורה.

בויען אַ בנין און בויען נשמות

אין דער הפטרה צו פקודי אין מלכים א׳ לייענען מיר ווי אַזוי שלמה המלך האָט גערימט זיין פאָטער דוד המלך, ווי ג־ט האָט וועגען אים געזאָגט:

ואבחר בדוד להיות על עמי ישראל, „און איך האָב אויסגעקליבען דוד׳ן צו זיין איבער מיין פאָלק ישראל״. און וויטער: ויהי עם לבב דוד אבי לבנות בית לשם ה׳ אלוקי ישראל. ויאמר ה׳ אל דוד אבי יען אשר היה עם לבבך לבנות בית לשמי הטיבות כי היה עם לבבך. „און ס׳איז געווען אין האַרצען פון מיין פאָטער דוד צו בויען אַ הויז צום נאָמען פון ה׳ דעם ג־ט פון ישראל. און ג־ט האָט געזאָגט צו מיין פאָטער דוד: אַזוי ווי דו האָסט געהאַט אין האַרצען צו בויען אַ הויז צו מיין נאָמען האָסטו גוט געטאָן וואָס דו האָסט געהאַט אין דיין האַרצען״. (מלכים א׳, ח׳, י״ז—י״ח). איז וואָס?

וואָס איז דער רעזולטאַט פון דעם אַלעמען?

רק אתה ל א תבנה הבית . . . „אָבער דו וועסט נ י ש ט בויען דאָס הויז . . . ״.

איז ד אָ ס דער אויספיר פון די אַלע מעשים טובים פון דוד המלך? איז דאָס די מסקנה פון דעם וואָס מיר האָבען ערשט געהערט וועגען אים? ווי השי״ת האָט אים געלויבט הטיבות, דו האָסט גוט געטאָן? איז דאָס דער לוין פאַר דוד׳ן און זיין ג־ט־דינען?

יאָ — ווען איר לייענט די צווייטע העלפט פונ׳ם פסוק: כי אם בנך היוצא מחלציך, הוא יבנה הבית לשמי. „נאָר דיין זון וואָס גייט אַרויס פון דיינע לענדען, ער וועט בויען דאָס הויז צו מיין נאָמען״.

דערמיט האָט ג־ט געזאָגט צו דוד׳ן: דו וועסט טאַקי נישט בויען קיין בית המקדש, אָבער פאַר דיר וואַרט נאָך אַ גרעסערער שכר:

ד ו  ו ו ע ס ט  ב ו י ע ן  אַ  ז ו ן  אַ  ב י ת ־ ה מ ק ד ש ־ ב ו י ע ר !

השי״ת האָט אים געגעבען דעם גרעסטען לוין: הצלחה אין ח נ ו ך.

(פסק׳ענט דאָך די הלכה, אַז אין מבטלין תנוקות של בית רבן אפילו לבנין בית המקדש).



# תוכן הענינים

## יתרו צח—קיב

נישטאָ קיין קבלת התורה אָן חנוך. — משה רבנו׳ס איינזאַמקייט צווישן פאָלק. — די ברכה און די מדה פון דערהערן. — ווי נידריג דער באַרג ווען אויף אים שטייט משה! — קבלת התורה איז אַ פערמאַנענטער אַקט. — וואָלט מען היינט געפרעגט צי אידן ווילן מקבל זיין די תורה.

## משפטים קיג—קכח

תורה איז ניט „טעאָריע" נאָר פראַקטיק. — אַזוי זענען אַוועקגעלייגט געוואָרן די פונדאַמענטן. — איין גאַנצקייט. — פרייהייט איז אַ פליכט. — וואָס מיינט מחדש זיין אין תורה? — גערעכטיגקייט אַלס צווייטע נאַטור. — „און וואו איז יושר?" — חוקים און משפטים. — פייער פון מחלוקת. — געדאַנקען־בליצען. — ארץ ישראל איז ווי מ׳גרייט זיך. — דער דין און זין פון עיין תחת עיין (פון הרב קלמן כהנא, שליט״א). — צו פרשת שקלים.

## תרומה קכט—קמח

תורה דאַרף וואַקסען אויף אַ נאַטירליכען אופן. — די אַרכיטעקטור פון ג־ט׳ס הויז. — גיבענדיג נעמט מען. — אַ איד איז אַן ארון קודש (פון האדמו״ר ר׳ יעקב פרידמאַן, זצ״ל, פון הושיאַטין). — שלמה המלכ׳ס שטאַטסמענערישע חכמה. — וואו טרעפט זיך אַ איד מיט ג־ט? — דערהויבונג דורך געבען. — אַ אידיש הויז — אַ הייליג הויז (פון רבי שמשון רפאל הירש, זצ״ל). — תורה איז נישט אָפהענגיג פון אָרט. — משה רבנו׳ס עניוות.

## תצוה קמט—קסא

מ׳דאַרף אויך ליכט אויפ׳ן חורבן. — דאָס אָנצינדען די מנורה אין בית המקדש פון אידישע נשמות. — אַזוי צינדען, אַז דער פלאַם זאָל אויפגיין אַליין. — מענשליכע ווערטער און עטישע געבאָטען. — ליכט און גאַנצקייט. — דערהויבען אָבער צווישען אידען. — אַ געשריי אָן קולות.

## כי תשא קסב—קפח

נישט אויסגעשטרעקטע הענט נאָר מיט געהויבענעם קאָפּ. — דאָס בעסטע לערנען איז דורך מעשים. — פינף למודים פונ׳ם חטא העגל. — משה איז נישט מוותר אויף כלל ישראל. — אַ מנהיג איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר׳ן פיזישען קיום פון פאָלק. — חכמה, תבונה, דעת, מלאכה. — בנין הארץ לויט׳ן רמב״ן (פון האדמו״ר ר׳ יעקב פרידמאַן, זצ״ל, הושיאַטינער רבי). — אַן ערליכער צווישען נישט־ערליכע. — משה׳ס שטראַלען איז געקומען פון זיין אַראָפּגיין צום פאָלק. — ווער קען מטהר זיין? — וואָס איז קדוש השם? — מקיים זיין מצוות און נישט „פאַרשען" מצוות איז דער עיקר. — די ויחל־תפילה (פון הגאון ר׳ יוסף דוב סאָלאָווייטשיק, שליט״א). — דער גדול אין רשות היחיד און אין רשות הרבים (פון הגאון ר׳ יוסף דוב סאָלאָווייטשיק, שליט״א).

## ויקהל קפט—רז

דער בית המקדש איז געווענדעט אין אידען. — איינזאַמלען אידען איז יסוד פון בית המקדש. — שבת איז נישט קיין פּריוואַטער ענין. — שבת פאַראייניגט אידען צו אַ פאָלק (לויט׳ן „שפת אמת״). — קלוגשאַפט פון מח און קלוגשאַפט פון האַרץ. — אופנים פון געבן. — הייליגקייט אין טאָן און אין נישט־טאָן. — אָן „אַפּיל״ נישט צו געבען. — געדאַנקען־בליצען. — דערציען מיט האַרץ. — נדבנות. — איין גייסט און הייליגער אַרבעט. — דער זין פון משכן, ארון, שולחן און מנורה (פון הגאון ר׳ יוסף דוב סאָלאָווייטשיק, שליט״א).

## פקודי רח—רכ

גרויסקייט אין קליינינקייטען. — פאַראייניגען, געבען, לערנען. — ווען וואָלקענס גייען אויף. — די וואָס באַשמוצען דאָס ריינסטע. — תוכן פון משכן. — ערליכקייט מיט קהל׳שע געלטער. — התלהבות אין געבען. — אויפבויען און אויפשטעלען. — וואָלקענס טרייבען. — די אינדיווידואַליטעט פון עבד ה׳ (לויט רבי שמשון רפאל הירש, זצ״ל). — בויען אַ בנין און בויען נשמות.



# ביכער פון דר. הלל זיידמאַן:

1. מיט'ן וועג פון תורה אין פוילען (פויליש). וואַרשע 1937
2. דער אמת וועגען כשר'ער שחיטה (פויליש). וואַרשע 1936
3. די שבועה לויט'ן אידישען דין (פויליש). וואַרשע 1936
4. דער חלום וועגען אידישער מלוכה (פויליש). לעמבערג 1936
5. געשיכטע ווון וואַרשעווער קהלה (פויליש). וואַרשע 1939
6. די בית יעקב באַוועגונג (פויליש). לאָדזש 1938
7. דאָס רעליגיעזע שול־וועזען (אידיש). וואַרשע 1938
8. יומן גיטו ורשה. תל-אביב 1946, ניו יורק 1953
9. טאָגבוך פון געטאָ וואַרשע. בוענאס איירעס 1747
10. ישיבות באיירופה (עברית). ניו יורק 1956
11. אגודת ישראל ורעיון המדינה (עברית). ירושלים 1962
12. אישים בחכמת ישראל (רבי חיים הלר, פרופסור מאיר באלאבאן, ד"ר יצחק ברויאר, הרב ד"ר יחזקאל עפשטיין, הרב ד"ר עזרא מונק, ד"ר שמעון רבידוביץ רבי שמשון רפאל הירש, ד"ר יצחק שיפר, מתתיהו מיזס ועוד). עברית. ירושלים 1962
13. מחקרים בתולדות גולה וארץ (עברית). ירושלים 1963
14. צו דער געשיכטע פון דער וואַרשעווער קהלה (אידיש). ניו יארק 1964
15. A Movement and a Man, New York, 1963 (ענגליש)
16. Germany — The Deadly Menace (to be published)
17. די סדרה פון דער וואָך, ערשטער באַנד (אידיש). ניו יארק 1964
18. The Festival of Joy, N. Y. 1965